ס. זשוקאָווסקי

# פּרוּוונ

ISBN: 0-657-11375-1







אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג

ס. זשוקאָווסקי

# פּרוון

א זאמלונג קאָנקרעטע קריטיק

רעדאגירט — מ. לעוויטאן.

מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָ־
נאלע מינדערהײַטן אין אוסר״ר

כארקאָוו 1934 קיִעוו

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער ־ אי.
סודארסקי, טעכנישער רעדאקטער כ. ליומ־
קיס, קאָרעקטער אי. שטולמאנ. הויפּט־
ליט 4280 שטאָטליט 554. באשט. 3844,
טיראזש 1200 עקז. פּאפּיר 82X110 קג 32°
140 ט. ב. אינ א פּאפּיר־בויגנ. איבערגע־
געבנ צומ זאצ 22|V 1934. אונטערגע־
שריבנ צומ דרוק 30|VII 1934, געדרוקט
אינ מעלוכע־דרוקעריַ בערדיטשעוו.

געווידמעט מײַן געליבטער טאָכטער —
לאסינקע.

# פאָרוואָרט.

אינ דער פערזאָנ פונעמ יונג (שרעקלעכ יונג) פארשטאָרבענעמ סיאָמע זשוקאָווסקינ האָט די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור פארלוירנ א באגאבטנ מארקסיסטישנ קריטיקער אונ ליטעראטור־פאָרשער. ער האָט נאָכ ניט באוויזנ אזויפיל צו געבנ אפנ געביט פונ ליטעראטור־קריטיק אונ ליטעראטור־קענטעניש, אפ וועלכנ ער האָט געארבעט די לעצטע דרײַ יאָר (סאכאקל דרײַ יאָר!) פונ זײַנ קורצ לעבנ, ווי ער האָט באוויזנ, אז ער פארמאָגט זייער פיל צו געבנ, אונ ער וואָלט טאקע מיט דער צײַט אסאכ אופגעטאָנ, ווענ דער טויט שנײַדט אימ ניט ארויס אזא יונגנ אונ אזוי אומדערווארט פאר אלעמענ פונ אונדזערע רייענ.

זשוקאָווסקי איז געקומענ צו דער ליטעראטור־קריטיק אונ ליטעראטור־קענטעניש באוואָפנט אינ א גאנצ בארײַטנדיקער מאָס מיט דער מארקס־לענינישער טעאָריע. ער איז געקומענ מיט א סאָלידנ באגאזש אלגעמיינע בילדונג, מיט א היפשנ סטאזש סאָוועטיש־געזעלשאפטלעכע אונ פארטייִשע ארבעט, מיט א רעוואָליוציאָנערנ טעמפעראמענט, מיט אנ אנטוויקלטנ געפיל פונ פארטייִשער פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער ארבעט, מיט וועלכער ער פארנעמט זיכ, — מיט איינ וואָרט, ער האָט פארמאָגט די אלע אייגנשאפטנ, וואָס זײַנענ אומבאדינגט נייטיק פאר א מארקס־לענינישנ טוער אונ קעמפער אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט.

זשוקאָווסקי האָט זייער פיל קויכעס אָפגעגעבנ אפ צו באהערשנ אינ דער פאָרשונג־אַרבעט דעמ מעטאָד פונעמ דיִאלעקטישנ מאטעראליזמ. ער האָט זייער פלײַסיק אונ ערנסט געארבעט איבער די ווערק פונ מארקסנ, ענגעלסנ, לענינענ אונ סטאלינענ, אינ וועלכע דער דיִאלעקטישער מאטעריאליזמ האָט געפונענ די גענִיאלסטע טעאָרעטישע פאָרמולירונג, אונ וועלכע האָבנ געגעבנ די גלענצנדיקסטע מוסטערנ, וויִאזוי פראקטיש אָנצוווענדנ אימ.

דאָס לערנענ דעמ דיִאלעקטישנ מאטעריאליזמ איז בא זשוקאָווסקינ באשטאנענ ניט אינ אויסכאזערנ אפ אויסווייניק די ווערק פונ די שעפערס פונעמ מארקסיזמ־לעניניזמ.

זשוקאָווסקי האָט זיכ ניט געשניטנ אפ דעמ טיפ מארקסיסטישע לאמדאָנימ (איכ קאָנ ניט געפינענ קיינ אדעקוואט וואָרט אפ ייִדיש פארנ רוסישנ וואָרט «Начетчики»), וועלכע ווייסנ גוט, וואָס מארקס, ענגעלס, לענינ אונ סטאלינ האָבנ געזאָגט וועגנ דער אָדער יענער פראגע, בא דער אָדער יענער געלעגנהײַט אונ קענענ ברענגענ די געהעריקע ציטאטעס פונ זייערע ווערק, וועלכע זײַנענ אָבער אומפייִק זעלבשטענדיק צו אָפערירנ מיטנ מעטאָד פונעמ דיִאלעקטישנ מאטעריאליזמ, וועלכע זײַנענ מאמעש אומבאהאָלפנ, ווענ זיי האָבנ צו טונ מיט אזוינע קאָנקרעטע פאקטנ אונ דערשײַנונגענ, וואָס זײַנענ ניט באהאנדלט געוואָרנ אינ די ווערק פונ מארקסנ, ענגעלסנ, לענינענ אינ סטאלינענ.

זשוקאָווסקי האָט פריִער פאר אלצ געשטרעבט צו באהערשנ דעמ *מעטאָד*, מיט וועלכנ די שעפערס פונעמ מארקסיזמ־לעניניזמ גייענ צו צו די קאָנקרעטע דערשײַנונגענ אונ פאקטנ פונ דער נאטור אונ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, ער האָט פארשטאנענ, אז גאָר בא אָט דעמ באדינג וועט ער קאָנענ אקטיוו אָנטיילנעמענ אינ דער קאָלעק־

טיווער ארבעט פון פארשפרייטן די מארקס־לעניניש לערע אפ אלץ נײַע און נײַע געביטן פון דער וויסנשאפט, וועט ער קאָנען זײַן נוצלעך אין דער ארבעט פון אָנווענדן די מארקס־לעניניש לערע צו די נײַע פאקטן און דערשײַנונגען פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן, צו די נײַע קלאסן־פארהעלטענישן, פון סטימולירן דורך איר נײַע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפטלעכער פאָרשונג.

זשוקאָווסקי האָט גאנץ גוט פארשטאנען, אז דער דיאַלעקטישער מאטעריאליזם, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט דער קאָנקרעטקײַט און היסטאָרישקײַט פון זײַן צוגאנג, איז ניט קיין צו־בער־שטעקעלע, וואָס צעקלאפט אָן שום מי און אָנשטרענגונג די שטארקסטע שלעסער און עפנט אוף די פארבאָרגנסטע הײלן פון דער נאטור, פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן און פון דער וויכנשאפט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן א קלאָרע רעכענונג אין דעם, אז דער דיאַלעקטישער מאטעריאליזם גיט ניט קיין *פארטיקע רעצעפטן*, וויאַזוי צו אָריענטירן זיך אין נײַע באדינגונגען, וויאַזוי צו באנעמען נײַע פאקטן און דערשײַנונגען, אז באַם דיאַלעקטישן מאטעריאליזם זײַנען ניט פאראן קיין *פארטיקע ענטפערס* אפ די נײַע פראָבלעמעס, וואָס קומען אוף אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן און אין דער וויסנשאפטלעכער פאָרשונג. ער האָט געוווּסט, אז יעטווידער נײַער ניצאָכן און דערגרייכונג פונעם דיאַלעקטישן מאטעריאליזם, יעטווידע דעראָבערונג פון נײַע געביטן דורך דער מארקס־לענינישער פילאָסאָפיע קאָסט גרויסע שעפערישע מי און אָנשטרענגונג (מיט א גוטן זיקאָרן אליין וועט מען דאָ גאָרנישט ניט מאכן), אז נײַע ניצחוינעס קאָן אָפּהאלטן פארן דיאַלעקטישן מאטעריאליזם נאָר יענער פאָרשער, וואָס פילט זיך ניט מיטן מעטאָד פונעם דיאַלעקטישן מאטעריאליזם, מיט דער הילף פון אָט דעם פּראָזשעקטער דורכצוארבעטן א גרויסן קאָנקרעטן און פאקטישן מאטעריאל, צו באהערשן אלזײַטיק און פולשטענדיק די ביז־איצטיקע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאפט אפ דעם געביט, אין וועלכן מע פרוווט זיך דעראָבערן נײַע „טראָפּייען" פארן דיאַלעקטישן מאטעריאליזם.

ווען זשוקאָווסקי האָט באשלאָסן אויסצוקלײַבן פאר זיך אלס לעבן־באַרוף די ליטעראטור־קריטיק און די ליטעראטור־פאָרשונג און אפ דעם פראָנט אָנטייל צו נעמען אינעם קאמף פאר נײַע ניצחוינעס פון דער מארקס־לענינישער וויסנשאפט, האָט ער, פאָרזעצנדיק דאָס שטודירן (דאָס אלץ מער און מער פארטיפערטע שטודירן) די *מארקס־לענינישע טעאָריע* (און ספעציעל די ארויסזאָגונגען פון די שעפערס פונעם מארקסיזם־לעניניזם וועגן די פראגעס פון קונסט) און דאָס אקטיווע אָנטיילנעמען אינעם פארטייאישן און אינעם סאָוועטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן, זיך גענומען מיט גרויס פלײַס שטודירן אלץ, וואָס האָט א שײַכעס צום ליטעראטור־געביט, צו וועלכן ער האָט זיך אָפּגעגעבן, צו דערלערנען די ספעציפיק פון אָט דעם וויסנשאפט־צווײַג. ער האָט פלײַסיק געשטודירט די קינסטלערישע ליטעראטור פון פארשיידענע עפּאָכעס, אפ פארשיידענע שפּראכן, דעם אזויגערופענעם רוישטאָפּ פון דער ליטעראטור־קריטיק און ליטעראטור־קענטעניש, ווי אויך די וויכטיקסטע ווערק (פון מארקסיסטן און ניט־מארקסיסטן) אפן געביט פון ליטעראטור־קענטעניש און ליטעראטור־קריטיק.

זשוקאָווסקי איז, פארשטייט זיך, נאָך געווען גאנץ ווײַט, אפילע זייער ווײַט פון באַהערשן פולשטענדיק דאָס קאָלאָסאלע געביט פון ליטעראטור־קענטעניש. ער האָט דאָ נאָך געהאלטן אינעם רעכטן ברעג פונעם שילערישן פעריאָד. די שילערישקײַט פילט זיך גאנץ אָפט אין זײַנע ליטעראריש־קריטישע ארטיקלען. ס׳האָט אָבער קיין סאָפעק ניט געקאָנט זײַן, אז דיראָזיקע שילערישקײַט וואָלט לאנג ניט געדויערט, און ס׳וואָלט אינגיכן אָנגע־

קומען דער פעריאָד פון סיאָמע זשוקאָווסקיס פולער רייפקייט, אלס ליטעראטור־קריטיקער און ליטעראטור־פאָרשער.

זשוקאָווסקי האָט ניט אויסגעמיטן קיין אויסגליטשונגען אין פראט פון אָנווענדן דעם דיאלעקטישן מאטעריאליזם צום ליטעראטור־געביט. עס זיינען בא אים געווען אי אידעאליסטישע און פאָרמאליסטישע פעלערן, אי מעכאניסטישע, דערין אויך ביאָלאָגיזאציע פון סאָציאַלע דערשיינונגען*); עס זיינען געווען אין זיינע ארטיקלען אי עלעמענטן פון רעכטן אָפּאָרטוניזם, אי „לינקאטשישע" קנייטשן. סיאָמע זשוקאָווסקיס מיילע איז אָבער באשטאנען דערין, וואָס ער האָט זיך ניט געשעמט צו אנערקענען זיינע פעלערן, ווען מע פלעגט אים אָנווייזן אף זיי. ער האָט אין דעם הינזיכט ניט ארויסגעוויזן קיין איינגעשפארטקייט, און די געמאכטע פעלערן האָבן אים נאָר געטריבן נאָך מער צו פארטיפן זיך אינעם שטודירן די מארקס־לענינישע טעאָריע, קעדיי אף ווייטער אויסצומיידן אזעלכע אויסגליטשונגען. און מיר האָבן טאקע געזען, אז אין די ארטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן אין דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן, האָבן זיך די אויבנדערמאָנטע פעלערן געלוזט פילן אסאך ווייניקער.

גערענקענדיק דעם לענינישן טעזיס, אז די פראָלעטארישע קונסט ביכלאל און די קינסטלערישע ליטעראטור ביפראט דארף זיין פארטייאיש, און אז דערדאָזיקער טעזיס האָט זעלבסטפארשטענדלעך, דאָס גרעסטע שייכעס אויך צו דער ליטעראטור־קענטעניש, האָט זשוקאָווסקי געשטרעבט אָנצוזאפן מיט אָט דער לענינישער פארטייאישקייט אלע זיינע ליטערארישע־קריטישע און ליטערארישע־פאָרשערישע ארבעטן. פון יעדער שורע פון זשוקאָווסקיס ארטיקלען פילט זיך, אז מיט אייך רעדט א פארטייער, וואָס לאָזט קיין מינוט ניט ארויס פון אויג דעם קאָמוניסטישן ענדציל, פאר וועלכן ס'קעמפט אונדזער פארטיי, און די קאָנקרעטע אופגאבעס פונעם סאָציאליסטישן קאמפ פון דער סאָציאליסטישער בויונג. פאר אים איז די ארבעט אפן געביט פון ליטעראטור־קריטיק ניט געווען א מין אוועקגייט פון דעם אָנגעשטרענגטן קלאסנקאמפ, וואָס עס פירט דער פראָלעטאריאט אונטערן אָנפיר פון זיין באָלשעוויסטישער פארטיי, נאָר ער האָט געקוקט דערויף ווי אף אן ארענע, ווי אף א פראָנט, ווו ער זעצט פאָר, פארשטייט זיך מיט די אנטשפרעכיקע מיטלען, דעם קאמפ פאר דער גענעראלער ליניע פון דער פארטיי. וויסנשאפטלעכע אָביעקטיווקייט און לענינישע פארטייאישקייט זיינען פאר אים ניט געווען קיין צוויי קעגנזעצלעכע באגריפן, וואָס שליסן אויס איינער דעם אנדערן.

זשוקאָווסקי איז געווען טיף איבערצייגט, אז דער פראָלעטאריאט איז דער איינציקער קלאס, וואָס זיינע קלאסן־אינטערעסן גיסן זיך צונויף מיט די אינטערעסן פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון דער מענטשהייט, און דערום איז זיין קלאסווע וועלטאָנשויונג—

---

*) באזונדערס בוילעט האָבן זיך די פאָרמאליסטישע פעלערן ארויסגעוויזן אינעם ארטיקל „צו שווארצמאנס יאָרצייט", וואָס איז געווען געדרוקט אין 1929 יאָר. רעשטלעך פון פעריעווערזעווטשינע לאָזן זיך פילן אין דער טעאָריע וועגן „אוטאָגענע" געשטאלטן, וואָס דער אויטער פאָרמולירט זי אינעם „מעטאָדישן ארייַנפיר" און פרווט זי אָנווענדן באם קאָנקרעטן אנאליז פון אראָנסקיס „נינע און מאיאָרטשיק" און אָרלאנדס „הרעבליעס". א מין אָפּגרעפּץ פון א ביאָלאָגישן צוגאנג צו סאָציאלע דערשיינונגען האָבן מיר געהאט אין דער ביאָלאָגישער טערמינאָלאָגיע (אשטייגער, „אימפרעסיאָניסטישע רעפלעקסן", „סטילן, אלס ביאָלאָגישע מינימ", „דרויסנדיקע אופרעגערס"), וואָס זשוקאָווסקי פלעגט באנוצן באם כאראקטעריזירן ליטערארישע דערשיינונגען.

דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזמ, די מאַרקס־לענינישע לערע — די אײנציקע, װעלכע שפּיגלט אָפּ ריכטיק די אָביעקטיװע װירקלעכקײַט, װי זי איז; אַז אונדזער באָלשעװיסטישע פּאַרטײִשקײַט איז די העכסטע פאָרמ פונ אָביעקטיװקײַט; אַז װאָס מער די אָדער יענע אידעאָלאָגיע דערנעענטערט זיכ צו דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע, װי זי איז פאָרמולירט דורכ דער מאַרקס־לענינישער לערע, אַלצ נעענטער איז זי צומ אָביעקטיװנ עמעס. פונ אָט דער טיפער איבערצײַגטקײַט, אַז די לענינישע פּאַרטײִשקײַט איז דער דיאַלעקטישער אױסדרוק פונ אָביעקטיװקײַט, נעמט זיכ בײַ זשוקאָװסקינ זײַנ באַגײַסטערטקײַט, אױב מע קאָנ זיכ אַזױ אױסדריקנ, פאַרנ דיאַלעקטישנ מאַטעריאַליזמ אונ דער פּאַרטײִשער פּאַטאָס, מיט װעלכנ ס׳איז אָנגעזאַפּט אַלצ, װאָס ער האָט געשריבנ װעגנ ליטעראַטור־פּראָצעס.

זשוקאָװסקי װײסט זײער גוט, אַז ליטעראַטור, װי יעטװידע אַנדערע אידעאָלאָגישע פאָרמ, איז ניט בלױז א מיטל (א קלאַסנװאָפּ, פאַרשטײט זיכ) צו דערקענענ דאָס לעבנ נאָר אױכ גלײַכצײַטיק א מיטל (אױכ א קלאַסנװאָפּ) צו ענדערנ דאָס לעבנ. אונ טאַקע דערפאַר װײַל סיאָמע זשוקאָװסקי האָט זיכ אָפּגעגעבנ א קלאָרע רעכענונג אינ דער ראָליע, װאָס די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור קאָנ אונ דאַרפ שפּילנ אינ אונדזער קאַמפּ פאַרנ סאָציאַליזמ, האָט ער זיכ אַזױ שטאַרק אינטערעסירט מיטנ „סאָציאָלאָגישנ עקװיװאַלענט״ פונ יעדנ װערק. גלײַכצײַטיק האָט ער אָבער געװוּסט, אַז די בעסטע אידעאָלאָגישע קאַװאָנעס בײַמ אױטער פונ א קונסט־װערק האָבנ א קנאַפּנ װערט, אױב זײ זײַנענ ניט אָנגעטאָנ אינ דער אַנטשפּרעכיקער קינסטלערישער פאָרמ. קעדײ די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור זאָל קאָנענ האָבנ די אידעאָלאָגישע װירקונג, װאָס מ׳ר פאַרלאַנגענ פונ איר, דאַרפ זי זײַנ קינסטלערישע ליטעראַטור אינ פולנ זינענ פונעמ װאָרט. דאַרפ זי פאַרמאָגנ די ספּעציפישע אײגנשאַפטנ פונ קונסט. סיאָמע זשוקאָװסקי באַנוגנט זיכ ניט דעריבער בלױז מיטנ אַנאַליזירנ דעמ אינהאַלט פונעמ װערק. אימ אינטערעסירט גלײַכצײַטיק אױכ, װיאַזױ דער דאָזיקער אינהאַלט איז קינסטלעריש פאַרקערפּערט.

———

דאָס פאָרליגנדיקע בוכ איז צוגעגרײט געװאָרנ צומ דרוק גופא פונעמ אױטער א פּאָר כאָדאָשימ פאַר זײַנ טױט. די אַרטיקלענ, װאָס גײענ אַרײַנ אינעמ בוכ, האָט דער אױטער אַלײנ אָפּגעקליבנ פונ דעמ, װאָס ער האָט אָנגעשריבנ אינ משך פונ דרײַ יאָר אַרבעט אױפנ געביט פונ ליטעראַטור־קריטיק.

דער באַדײַט פונ דעמ בוכ באַשטײט, ערשטנס, דערינ, װאָס דאָס איז א בוכ פונ קאָנקרעטער ליטעראַטור־קריטיק, א בוכ, אינ װעלכנ ס׳װערנ באַהאַנדלט קאָנקרעטע טיפּנ אונ געשטאַלטנ, די קונסט־מיטלענ פונ קאָנקרעטע װערק. אָט דער מינ קריטיק איז, צומ באַדױערנ, א זעלטענע זאַכ אינ דער ייִדישער סאָװעטישער ליטעראַטור (אַלנפאַלס אַזױ איז דאָס געװענ א פּאָר יאָר צוריק), אונ ניט בלױז אינ דער ייִדישער. אינעמ רעדאַקציע־אַרטיקל פונ „פּראַװדע״, װאָס איז געװענ געװידמעט דער באַשטימונג (פונעמ 23 אַפּרעל 1932) פונעמ צ״ק אַלקפּ״(ב) װעגנ ליקװידירנ דעמ „װאַפּפּ״, איז צװישנ אַנדערע גרױסע פעלערנ פונ דער װאַפּישער טעטיקײַט אונטערגעשטראַכט געװאָרנ די שװאַכע אַנטװיקלונג פונ קאָנקרעטער מאַרקסיסטישער קריטיק.

מיר װילנ דערמיט ניט זאָגנ, אַז אינ דער קאָנקרעטער קריטיק זאָל זשוקאָװסקינ שױנ אינגאַנצנ געלינגענ צו דערשלאָגנ זיכ, אַז דער אַנאַליז פונעמ אינהאַלט אונ דער אַנאַליז פונ דער פאָרמ זאָל בײַ אימ זײַנ אָרגאַניש פאַרבונדנ צװישנ זיכ. דאָ אונ דאָרט

לאָזן נאָך אמאָל גריסן רעשטלעך פון פֿלעכאנאָווס „צוויי אקטן״. דאָ און דאָרט טרעפֿט נאָך, אז דער אנאליז פון איין מאָמענט הויזט ניט אינגאנצן מיטן אנאליז פונעם צווייטן מאָמענט. ס׳לאָזט זיך נאָך אמאָל פילן אויך א מין אָפּגרעפּץ פונעם צוגאנג צו דער פאָרם, ווי צו אן „אימאנענטן״ מאָמענט. דאָס לעצטע, אשטייגער, האָט זיך באזונדערס געלאָזט פילן אין דעם אויבנדערמאנטן ארטיקל וועגן אָשער שווארצמאנען. דאָס פילט זיך אויך אין א געוויסער מאָס אין די ארטיקלען וועגן אלבערטאָנען און פערסאָווןן (וואָס גייען אריין אינעם פאָרליגנדיקן בוך), נעמלעך אין די ערטער, ווו ס׳רעדט זיך וועגן דער ווירקונג פון שאָלעם־אליינכעמען (בא אלבערטאָנען) און פון בערגעלסאָנען (בא אלבערטאָנען און פערסאָוון).

זשוקאָווסקי האָט אָבער, אָן שום ספק, געמאכט אָנשטרענגונגען צו באפרייען זיך פון אָט די פעלערן. די פראגע וועגן אָרגאניש פארבינדן אין דער קאָנקרעטער קריטיק דעם אנאליז פון דעם אינהאלט מיט דעם אנאליז פון דער פאָרם איז געשטאנען אין צענטער פון זיין אויפמערקזאמקייט. באנעמען אין איר גאנצער טיפקייט און קאָמפּליצירטקייט די פּראָבלעם וועגן דיאלעקטישער איינהייט פון פאָרם און אינהאלט—דערויף האָט באזונדערס אָנגעשטרענגט געארבעט זשוקאָווסקיס געדאנק די לעצטע צייט פון זיין לעבן.

סיאָמע זשוקאָווסקי האָט מיט זיינע קריטישע ארטיקלען געשטרעבט צו פארפילן אָט דעם בלויז אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור.

די צווייטע מיילע פון זשוקאָווסקיס ליטערארישע־קריטישע ארבעטן באשטייט דערין, וואָס ער פארנעמט זיך ניט מיט זאָגן מעווינעס, ווי ער דריקט זיך אויס, וועגן דעם אָדער יענעם ווערק, נאָר ער שטרעבט צו באגרינדן זיין מיינונג אפ אן אויספירלעכן אנאליז פון אלע באשטאנדטיילן פונעם ווערק. ער שטרעבט צו קריטיקירן דאָס ווערק, ווי ער דריקט זיך אויס, פון אינעווייניק. ס׳איז איבעריק אסאך צו באגרינדן די וויכטיקייט און נוצלעכקייט פון אזא קריטיק אי פאר דעם שרייבער, אי פאר דעם לייענער.

די דריטע מיילע פונעם בוך איז אין דעם, וואָס זשוקאָווסקי טשעפּעט זיך ניט צום שרייבער, ער זוכט ניט בא אים קיין זינד. ער אורטיילט ניט וועגן דעם שרייבער און זיינע ווערק בלויז לויט דעם, וואָס עס איז בא אים ניט פאראן, נאָר ער נעמט אלס גרונט פאר זיין אורטייל דעריקער דאָס, וואָס באם אווטער איז יאָ פאראן, און דורך א פארטיפערטן אנאליז, דורך מיזאמער ארבעט איבערן מאטעריאל, וואָס איז יאָ פאראן אינעם ווערק, דיסקאָנטירנדיק דערביי אויך דאָס, וואָס עס פעלט, פירט ער ארויס די אונטערשטע שורע.

אין דעם פראט איז זייער כאראקטעריסטיש דאָס, וואָס זשוקאָווסקי זאָגט אינעם ארטיקל וועגן „הרעבליעס״ אין פארבינדונג דערמיט, וואָס מע האָט זיך געפרווט באשולדיקן אָרלאנדן שיר ניט אין פיינטשאפט צו דער פארטיי אפן גרונט פון דעם, וואָס אין זיינע „הרעבליעס״ פעלט די שילדערונג פון דער פארטיי־אָנפירונג:

„אלס א סימען, אז אין די „הרעבליעס״ איז ניט אלץ „קעשורע״, ווייזן איינקע כאווירים אָן דאָס, וואָס אינעם בוך פעלט די פארטיי, קאָמיוג ארגל. אוואדע איז־עס א בלויז און טאקע אן ערנסטער. די פארטיי איז בא אונדז דער אוואנגארד פון דער סאָציאליסטישער בויונג, ביכלאל דער אוואנפאָסט פון דער אלוועלטלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, און קינסטלעריש ווייזן דעם אוואנגארד אין אלע זיינע געשטאלטן איז אוואדע א היסטאָרישע דירעקטיוו פאר אונדזער גאנצער נייער ליטעראטור. אונדז דוכט אָבער, אז מע דארף אורטיילן וועגן די שאפונג־מעגלעכקייטן און וועגן דעם סאָציאלן כאראקטער פונעם ווערק דעריקער לויט דעם, וואָס אין אים איז פאראן, און ניט לויט דעם, וואָס אין אים פעלט״.

אין אָט דער פאַרבינדונג איז קעדײַ צו דערמאָנען פאָלגנדיקן פאַקט, וואָס האָט געהאַט אַן אָרט אין אַ פאַרזאַמלונג פון ייִדישע שרײַבער. אויפן גרונט פון דעם, וואָס אין די „הרעבליעס“ איז נישט געווען די פּאַרטיי־אָנפירונג, איז אָרלאַנד געוואָרפן געוואָרן די באַשולדיקונג, אַז ער איז קלויסטער־שט פאַר „ראַטן אָן קאָמוניסטן“. שיער ניט ווי מיליוקאָוו בײַס די קראָנשטאַטער געשעענישן אין 1921 יאָר.

מע דאַרף דאָ באַמערקן, אַז זשוקאָווסקי איז איבערהויפּט געווען אַ דרייסטער מענטש און האָט געוואַגט אַרויסצוזאָגן מיינונגען, וואָס זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די מיינונגען, וועלכע האָבן געהערשט צווישן די אָנפירנדיקע טוערס פון די ייִדסעקציעס פון „וואָאַפּפּ“.

די באַציִונג צו די מיטלויפערס איז בײַ זשוקאָווסקין אַ כאַוועריש אין פולן זינען פון דעם וואָרט. דאָס האָבן מיר געזען אין דעם פאַל מיט אָרלאַנדס „הרעבליעס“*). דאָס אייגענע זעען מיר בנוגע צו פערעץ מאַרקישן, אפילו בנוגע צו שעכטמאַנען, וועמעס „אויפן שיידוועג“ ער כאַראַקטעריזירט אַלס בורזשואַזע ליטעראַטור, פאַרבלײַבט בײַ אים דער כאַווערישער טאָן, ווײַל זשוקאָווסקי איז איבערצײַגט, אַז בײַ אַ געוויסער מיטהילף קאָן זיך שעכטמאַן אַרויסרײַסן פון דעם זומפּ, אין וועלכן ער געפינט זיך אין דעם „אויפן שיידוועג“, אַז פאַר שעכטמאַנען איז אַבסאָלוט ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקײַט קינסטלעריש איבערצואָריענטירן זיך און צו פאַרפעסטיקן זיך אויף פּראָלעטאַרישע פּאָזיציעס.

ס'וואָלט געווען פאַלש צו דרינגען פון דער כאַווערישער באַציִונג צו די מיטלויפערס, אַז זשוקאָווסקי ווײַזט אַרויס „פוילן ליבעראַליזם“ בנוגע צו די שרײַבער, וואָס ער קריטיקירט. פאַרקערט, זשוקאָווסקי איז גענוג שטרענג. ער פאַרורטיילט אויפן שאַרפסטן אויפן יעטווידן שפּור פון קלאַסן־פרעמדע אידעאָלאָגיעס. ער איז אַנטשיידן קעגן „פילאַנטראָפּיע“ בנוגע צום שרײַבער. בנוגע צו זײַנע ווערק. ער שטרעבט אָבער צו לערנען דעם שרײַבער, ניט צו פאַרשרײַען אים. די כאַווערישע באַציִונג צו די מיטלויפערס, איז בײַ אים אַ באַשטאַנדטייל פון דעם קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, צו וועלכער ער ווײַזט אַרויס אַ באַזונדער ליבע, ווי ס'איז צו זען פון די אַרטיקלען וועגן כאַריקן, אַלבערטאָנען און קושניראָוון.

דער כיסאָרן פון דעם ליטעראַריש־קריטישן מאַטעריאַל, וואָס ווערט דאָ געגעבן, באַשטייט דערין, וואָס די קריטישע אַרטיקלען טראָגן גאַנץ אָפט אַ פראַגמענטאַרישן כאַראַקטער. ניט אַלע מאָמענטן פון דעם אַנאַליז זײַנען אין די אַרטיקלען גלײַכמעסיק אַנטוויקלט. אייניקע אויספירן מאַכט דער אויטאָר אָן שום פאַרבינדונגען מיטן אַנאַליז. אין פראַט פון קאָמפּאָזיציאָנעלער גאַנצקײַט און האַרמאָנישקײַט פעלט זייער אַסאַך אין פיל אַרטיקלען. אָפטמאָל ווערט בײַ אים דער געדאַנקענגאַנג איבערגעריסן אינמיטן, און ער מאַכט ניט אַלע אויספירן פון דער פּאָזיציע, וואָס ער פאַרנעמט. אין אייניקע ערטער ווערט נאָר געגעבן אַ ווונק, און ס'פאַרבלײַבט אפילו ניט קלאָר, וואָס דער אויטאָר האָט געמיינט.

---

*) מע דאַרף פונדעסטוועגן קאָנסטאַטירן, אַז אין אַלגעמיין גענומען האָט זשוקאָווסקי ניט דערשאַצט אָרלאַנדס „הרעבליעס“. דיזאָזיקע ניט־דערשאַצונג טרעט אַרויס באַזונדערס בולעט אויפן פאָן פון די איבערגעטריבענע לויב־געזאַנגען וועגן אַלבערטאָנען, כאַריקן און קושניראָוון (דעם פּראָזאַיִקער), וואָס זײַנען פאַראַן אין די אַנטשפּרעכיקע אַרטיקלען. דאָ האָבן זיך באַם אויטאָר, אָן ספק, געלאָזט פילן „וואָאַפּפּישע“ גרופּלערישע סימפּאַטיעס, כאָטש אין אַלגעמיין גענומען איז זשוקאָווסקי אָן אַן ערעך ווייניקער, ווי אַנדערע קריטיקער, געווען אָנגעשטעקט מיט „וואָאַפּפּישער“ גרופּלערײַ.

מער פונ אלצ, גאנצ אויספירלעכ אונ *באזונדערס געלונגענ* איז פאנאנערגעארבעט די קריטישע כאראקטעריסטיק פונ די געשטאלטנ, וואָס ווערנ אנאליזירט. אייניקע כאראקטעריסטיקעס צייכענענ זיכ אויס אפילע מיט גרויס מייסטערשאפט.

פונ די באזונדערע פעלערנ איז אויסער די, וואָס זיינענ שוינ דערמאנט געווענ פריער, וועלנ מיר אָנווייזנ אפ פאָלגנדיקע:

1) אינעם אַרטיקל וועגנ מארקישעס „ברידער" טרעט זשוקאָווסקי ניט ארויס קעגנ די עלעמענטנ פונ ייִדישנ נאציאָנאליזמ אונ פונ אידעאליזאציע פונ „גונר", וואָס זיינענ פאראנ אינ דער פאָעמע.

2) אינעם ארטיקל וועגנ כאריקנ באצייכנט ניט זשוקאָווסקי, בייס ער רעדט וועגנ דער פאָעמע „ברויט", אז אינ דע־דאָזיקער פאָעמע מאָלט כאריק דאָס נייע דאָרפ אינ אידישע שטריכנ, ניט באווייזנדיק דעמ קלאסנקאמפ, וואָס קומט דאָרט פאָר.

3) אינעם ארטיקל וועגנ ווייַנערמאנענ איז אינעמ קאפיטל, ווו זשוקאָווסקי כאראקטעריזירט די פויערשע פאָעזיע, קימאט אינגאנצנ איגנאָרירט דער קאָלווירטניק.

4) זשוקאָווסקי אָפערירט מיט אזא באגריפ, ווי סאָציאַלע באשטעלונג, וואָס די מארקסיסטישע קריטיק האָט אימ שוינ לאנג פארורטיילט.

5) ס'דארפ אויכ אָנגעוויזנ ווערנ, אז זשוקאָווסקי רעדט אינ זיינ בוכ די גאנצע צייט וועגנ מעטאָד פונ דיאַלעקטישנ מאטעריאַליזמ—א טערמינ, וואָס איז געווענ ביז דער באשטימונג פונ צ"ק פונעמ 23 אפרעל שטארק פארשפרייט אינ דער „וואָפּישער" קריטיק אונ האָט ניט ווייניק פלאָנטער אריינגעטראָגנ אינ דער מארקסיסטישער קריטיק.

ביכלאל, דארפ מענ זאָגנ, צייכנט זיכ אויס דאָס פאָרליגנדיקע בוכ פונ סיאָמע זשוקאָווסקינ מיט קלאָרקייט פונעמ געדאנק אונ מיט קאָנקרעטקייט פונעמ דענקענ, פארבונדנ מיט א גרויסנ סינטעטישנ שוונג, כאָטש סיאָמע זשוקאָווסקי האָט נאָכ ניט געהאט באהערשט פולשטענדיק די קונסט צו געפינענ די געהעריקע אויסדריק־מיטלענ פארנ דאָזיקנ קלאָרנ געדאנק, אונ אינ פיל ערטער פילט זיכ טאקע שטארק דערדאָזיקער בלויז, באזונדערס הינקענ אינ הינזיכט פונ קלאָרקייט די ערטער, ווו זשוקאָווסקי באהאנדלט סטיל־פראגעס.

אינ זינענ פונ קלאָרקייט אונ קאָנקרעטקייט פונ זיינע געדאנקענ האָט סיאָמע זשוקאָווסקי פאר דער צייט, זינט ער האָט אָנגעהויבנ ארויסטרעטנ אלס ליטעראטור־קריטיקער, געמאכט גרויסע פאָרשריטנ. די גאָלשעוויסטישע לופט, מיט וועלכער סיאָמע זשוקאָווסקי האָט געאָטעמט די לעצטע 8־9 יאָר פונ זיינ לעבנ, אונ דאָס פלייסיקע שטודירנ די גרונטווערק פונעמ מארקסיזמ־לעניניזמ, האָבנ זיכ שוינ שטארק געלאָזט פילנ אינ זיינע געדאנקענ.

סיאָמע זשוקאָווסקי האָט אָבער באקומענ א טרויעריקע ירושה פונ זיינע יוגנט־יאָרנ, וועלכע ער האָט פארבראכט אינ די רייענ פונעמ פויאלעציָעניזמ. די פארשיידנע אומגעלומפערטע „טעאָריעס", וועלכע פלעגנ צונויפירנ א וואנט מיט א וואנט (דעמ „סאָציאַל זמ" אונ „קאָמוניזמ" מיט דינענ דעמ ענגלישנ אימפעריאַליזמ, „מארקסנ" אונ „לענינענ" מיט באָראָכאָווענ א. אז. וו. א. דגל.), די ישיווע־באָכערישע אונ געמאָרעקעפּלדיקע פילפוליסטישע מארקסיסטיש־ארטיקע דריידלעכ אונ קונצנ, וואָס האָבנ צירקולירט אינ די רייענ פונ דער פויאלעציָעניסטישער באוועגונג, האָבנ פארקריפלט דעמ געדאנק ניט בא איינ יוגנטלעכנ, וואָס האָט געהאט דעמ אומגליק אריינצופאלנ אינ די נעצנ פונ אָט דער באוועגונג. סיאָמע זשוקאָווסקי איז אויכ געווענ א קאָרבנ פונ אָט דער באוועגונג.

די ירושה פונ אָט דער באוועגונג האָט זיכ בא אימ געפילט אינעמ דענקענ אונ אינ זיינ שרייבנ אסאכ יאָרנ נאָכדעמ, ווי ער האָט געריסנ מיטנ פויאלעציָעניזמ אונ האָט

זיך מיטן גאנצן ברען פון זיין טעמפעראמענט אריינגעוואָרפן אין דער באַלשעוויסטישער באוועגונג. סיאָמע זשוקאָווסקי האָט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן שטארק געארבעט איבער זיך, קעדיי צו באפרייען זיך פון אלע שפורן פון דער פּראָלעטאַריש-אַנאַרכיסטישער יערו־שע. און ס'איז בא קיינעם פון די, וואָס האָבן אים געקענט, ניט געווען קיין ספק, אז אים וואָלט עס געלונגען אין דער פולסטער מאָס, און זיין דענקען וואָלט באַ־קומען די פולשטענדיקע קלאָרקייט און קאָנקרעטקייט.

באַם רעדאַקטירן דאָס בוך האָב איך געזען ווי ווייט מעגלעך אָפּצוהאַלטן זיך פון אריינטראָגן ענדערונגען אין דעם טעקסט, וואָס סיאָמע זשוקאָווסקי האָט צוגעגרייט צום דרוק, רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס עס פעלט דער לעבעדיקער אויטאָר, מיט וועלכן מע זאָל זיך קאָנען צונויפריידן וועגן די נייטיקע ענדערונגען.

איך האָב דעריבער געזען אַרויסצוואַרפן אָדער צו ענדערן בלויז די ערטער (איינ־צלנע ווערטער, זאצן), וואָס זיינען געווען אין א בולטן ווידערשפּרוך צו די גרונט־געדאנקען פון די געהעריקע ארטיקלען, אָדער וואָס זיינען געווען אַזוי ניט קלאָר און ניט־פּינקטלעך פאָרמולירט (אין דעם פאַל, פאַרשטייט זיך, ווען וועגן דעם, וואָס דער אויטאָר האָט געמיינט, זיינען בא מיר קיין ספקות ניט געווען), אַז דעם לייענער וואָלט געקאָסט גרויסע אָנשטרענגונג און איבעריקע מי אָנצושטויסן זיך, וואָס דער אויטאָר האָט געמיינט.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך האָב אַרויסגעוואָרפן אַלע ליאַפּסוסן, וואָס זיינען געווען באַם אויטאָר, איך האָב אָבער איבערגעלאָזט די איבערכאַזערונ־גען (סיי פון איין ארטיקל אין אַ צווייטן, סיי אין יעדן ארטיקל באַזונדער) און די פאַרשיידענע "לירישע אָפּטרעטונגען" (אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן), אָן וועלכע מע וואָלט גרינג געקאָנט אויסקומען.

איינעם בוך זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַרבליבן אַסאַך געדאנקען (אויסער די, וואָס זיי־נען שוין געווען אויבן באַצייכנט), וואָס קאָנען אַרויסרופן גרויסע ספקות. דאָס אַלץ האָב איך, פאַרשטייט זיך, געלאָזט אומבאַרירט. זאָל דאָס דינען אלס מאַטעריאַל פאַר דער דיסקוסיע איבער שעפערישע פראַגעס.

איך האָב אויך איבערגעלאָזט אינגאנצן אומבאַרירט דעם סטיל און די לעקסיק פו־נעם אויטאָר, מיטן אויסנאַם פון די ערטער, ווו דאָס וואָלט געמאַכט אומפאַרשטענדלעך פאַרן לייענער דאָס, וואָס דער אויטאָר האָט געמיינט.

———

צום סאָף וויל איך אָנווייזן, אַז פיל האָט מיר מיטגעהאָלפן אין מיין רעדאַקטיר־אַרבעט די אויספירלעכע און באַגרינדעטע רעצענזיע וועגן דעם בוך, וואָס עס האָט אָנ־געשריבן דער כ' מאַקאַגאָן נאָך העכער מיט א יאָר צוריק. אין דערדאָזיקער רעצענזיע זיינען געווען אָנגעצייכנט קימאַט אַלע וויכטיקסטע ערטער, וואָס האָבן געקאָנט אַרויס־רופן ספקות און דערווידערונגען. אגעוו, ווי ס'האָט מיטגעטיילט דער כ' מאַקאַגאָן, האָט סיאָמע זשוקאָווסקי נאָך באַוויזן פאַרן טויט צו באַקענען זיך מיטן אינהאַלט פון כ' מאַקאַגאָנס רעצענזיע (וועלכע איז אים איבערגעגעבן געוואָרן מינדלעך דורך א כאַ־ווער), און ער איז באַסקים געווען מיט די אָנווייזונגען פונעם כ' מאַקאַגאָן.

אָט די מיטיילונג פונעם כ' מאַקאַגאָן האָט מיר געגעבן מוט אביסל צו "באַלעבאַ־טעווען" אינעם מאַנוסקריפּט אין דער זיכערקייט, אַז דער אויטאָר, ווען ער וואָלט גע־לעבט, וואָלט ער געוויס איינגעגאַנגען אָפ די אריינגעטראָגענע ענדערונגען.

דעקאַבער 1932. **מ. לעוויטאַן**

# מעטאָדאָלאָגישער ארײַנפיר.

פונ דעמ, וואָס איכ האָב באוויזנ אָנצושרײַבנ פאר די דרײַ יאָר ארבעט אפנ קריטישנ געביט, איז אינ דער זאמלונג ארײַנ בלויז דאָס, וואָס מיר שײַנט, אז עס קאָנ צונוצ קומענ אויכ איצט. וואָרעמ פאר דערדאָזיקער צײַט האָב איכ, ווי פיל מיטקעמפערס מײַנע אפנ קריטישנ געביט, סײַ פונ די עלטערע כאוויירימ, סײַ פונ דער יוגנט, ניט אויסגעמיטנ קיינ ערנסטע פעלערנ, אונ דער סאמע פארדראָסיקער — דאָס גרינגשאצנ אונ ביכלאל די לײַכטזיניקע באציִונג צו די הערלעכע פיִאָנערנ פונ דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור: ווינטשעווסקי באָוושאָווער, עדלשטאט. אונ וועוויאָרקענ קומט אוואדע אנערקענונג, וואָס ער האָט געמוג טעמפעראמענטפול דעמאסקירט מײַנ פעלער.

אופדעקנדיק אָבער מײַנ פעלער, האָט דער כ׳ וועוויאָרקע אלייג דערלאָזט די גראָבסטע מעטאָדאָלאָגישע פעלערנ, אָנווענדנדיק צו דערווײַזנ די האנאָכע, אז די שאפונג פונעמ דרײַלינג איז די קלאסיק פונ דער ייִדישער פראָלעטארישער דיכטונג, דעמ אומבאהאָלפענעמ פאָרמעל־מעכאניסטישנ אנאלאָגישנ מעטאָד. דעקנ אָבער מײַנ כויוו בענעגייע דער פיִאָנער־גרופע הייסט פאר מיר ניט יויצע זײַנ מיטנ אָפּענטפערנ דעמ כ׳ וועוויאָרקע — דאָס איז זייער לײַכט, נאָר צאָלנ מיט אנ אויספאָרשונג, וואָס זאָל שטיינ אפ דער הייך פונעמ לענינישנ עטאפ אינ דער ליטעראטור־קענטעניש, אונ דאָס פאָדערט צײַט. א געזעלשאפטלעכע פארפליכטונג געפינ איכ אָבער פאר נייטיק צו געבנ...

אזויארומ, גייענ ניט ארײַנ אינ דערדאָזיקער זאמלונג אלע יענע ארטיקלענ, ווו עס זײַנענ געמאכט געוואָרנ פרינציפיעלע פעלערנ, האגאמ דאָרטנ זײַנענ פאראנ גאנצ ריכטיקע אונ פרוכטבארע האנאָכעס, וואָס עס וועט זיי עפשער אויסקומענ אויסצונוצנ בא אנ אנדער געלעגנהײַט.

וואָס איז שײַעכ די ארטיקלענ, וואָס גייענ יאָ ארײַנ אינ דער זאמלונג, איז אייניקע האָב איכ ערטערווײַז איבערגעארבעט, אונ אלע —

איבעראַניִיס דורכגערעדאַקטירט און דורכגעזיפּט. די אַרטיקלען „דער כראָבוציר־זשאַנר באַ אַלבערטאָנען", „שוין איינמאָל אַ מאָנאָגראַפּיע" און „דער מעטאָדאָלאָגישער אַריַינפּיר" — זיַינען געשריבן געוואָרן צוליעצט.

וועגן דעם עצעם אינהאַלט פונעם בוך.

די פאַרליגנדיקע זאַמלונג איז אַ קאָנקרעט-קריטישע. קיין ספּעציעל מעטאָדאָלאָגישע אַרבעטן, אויסער דעם „אַריַינפּיר", אַנטהאַלט ניט דאָס בוך, און ס'פאַרשטייט זיך, ניט אויס פּרינציפּיעלער „אָפּאָזיציע" צום דאָזיקן „זשאַנר". אַדעראַבעה: אָן מעטאָדאָלאָגיע, אָן מאַרקס־לענינישער פילאָסאָפישער פאַנאַנדעראַרבעטונג פונעם ליטעראַטור־געביט איז די אַזויגערופענע קאָנקרעטע קריטיק — אויסגעשלאָסן. די טעאָריע און די פּראַקטיק זיַינען דאָך פאַר אונדז איין איינהייטלעכער פּראָצעס: די טעאָריע פאַראַלגעמיינערט און סטימולירט די פּראַקטיק; די פּראַקטיק געבוירט און נערט די טעאָריע. מיר דאַרפן, ווי אין לעבן, די אינטענסיווסטע אַנטוויקלונג און די איינציַיטיקע צוזאַמענאַרבעט פוןביידע געביטן אין די ראַמען פון דער איינהייַטלעכער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־באַוועגונג.

אויב קיין ספּעציעלע מעטאָדאָלאָגישע אָפּהאַנדלונגען זיַינען אין מיַין בוך ניט פאַראַן, זיַינען אָבער אַלע מיַינע פּרוּוון צו לייזן די פאַרשיידנסטע קאָנקרעטע פּראָגעס געבויט אויף באַשטימטע מעטאָדאָלאָגישע האַנאָכעס. ס'בליַיבט פאַר מיר אַרויסצוציִען פונעם קאָנקרעטן אַנאַליז דעמדאָזיקן גאַנצן מעטאָדאָלאָגישן מאַטעריאַל און צע־וויקלען אים לויט אַ באַשטימטער סיסטעם. וועט, ערשטנס, קלאָר ווערן סיַי די מעטאָדאָלאָגישע פּאָזיציע פונעם אַווטער, סיַי דער מעטאָד, ווי ער ווענדעט אָן די דאָזיקע מעטאָדאָלאָגישע אויסגאַנג־פּונקטן אינעם קאָנקרעט-קריטישן אַנאַליז.

כ'האָב געזאָגט: עס רעדט זיך וועגן אַרויסצוציִען דעם מעטאָדאָלאָגישן מאַטעריאַל פונעם גאַנצן בוך. דאָס הייסט, אַז ניט אַלע וויכטיקסטע האַנאָכעס זיַינען פאָרגעשטעלט אין איטלעכן אַרטיקל, וואָס גייט אַריַין אינעם בוך: ס'זיַינען פאַראַן בלויזן סיַי אין די פאַרשיידענע אַרטיקלען, סיַי אינעם בוך אינגאַנצן גענומען. ס'בליַיבט צו דעם, וואָס איז פאַראַן, צוגעבן דאָס וויכטיקסטע, וואָס פעלט, וועט זיך עפּשער באַקומען אַ פאַרגאַנצטע פאָרשטעלונג פון אונדזער מעטאָדאָ־

לאָגישן צוגאנג. ס'איז קלאָר, אז מאכמעס דער איינשטעלונג פון אונ־
דזער ארטיקל צו דינען פאר א מעטאָדאָלאָגישן ארייַנפיר ניט אין דער
ליטעראטור־קענטעניש ביכלאל, נאָר בלויז אינעם געגעבענעם בוך, זייַ־
נען מיר געצווונגען צו מאכן עס זייער סכעמאטיש, טעזיסארטיק, „אפּ
אזויפיל אפּ וויפל", אָנרירנדיק בלויז די גרונטלעכע מעטאָדאָלאָגישע
אָריענטיר־מאָמענטן. דערמיט איז צו דערקלערן דאָס, וואָס די קריטיק
פון פלעכאנאָווס ליטעראטור־קאָנצעפּציע ווערט פון אונדז דערווייַל
ווייניק באריריט. אין אן ארבעט, וואָס דערשייַנט אינעם „עמעס"־פאר־
לאג, פארנעמען מיר זיך דערמיט ספּעציעל, האָבנדיק אין אויג דעם
פירנדיקן מעטאָדאָלאָגישן ווערט פון לענינס ארטיקלען וועגן טאָלסטוי־
ען, ביכלאל דעם לענינישן עטאַפּ אין דער ליטעראטור־וויסנשאפט.

מיר גייען אריבער צו יענע מעטאָדאָלאָגישע האנאָכעס, וואָס האָבן
אונדז אָריענטירט באם אנאליזירן און אָפּשאצן קאָנקרעטע ליטדער־
שייַנונגען. די רייד איז דאָ בלויז וועגן די וויכטיקסטע האנאָכעס, וואָס
זייַנען צעוואָרפן איבערן גאנצן בוך (אי דאָס אויך ניט וועגן אלע).
קעדיי עס זאָל זיך באקומען א פאָרשטעלונג וועגן א גאנצער מעטאָ־
דאָלאָגישער סיסטעם, האגאם קלאל ניט צעוויקלט אין אירע אלע בא־
שטאנדטיילן, וועלן מיר די באטראכטונג פון דידאָזיקע האנאָכעס מאכן
לויט פאָלגנדיקן סיידער:

1. די ספּעציפיק פון קונסט.
2. גענעזיס.
3. פונקציע.
4. סטיל.
5. סאָציאָלאָגישער עקוויוואלענט.

מיר כאזערן איבער: מיר גיבן ניט קיין זעלבשטענדיקע מעטאָדאָ־
לאָגישע ארבעט, נאָר א מעטאָדאָלאָגישן ארייַנפיר צו דעם, וואָס עס
איז פאראן אינעם בוך, דערבייַ אויך בלויז צום וויכטיקסטן.

## 1. די ספּעציפיק פון קונסט.

— אינעם ב י ל ד ע ר י ש ן ד ע נ ק ע ן.
— אינעם דענקען ד ו ר כ בילדער.
דערין איז בעלינסקי געווען גערעכט.
דרינגט דערפון: ניט א י ט ל ע כ דענקען איז קונסט.

פילאָסאָפיע, אין ספּעציפישן זינען, אַלס אַן אייגנאַרטיקע פאָרם פון אידעאָלאָגיע, איז אוואַדע אַ דענקען, אָבער ניט קיין קונסט, האָגאַם ניט שטענדיק: פיל ווערק פון ניטשען זייַנען ערטערווייַז „קינסטלעריש", האָגאַם בלויז אַף דער מאָדרייִגער פון אַלעגאָריע. אָבער ניט אָט דער אויסנאַם כאַראַקטעריזירט דעם קלאַל, נאָר דינט בלויז צום באַשטעטיקן אים. קונסט אָבער, אַלס אַן אייגנאַרטיקע פאָרם פון אידעאָלאָגיע, מוז אויסדריקן די אָדער יענע געדאַנקען, מוז זייַן פילאָסאָפיש.

די פילאָסאָפיע אָבער איז געווען פאַרטייִש צוריק נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר — האָט פעסטגעשטעלט לעניג.

אין דער געזעלשאַפט קעמפן צווישן זיך פאַר מאַכט אַף לעבן און אַף טויט — קלאַסן: פּאָליטישע פאַרטייען זייַנען דער העכסטער אויס־דרוק פון די קלאַסן־אונטערשיידן און פון די קלאַסן־קעגנזאַצן. אין דער קלאַסן־געזעלשאַפט איז אַלץ פאַרטייִש, אומאָפּהענגיק דער־פון, צי מע אַנערקענט עס, צי ניט. אויך די קונסט איז קלאַסעווע־פאַרטייִש. די קונסט איז אַ קלאַסן־דענקען אין בילדער. דער ערשטער מאָמענט איז שטענדיק פאַראַן. ער שטאַמט פונעם אידעאָלאָ־גישן כאַראַקטער פון אַלע מינים קונסט. דער צווייטער — ניט שטענ־דיק: ווען — פולבלוטיק, בוילעט; ווען — שוואַכער, און ווען — אינ־גאַנצן ניטאָ.

זובקאָוו (פון „פּיאָדאָר זובקאָוו"), אַשטייגער, איז אין אַלגעמיין אַ געשטאַלט פון אַן אָפּגעשטאַנענעם, אומבאַוווּסטזיניקן אַרבעטער, וואָס מוז קומען סאָפּקאָלסאָף צום קלאַסן־באַוווּסטזייַן: דערדראָזיקער פּראָצעס איז אָבער ניט אומעטום באַוויזן דורך אַלבערטאַנען בילדעריש. ס'זייַנען פאַראַן ערטער, ווו דאָס, וואָס עס דאַרף באַוויזן ווערן געשטאַל־טיש פאַרן אויג, ווערט דערוויזן — אויס קינסטלערישער אימפּאָטענץ — באַגריפלעך־לאָגיש, סילאָגיסטיש. הייסט עס, דער קינסטלערישער קערפּער איז ניט אומעטום פון איין און דערזעלביקער שטייפקייט. ס'זייַנען פאַראַן ערטער אַנטבלויזטע, ווו דער סקעלעט סטאַרטשעט אַרויס. אין מאַרקישעס „בר־דער" האָבן מיר עס אויכעט.

נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל: קונסט איז אַ געשטאַלטיש דענ־קען.

פערעווערזעוו „פאַריכט": ניט קיין געשטאַלטיש דענקען, נאָר אַ דענקען פון די געשטאַלטן. ניט דער קינסטלער דענקט, נאָר זייַנע געשטאַלטן דענקען.

וואָס באַטייט עס?

אז קונסט איז ניט בלויז קיין ספּעציפישע אויסדרוק־פאָרם פארן אלגעמיין־קלאסעוונ אידעאָלאָגישן פּראָצעס, נאָר א זעלבשטענדיקע, אייגנארטיקע אידעאָלאָגיע מיט א זעלבשטענדיקן, אייגנארטיקן אינהאלט. ס'קומט אויס, אז וויפל מינים קונסטן — אזוי־פיל אידעאָלאָגיעס! ווי איז אָבער געמאָלט, עס זאָל זיין עט־לעכע אידעאָלאָגיעס, עטלעכע מינים געזעלשאפטלעכער באוווסטזיין (מע דארף ניט צונויפמישן דעם „מינ" מיט דער פאָרם) בא איין קלאס אָדער שיכט?

טעמפּער ווינקל נומער 1.

צווייטנס, אפ וויפל דאָס „דענקען" פונעם קינסטלער איז אָבער א קאטעגאָרישער מוז, א לעבנ-מוז, איז פּערעווערזעוו, וואָס האָט פארטריבן דאָס דענקען פונעם קינסטלער אין די געשטאלטן אריין, קערט עס ווידער אום (דאָס דענקען) צום קינסטלער דורך אן אנדער טיר. ווידערשפּרעכנדיק אָבער זיך אליין, מוז פּערעווערזעוו ווידער קומען צו א טעמפּן. ווינקל. אינדערעמעסן:

לויט פּערעווערזעוונ איז ניט דער קינסטלער דענקט, נאָר עס דענ־קען די געשטאלטן. וואָס דריקן אָבער אויס די געשטאלטן? דעם „סאָ־ציאלן כאראקטער" פונעם קינסטלער. הייסט עס: דער „סאָציאלער כאראקטער" פונעם קינסטלער דענקט יאָ, אָבער ניט זעלבשטענדיק, נאָר דורך געשטאלטן. אָבער געשטאלטן איז דאָך אין א קונסט־ווערק פאראן פיל און פארשיידנארטיקע אין קלאסן־זינען; קומט אויס, אז וויפל פארשיידנארטיקע געשטאלטן, אזויפיל פארשיידנארטיקע דענקעניש באם אווטער, אזויפיל פארשיידנארטיקע קלאסן-אידעאָלאָגיעס.

טעמפּער ווינקל נומ. 2.

עמעס, דעם קינסטלערס געדאנק, זיין קלאסן־קאוואָנע, זיין קלאסן־פארמעסטונג דארף מען זוכן דעריקער אין דער געשטאלטן־סיסטעם. מע דארף אָבער ניט איגנאָרירן די דירעקט-פּובליציסטישע ערטער און ארויסזאָגונגען אינעם ווערק. מארקסיסטן־לענינצעס זיינען ניט קיין מעטאפיזיקער און צעררייסן ניט מעכאניש דאָס איינהייטלעכע געוועב פונעם ווערק. אין באשטימטע זשאנרען איז די פּובליציסטיק טאקע אן אָרגאנישער קאָמפּאָנענט פונעם ווערק. אפ וויפל אָבער די רייד גייט וועגן א ספּעציפישער פאָרם, איז דאָך א מוז צו זוכן די

געדאנקענ, די קלאסנ־קאוואָנעס, די קלאסנ־פארמעסטונגענ פונעמ קינסטלער אינ דער געשטאלטנ־סיסטעמ.

עמעס: ס׳קאָנ צומאָל טרעפנ, אז א באשטימטע געשטאלט, אנ „אווטאָגענישע“, זאָל אויסדריקנ דעמ קינסטלערס פסיכאָ־אידעאָלאָגיע, אָדער עלעמענטנ פונ זײַנ פסיכאָ־אידעאָלאָגיע. אָבער בעדערעכ קלאל איז עס ניט קיינ מוז, שוינ ניט גערעדט וועגנ דעמ, וואָס אפילע, ווענ די געשטאלט דריקט יאָ אויס באשטימטע עלעמענטנ פונעמ קינסטלערס פסיכאָ־אידעאָלאָגיע, טאָר מענ אויכ ניט אידענטיפיצירנ אינ אלע פונקטנ די אידעאָלאָגיע פונ דער געשטאלט מיט דער אידעאָלאָגיע פונעמ קינסטלער. די געשטאלט קאָנ אָביעקטיוויזירנ אייגיקע שטריכנ פונעמ קינסטלערס „סאָציאלנ כאראקטער“, די געשטאלט גופע אָבער שטאמט ניט פונדאנעט, נאָר פונ דער ווירקלעכקײַט (נאטירלעכ, מיט אירע קלאסנ־ווידערשפרוכנ, וועגנ דעמ — ווײַטער), אונ די לעצטע איז ברייטער פארנ „סאָציאלנ כאראקטער“ פונעמ קינסטלער.

בײַשפילנ: נינע אונ מאיאָרטשיק זײַנענ געשטאלטנ אווטאָגענע, ווי מיר פרווונ עס דערווײַזנ אינעמ אנטשפרעכנדיקנ ארטיקל. סײַ נינע, סײַ מאיאָרטשיק דריקנ אויס באשטימטע ווידערשפרעכלעכע מאָמענטנ אינ אראָנסקיס שיכט. נינע איז זיכ אָבער נינע, מאיאָרטשיק — מאיאָרטשיק אונ אראָנסקי — אראָנסקי...

דאָסגלײַכנ גאָרנ (פונ די „הרעבליעס“) דריקט אויס אייניקע פסיכאָ־אידעאָלאָגישע שטריכנ פונ אָרלאנדס שיכט, אונ אָרלאנד מוז, אונ מיר האָפנ, אז ער וועט גיוווער זײַנ די „גאָרנישע“ עלעמענטנ בא זיכ. אָבער גאָרנ איז זיכ גאָרנ, אונ אָרלאנד — אָרלאוד...

אויספיר: אלע אידעאָלאָגישע פאָרמעס: קונסט, פילאָסאָפיע א. ד. גל. זײַנענ געדאנקלעכ, פארטייִש, אָבער בלויז די קונסט — געשטאלטיש.

## 2. גענעזיס.

די אידעאליסטנ זאָגנ: קונסט איז ניט דעטערמינירט (באשטימט); קונסט איז פרײַ, אויסער יעטווידנ צוואנג; קונסט איז א נײַער פראָדוקט פונעמ קינסטלערס שעפערישנ געמיט. קיינע געזעצמעסיקײַטנ עקזיסטירנ ניט פארנ קינסטלערישנ שאפנ, אויסער דעמ איינציקנ פרײַהײַט־געזעצ!

נאָר אויב קונסט איז ניט אונטערגעוואָרפנ אונטער קיינ שומ געזעצמעסיקייַטנ, טאָ ווי קאָנ געמאָלט זייַנ א ליטעראטור־וויסנשאפט?! וויסנשאפט הייבט זיכ דאָכ אָנ דאנ, ווענ עס גיט זיכ אייַנ אויסצוגעפינענ די געזעצמעסיקייַטנ אינעמ לויפ אונ קייט פונ דערשייַנונגענ! די פארמעסטונג פונ איטלעכער וויסנשאפט איז דאָכ די פראקטישע ארייַנמישונג, די אויסנוצונג, די באווירקונג, די ענדערונג! הייַנט, ווי איז דאָס אלצ מעגלעכ, ווענ מע האָט צו טונ מיט צופעליקייַטנ?! פאר די אידעאליסטנ פונ אלע מינימ איז דעריבער די ליטעראטור־וויסנשאפט א פארשלאָסענע זאכ.

פערעווערזעוו איז קליגער, פערעווערזעוו איז ניט קיינ אינדעטערמיניסט, נאָר א דעטערמיניסט, דערצו נאָכ אנ „עקאָנאָמישער”. ס'איז אלצ דעטערמינירט. די קונסט איז ניט קיינ אויסנאמ. די ספעציפיק פונ דער קונסט איז איר געשטאלטישקייַט. די געשטאלטנ דריקנ אויס דעמ „סאָציאלנ כאראקטער” פונעמ קינסטלער; דער „סאָציאלער כאראקטער” נעמט זיכ דירעקט פונ די פראָדוקציע־פארהעלטענישנ, ריכטיקער — פונ דער פאָזיציע אינ דער פראָדוקציע, וואָס דער שיכט פארנעמט. ערגאָ (פאָלגלעכ): אויכ די געשטאלט וואקסט ארויס דירעקט פונ די פראָדוציר־פארהעלטענישנ. זי איז — עקאָנאָמיש דעטערמינירט.

אויב מיר וועלנ אָבער זאָגנ, אז די געשטאלט וואקסט ארויס דירעקט פונ דער פראָדוקציע, קומט אויס, אז וויפל פארשיידענע פאָזיציעס אינ דער פראָדוקציע, אזויפיל געשטאלטנ; הייַנט, ווי איז מעגלעכ, אז אסאכ געשטאלטנ, די גאנצע געשטאלטנ־סיסטעמ זאָל אויסדריקנ דעמ אייַנהייַטלעכנ פראָדוציר-קוואל פונעמ קינסטלערס „סאָציאלנ כאראקטער”?

פריִער האָבנ מיר געזענ, ווי די פילצאָליקייַט פונ די אידעאָלאָגישע רייענ („פאראלעלנ”) קומט אינ א ווידערשפרוכ מיטנ אייַנהייַטלעכנ קלאסנ־באוווסטזייַנ; איצט — ווי די אייַנהייַטלעכע פראָדוציר־פאָזיציע מיט דער פילצאָליקייַט פונ דער געשטאלטנ־סיסטעמ.

אונ ווער ס'איז דאָ שולדיק, איז קלאָר: דער אנטימארקסיסטישער, אנטידיאלעקטישער, מעכאניסטישער, דירעקט־עקאָנאָמישער צוגאנג צומ קונסט־פראָצעס. ניט די פאָזיציע אינ דער פראָדוקציע דירעקט גענומענ, אוי־

סער די קלאסנ־פארהעלטענישנ און דעמ קלאסנקאמפ; און ניט די קלאסנ־פארהעלטענישנ און דער קלאסנקאמפ אלס עפעס אזוינס, וואָס הענגט אינדערלופטנ און איז אָפּגעריסנ פונ די פּראָדוציר־פארהעלטענישנ, נאָר דער קלאסנקאמפ אינ זײַנ דיאלעקטי־שער פארבינדונג מיט די פּראָדוציר־פארהעלטענישנ — אָט ווּ ס'איז דער קוואל פארנ קונסט־פּראָצעס. און אז די קלאסנ־פארהעלטענישנ און דער קלאסנקאמפ זײַנענ זייער פאָרמענרײַכ אינ זייער דינאמיק — דארפ מענ איבעריקנס ניט דערווײַזנ. דער קלאסנ־קאמפ איז שטענדיק רײַכער פאר אלע זײַנע אידעאָלאָגישע פאר־קערפּערונגענ, אינ דעמ זינענ, אינ וועלכנ דאָס „איינצלנע" איז ברייטער פארנ „גאנצנ", ווי עס זאָגט לענינ אינ זײַנ מערקווירדיקנ וואריאנט „וועגנ דיאלעקטיק" („לענינ־זאמלבוכ" נומ. 12).

דערפונ, וואָס די קונסט וואקסט ארויס פונעמ קלאסנ־קאמפ, און ניט דירעקט, מעכאניסטיש פונ דער פּאָזיציע אינ דער פּראָרוקציע, איזאָלירט גענומענ, דרינגט זייער פילס, טאקע אנט־שיידנדיקס פאר דער ליטעראטור־קענטעניש.

איינע פונ די וויכטיקסטע דערגרייכונגענ פונעמ לענינישנ עטאפּ אינ דער פילאָסאָפיע פונעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ (די אלע, וואָס ליי־ענענ, אז אויכ אפ דעמ געביט איז דער לענינשער עטאפּ די העכסטע שטופע פונעמ דיאלעקטישנ מאטע־ריאליזמ, פארשטייענ ניט ניט לענינענ, ניט מארקסנ!) איז די „אָפּשפּיגלונג"־טעאָריע (теория „отражения"). דער באוווסטזײַנ אליינ, דער העכסטער פּראָדוקט פונעמ זײַנ, „שפּיגלט" אָפּ דיאלעקטיש דעמ עצעמ זײַנ. ס'איז ניט קיינ אידעאליסטישע אידענטיש־קײַט (тождество) מיט דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט, ניט קיינ נאַיווער רעאליזמ; ס'איז אויכ ניט קיינ אימאנענטער, אבסאָ־לוט־אומאָפּהענגיקער גײַסטיקער פּראָצעס, וואָס איז געבונדנ מיט זײַנע „אפּריאָרישע" פאָרויסיקע (קאנט) אופנעמ־פאָרמעס, וועלכע טיילנ אימ (דעמ באוווסטזײַנ) אָפּ מיט א כינעזישער וואנט פונ דער אָב־יעקטיווער ווירקלעכקײַט, פונ די „זאכנ אינ זיכ", אונטעררײַסנדיק, אזוי־ארומ, די מעגלעכקײַט פונ אָביעקטיווער דערקענטעניש; קורצ, דער באוווסטזײַנ איז ניט אידענטיש מיט דער ווירקלעכקײַט און ניט קיינ באריער בענעגייע צו איר, נאָר א בריק צו דער ווירקלעכקײַט, דערבײַ אזא, וואָס האלט זיכ אינ איינ פארברײַ-

טערנ. די פראקטיק געבווירט די וויסנשאפט; די וויסנשאפט פארטיפערט די פראקטיק, ארומכאפנדיק אלץ נייַע און נייַע „זייַטנ, שטריכנ א. ד. גל.״ פונ דער ווירקלעכקייַט. דאָס, וואָס עס האָט נעכטנ געשייַנט פאר אומבאשטרייַטבאר, ווייַזט זיכ הייַנט ארויס פאר ניט־גענוגנדיק. „עס ווערט „אראָפּגענומענ״ (אינ העגעלשנ זינענ), און — מע גייט ווייַטער. די דערקענטעניש — איז א לאנגע טויזנטיאָריקע קייט פונ רעלאטיווע עמעסנ, אפנ וועג צומ אבסאָליוטנ עמעס. אפילע די אידעאליסטישע שיטעס פארמאָגנ אויכעט א געוויסנ קערנ עמעס. גלענצנדיק האָט עס אונדז פאָרמולירט לענינ אינ זייַנ אויבנדערמאנטנ פילאָסאָפישנ פראגמענט — איינעמ פונ די טיפסטע און אינטערעסאנטסטע דאָקומענטנ פונעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ.

קונסט איז ניט קיינ באזונדערע אידעאָלאָגיע, נאָר א ספעציפישע אידעאָלאָגישע פאָרמ, א ספעציפישע פאָרמ פונעמ קלאסנ־באוווסטזייַנ, און ווי איטלעכער באוווסטזייַנ (ווי דאָס „גנאָסעאָלאָגישע״) איז קונסט א דיאלעקטישער „אָפשפיגלונג״־פראָצעס. און וואָס ברייטער און טיפער ס׳איז די קונסט, אלץ גרעסער די ווירקלעכקייַט, וואָס זי כאפט ארומ, אלץ גרעסער איר (דער קונסטס) אָביעקטיווער באדייַט.

פערעווערזעווס „סאָציאלער כאראקטער״ באגרענעצט זייער דעמ פארנעמ פונ דער קונסט: דער קינסטלער, קומט אויס לויט פערעווערזעוונ, פארנעמט זיכ בלויז דערמיט, וואָס אינ אלע געשטאלטנ־וואריאנטנ „שפילט ער פאנאנדער״ בלויז זיכ! ער איז פארקישעפט אינ זייַנ קלאסנ־קרייַז; קיינ שומ אריבערגאנג אפ די פאָזיציעס פונ אנ אנדער קלאס איז אומעגלעכ.

אנדערש אָבער איז בא לענינענ: טאָלסטוי, דער פאָרעצ, האָט אינ זייַנ לערע, אינ זייַנ קונסט אויסגעדריקט באשטימטע שטריכנ פונעמ פויערטומ בא באשטימטע קלאסנ־פארהעלטענישנ; די לאָגיק פונ דער אָפאָזיציע צומ אופקומענדיקנ קאפיטאליזמ מיצאד טאָלסטויס שיכט האָט אימ, דעמ רעאקציאָנער, געגעבנ אנ אָביעקטיווע מעגלעכקייַט ריכטיק אופצופאסנ, צו שילדערנ און צו פארשטעמפלענ א ריי גרויזאמע שטריכנ פונ דער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקייַט. און דערינ איז דער אָביעקטיווער באדייַט פונ טאָלסטויס ריזיקער ירושע (נאטירלעכ, ניט פונ אלע זייַנע ווערק).

לענינס געניאַלע „אָפשפיגלונג־טעאָריע“ איז איינ־הײַטלעכ און זי איז אָבליגאטאָריש סײַ פאר דער גנאָ־סעאָלאָגיע, סײַ פאר דער ליטעראטור־קענטעניש.

פלעכאנאָוו איז אינ ביידע געפיטנ היפש פײַערבאכיאניש. פערע־ווערזעוו האָט בלויז פארטאָפלט, פארצענפאכט די פעלערדיקע מאָמענטנ פונ פלעכאנאָווס יערושע.

אלזאָ: דעמ קוואל פונעמ קונסט־פראָצעס זעענ מיר אײַנאינעמ קלאסנקאמפ.

## 3. די פונקציע פונ קונסט.

פונעמ גענעזיס פונ קונסט דרינגט לאָגיש איר פונקציע: שטא־מענדיק פונעמ קלאסנקאמפ, דינט זי אימ אלס אגעווער.

איטלעכער קלאס בויט זיכ אויס זײַנ קונסט און נוצט זי אויס אי־נעמ קאמפ קעגנ אנדערע קלאסנ. נאָר, ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ גע־זאָגט, איז דער גאנצער פראָצעס א דיאלעקטישער, זייער א ווידער־שפרעכלעכער, און ס'טרעפט, אז באשטימטע עלעמענטנ פונ דער קונסט פונ איינ קלאס זאָלנ אויסגענוצט ווערנ דורכ אנ אנדער קלאס. אלס א געווער אינעמ קאמפ סײַ קעגנ אָט דעמ קלאס, סײַ קעגנ אנדערע קלאסנ. קורצ: קונסט איז א קלאסנ־אינסטרומענט.

נאָר דאָס איז די אלגעמיינע קלאסנ־כאראקטעריסטיק. אינ דערדאָזי־קער כאראקטעריסטיק גופע איז מעגלעכ אויסצוטיילנ א ריי ספעציעלע, אזוי צו זאָגנ — „לאָקאליזירטע“ פונקציעס, נאטירלעכ, אָרגאניש, איינ־הײַטלעכ פארבונדנ צווישנ זיכ, אפילע ניט ווי טיילנ פונ איינ קערפער, נאָר ווי זײַטנ פונ איינ פראָצעס.

1. קונסט — אנ אקטיווער בילדערישער אויסדרוק פונ דער קלאסנ־ווירקלעכקײַט: סײַ פונעמ „סאָציאלנ כאראקטער“ פונעמ קינסטלערס קלאס, סײַ פונ א גאנצער ריי אנדערע פראָצעסנ און דער־שײַנונגענ פונ דער אָביעקטיווער ווירקלעכקײַט, אויסער דעמ קלאס, נאטירלעכ — אפ א באשטימטנ אויפנ אופגעפאסט.

אויב מיר זאָגנ, אז קונסט שטאמט פונעמ קלאסנקאמפ (מיר האָבנ דאָ אינזינענ בלויז די קונסט פונ דער קלאסנ־געזעלשאפט. די קונסט פונעמ אוראלטנ מענטשנ, פונ דער פאלעאָליטישער און נעאָליטישער עפאָכע, ווענ קיינ קלאסנ זײַנענ נאָכ ניט געווענ, איז, פארשטייט זיכ,

אויך קונסט, פונקט, ווי קונסט וועט זײַן באַם קינפּטיקן קאָמוניזם, ווען קיין קלאַסן וועלן שוין ניט זײַן), איז שוין קלאָר, אז דער קונסט־פּראָצעס, דאָס בילדערישע אויסדריקן, איז ניט קיין פּאַסיווער, נאָר אַן אַקטיווער, א פונקציאָנעלער. וועלכע זײַנען האָבן מיר דאָ?

2. קונסט — א דערקענונג פונעם לעבן און א זעלבסט־דערקענונג פאר קלאַסן.

וויבאַלד, אז קונסט האָט א מעגלעכקײַט „אָפּצושפּיגלען" מיט א פארשיידענער מאָס פּינקטלעכקײַט די אָביעקטיווע ווירקלעכקײַט, איז קלאָר, אז זי קאָן דינען פאר א דערקענען־מיטל פון דערדאָזיקער ווירקלעכקײַט. און אין דעם זינען איז ניטאָ קיין פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן קונסט און אנדערע פאָרמען וויסנשאַפט.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז גוואַלדיק קאָמפּליצירט; די אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאר די קלאַסן, זײַנען לעבנס־ברענענדיקע. מע דאַרף באַקעמפן פיל סאָנים. צי איז ניט קלאָר, וואָס פאר א גוואַלדיקן באַדײַט ס'האָט די קונסט, וועלכע גיט אויך א מעגלעכקײַט, באַגלײַך מיט דער וויסנשאַפט, דערבײַ אין לעבעדיקע בילדער, צו דערקענען דאָס לעבן, צו אָריענטירן זיך דערין!

טאַקע א גוואַלדיקן באַדײַט! און דערפאַר טאַקע האָט לענין אַזוי ליידנשאַפטלעך זיך באַצויגן צו טאָלסטויס געניאַלער קונסט! און פאַר פאַרגאַנגענע עפּאָכעס — איז קונסט צומאָל דאָס איינציקע מיטל צום באַגרײַפן דעם ווײַטן לעבנ־שטייגער.

אויסער דעם, וואָס די קונסט איז א מעכטיק מיטל צו דערקענען די ווירקלעכקײַט, איז זי איינצײַטיק א מיטל פאַר זעלבסטדערקענונג: קלאַסן דערקענען זיך דורך דער קונסט. און ס'אַרא באַדײַט דאָס האָט פאַר דער אופירונג, פאַר דער האַנדלונג — איז איבעריק צו ריידן.

3. קונסט — א מיטל פון „אַגיטאַציע, אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע". קעמפנדיק, אַגיטירט דער קלאַס דורך דער קונסט פאַר באַשטימטע אידייען, באַווירקנדיק דעם לייענער אין א באַשטימטער ריכטונג, דיסקרעדיטירנדיק און דעזאָריענטירנדיק די פײַנט, מאָביליזירנדיק די סימפּאַטיעס אַפן אייגענעם צאַד, גרייטנדיק זיך אַזוי־אַרום צו די פאָרשטייענדיקע שלאַכטן. פאַרן קלאַס שטייען אין איטלעכן מאָמענט ספּעציפישע פּראָבלעמעס, און די קונסט איז אַקטועל נאָר דאַן, ווען אירע פּראָדוקטן ענטפערן אַפּ א געוויסן אויפן אַפּ דידאָזיקע קלאַסן־באַדערפענישן.

ס'איז קלאָר, אז דאָ איז דער באשטימ־פונקט, און ניט אין דער טע־מאטיק,—דערבײַ איז ניט אויסגעשלאָסן, אז בא א באשטימטער סיטואציע זאָל די טעמאטיק אליין באקומען זייער א גרויסן באדײַט.

אלזאָ: די פונקציע פון דער קונסט (דערין פון דער ליטעראטור) איז געשטאלטיש אָנטייל צו נעמען אינעם קלאסנקאמפּ. די פונקציע פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור—איז אקטיוו אָנטייל־נעמען אין דער סאָציאליטטישער בויונג און אין דער פּראָלעטארישער וועלט־רעוואָליוציע.

אלבערטאָנס „שאכטעס", אשטייגער, איז פּראָלעטארישע קונסט: דורכ זיי רעדט דער אקטיווער אָנטייל פונעם קלאס אין דער לייזונג פון בא־שטימטע אקטועלע אופגאבעס פון גרויסן באדײַט.

שעכטמאנס „שיידוועג" איז בורזשואזע ליטעראטור. דאָ לאָזט זיכ הערן דאָס געיאָמער פון דעם צעקלאפּטן אונטערגייענדיקן מיטל־שיכט, פון „די איעווס, וואָס ברענענ ליכטיק".

## 4. סטיל.

ס'איז די אָרומפאסנדיקסטע קאטעגאָריע פון דער ליטעראטור־קענטעניש און איינצײַטיק די קאָנקרעטיזירונג פונעם אלגעמיינעם פילאָסאָפישנ פּרינציפּ. ס'איז קלאָר, אז ניט דאָ איז דאָס אָרט צו לייזנ די פּראָבלעמ אין איר גאנצנ פארנעמ. ס'איז דאָכ אויסער דעמ פּלאן פון אונדזער ארטיקל, וואָס זײַנ צוועק איז א באגרענעצטער און א גענוג באשטימ־טער: דינענ בלויז פאר א מעטאָדאָלאָגישנ אריינפיר צו דער זאמ־לונג קאָנקרעט־קריטישע ארבעטנ, פּאָרמולירנ די הויפּט־האנאָכעס, וואָס ליגנ אינ זייער יעסאָד. די רייד איז בלויז וועגנ דעמ וויכטיקסטנ.

מיר זאָגנ: סטיל איז די קאָנקרעטיזירונג פונעם אלגעמיינעם פילאָ־סאָפישנ פּרינציפּ, פון דער אלגעמיינער וועלטאָנשויונג. דער סטיל, הייסט עס, איז אומעגלעכ אָנ א וועלטאָנשויונג. ס'איז ניטאָ קיינ איינ קינסטלער אָנ א וועלטאָנשויונג, זאָל עס זײַנ אנ אָרגאניזירטע צי א כאאָטישע, א באוווסטזיניקע צי אנ אומבאוווסטזיניקע, א סטיכיי־שע. סטיל איז אָבער א ספּעציפישע קאטעגאָריע פון קונסט. דרינגט דערפון, אז ניט אינ אלע וועלטאָנשויונגענ זײַנענ פאראנ סטיל־דער־שײַנונגענ, אויב ניט מיסברויכנ מיטנ באגריפ. לאָמיר אָפּריידנ, אז דער סטיל־טערמינ געהערט בלויז צו דער קונסט.

סטיל וועט, אזויארום, זײַן א סינטעטישע קאַטעגאָריע אין דעם זי־גען, וואָס ער באהעפט די פילאָסאָפיע מיט א קאָנקרעטן געביט—מיט דער קונסט. געביטן איז אָבער פאראן אסאך, דערבײַ קאָנקרעטיזירן זיי אלע דעם אלגעמיינעם פילאָסאָפישן פרינציפּ. דער דיאלעקטישער מאַ־טעריאליזם איז איינער, און די אַנווענד־געביטן—פיל. הייסט עס, אז דער סטיל, די ארומפאסנדיקסטע קאַטעגאָריע פון דער קונסט, איז אליין א קאָנקרעטיזאציע פארן סאמע ארומפאסנדיקסטן מעטאָדאָלאָ־גישן פרינציפּ—פארן דיאלעקטישן מאַטעריאליזם.

דער דיאלעקטישער מאַטעריאליזם איז ניט עפּעס קיין אבסטראַק־טע וויסנשאפט, קיין אויבערוויסנשאפט, אזא וויסנשאפט, וועלכע האָט אזעלכע געזעצמעסיקייטן, וואָס ווערן איינערגעץ ניט אָנגעווענדעט. ווען דאָס וואָלט געווען אזוי, וואָלט דאָך געווען אויסגעשלאָסן איטלעכער קאָנטאקט צווישן דעם דיאלעקטישן מעטאָד מיט די קאָנקרעטע מעטאָדן אין איטלעכן וויסנשאפט־געביט באזונדער. עס וועט אָבער זײַן א טעות באָטל צו מאכן די קאָנקרעטע מעטאָדן פון באזונ־דערע וויסנשאפטן, ווי ס'האָבן געפרוּווט עס טאָן אייניקע היציקע אָפּאָרטוניסטן („לינקאטשעס"). ניין: „דאָס אלגעמיינע" איז פונקט אזוי קאָנקרעט, ווי דאָס „איינצלנע", זאָגט לענין. דער דיאמאט האָט אלע רעכט אף זעלבשטענדיקער, פירנדיקער עקזיסטענץ און פאַ־נאנדערארבעטונג. קורץ: סטיל אלס א ספּעציפישע קאַטעגאָריע פון קונסט—איז שמעלער פארן דיאמאט.

נאָר אויב די סטיל-קאַטעגאָריע איז שמעלער פארן דיאמאט, איז זי ברייטער פאר אלע איינצלנע עלע־מענטן (קאָמפּאָנענטן), וואָס בילדן דעם סטיל. אונטער־קע דערפאר, וואָס זי איז די פילאָסאָפישסטע קאַטעגאָ־ריע אין דער קונסט, דרינגט דערפון, אז מע דארף סטילן איינ־טיילן אזוי, ווי מע טיילט אײַן, פון ענגעלסעס צײַטן אָן, די פילאָסאָ־פיע, אין צוויי לאגערן: מאַטעריאליסטישן און אידעאליסטישן. אלע סטילן, וואָס גייען פונעם „אָביעקט", וועלן זײַן מאַטעריאליסטישע, און אלע, וואָס גייען פון „סוביעקט" — אידעאליסטישע. העיוויס, אָבער, ווי די מאָס „אָביעקטיווקײַט" און „סוביעקטיווקײַט" איז ניט איינע און די זעלביקע בא פארשיידענע קלאסן און שיכטן, אין פארשיידענע צײַטן און סיטואציעס, איז קלאָר, אז עס זײַנען פאראן פארשיידענע מינים מאַטע־

ריאליזם און אידעאליזם סײַ אין דער פילאָסאָפיע, סײַ אין דער קונסט. מיר, דער קאָמוניסטישער פּראָלעטאַריאַט מיט זײַן מאַרקס־לענינישער טעאָריע, זײַנען די טרעגערס — און די איינציקע — פאַרנעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם און דאַרפן, אַז אויך דער קינסטלער אונדזערער זאָל זײַן באַוואָפנט מיטן דאָזיקן מעטאָד.

עס איז קלאָר, אַז דאָ איז סאַמע דאָס אָרט אָנצורירן דעם נאַטור־ראַליזם, רעאַליזם, ראָמאַנטיזם, סימוואָליזם א. ד. גל. קונסט־איזמען.

אָפט מישט מען צונויף די דאָזיקע קאַטעגאָריעס מיט די צוויי פילאָסאָפישע גרונט־ליניעס: דער רעאַליזם איז מאַטעריאַליזם, און ראָמאַנטיזם איז אידעאַליזם א. ד. גל. דאָס איז ניט ריכטיק. ס'קאָן זײַן א פּריצישער, א בורזשואַזער און א קליינבירגערלעכער רעאַליזם, וואָס זאָל זײַן געבויט אויף אידעאַליסטישע יעסוידעס, פּונקט ווי דער ראָמאַנטיזם ווערט ניט שטענדיק סטימולירט דורך אידעאַליסטישע (אין פילאָזאָפישן זינען) אימפּולסן.

בעשאַסן מיליטערישן קאָמוניזם, אַשטייגער, איז די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור געווען היפּש ראָמאַנטיש, אויסגעדריקט האָט זי אָבער דעם מאַטעריאַליסטישן שטראָם — איצט וואָלט עס, פאַרשטייט זיך, געהייסן גיין לויט דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד און אַף צוריק, און ניט פאָרויס. די נעשיכטע פון קונסט ווייסט פון זייער ראַדיקאַלע גילגולים אין איטלעכן „איזם" באַזונדער, און נאָר די שטרענג־היסטאָרישע אָפּערירונג מיט די געגנוג פאַרפלאָנטערטע קאַטעגאָריעס קאָן אָפּראַטעווען פון פּרוכטלאָזער בקיאות.

הייסט עס, אַז מע דאַרף אינגאַנצן אַרויסוואַרפן פון דער ליטעראַ־טור־קענטעניש די אויבנדערמאַנטע קאַטעגאָריעס?

אונדז דוכט, אַז דערווײַל ניט. מע דאַרף זיי בלויז אײַנפּאַסן אין די ראַמען פון די פילאָסאָפיש־קוואַליפיצירטע סטיל־אײַנטיילונגען: מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם, אַלס באַשטימטע און קאָנקרעטע שאַפונג־קאַטעגאָריעס.

איצט קאָנען מיר צוגיין צו דער צעוויקלונג פון אונדזער סטיל־באַגריף.

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז דער סטיל איז די קינסטלערישע קאָנקרעטיזירונג פון דער וועלטאָנשויונג. דאָס הייסט, אַז דער סטיל שליסט אײַן אין זיך דעם גאַנצן סכום מאָמענטן, וואָס פאַרגעשטאַלטיקן די אידייע, אָנגעהויבן פון עם צען-

טראלן מאָמענט פון דער געשטאַלטן־סיסטעם און געענדיקט מיט דער פונקטואַציע...

אינעם סטיל האָבן מיר די געשטאַלטן־סיסטעם, די אַזויגערופענע אַרײַנפיר־קאָמפּאָנענטן (פּייזאַזש, זאַכן־אומגעבונג א. ד. גל.); קאָמפּאָזיציע (סטרוקטור), סטיליסטיק (לעקסיק, סינטאַקסיס). ס׳איז קלאָר, אַז ניט אַלע מאָמענטן זײַנען גלײַכווערטיק, האָגאָם אַלע דריקן אויס אַפּאַ באַשטימטן אופן דעם סטיל; אין איטלעכן קעמערל פונעם קינסטלערישן געוועב דאַרף זײַן דאָס „אַלגעמיינע"; האָגאָם עס איז (דאָס איינצלנע קעמערל) ברייטער פאַרן „אַלגעמיינעם" אין דעם זינען, וואָס דאָס גייט אַרײַן אין אים ניט מיט אַלע זײַנע זײַטן. פון דעם שטאַנדפּונקט זײַנען געמאָלט ווידערשפּרעכלעכע דערשײַנונגען אין די ראַמען פון איין קינסטלערישן סטיל. מע דאַרף אָבער דערבײַ דענקען, אַז דער סטיל, אַלס די אַרומפּאַסנדיקע איינהייט, איז ברייטער פאַר איטלעך קאָנקרעט ווערק. בלויז אין דער דינאַמיק פון דער ליטעראַטור אַנטפּלעקט זיך דער סטיל אין די כאַראַקטעריסטישע פאַר אים שטריכן. קורץ: סטילן, ווי סאָציאָלאָגישע קאַטעגאָריעס זײַנען ניט קיין אַבסטראַקציעס, נאָרווירקלעכע פּראָצעסן.

ווידער, ווערן סטילן אַנטפּלעקט דורך קאָנקרעטע זשאַנרען: דורך דעם שטייגערישן, פּסיכאָלאָגישן, פילאָסאָפישן, דורך דעם פּראָדוקציע־זשאַנר א. ד. גל. דערבײַ איז אויך דערצו נייטיק אַ שטרענג־היסטאָרישער צוגאַנג. מיר זעען ניט בלויז די גזוצמעסיקע אַנטשטייונג און בײַט פון די זשאַנרען, אָפּהענגיק פון דער טעטיקײַט פון די קלאַסן, נאָר אַן ענדערונג, אַ טראַנספאָרמאַציע אין די זשאַנרען גופא. דער סטיל איז קאָמפּליצירטסטע דיאַלעקטיק לעגאַבע אַלע קינסטלערישע אויסדרוק־פאָרמעס, וואָס ווערן געברויכט צום לייזן קאַמף־פּראָבלעמעס, וואָס שטייען פאַרן קלאַס. די קריטיק פאַרדינט דעם נאָמען קריטיק נאָר דאַן, ווען זי איז בעקויעך צו באַווײַזן עס סײַ באַנייע צו איינצלנע ווערק, סײַ באַנייע צום גאַנצן ליטעראַטור־פּראָצעס. פאַרבײַגייענדיק, וועלן מיר געבן דאָ אַ פּאָר באַמערקונגען מיקויעך די פאָרמאַליסטן.

וואָלטן זיי ריכטיק פאַרשטאַנען די דיאַלעקטישע פאַרהעלטענישן צווישן אינהאַלט און פאָרם, וואָלטן זיי ניט געקומען צו דער

פעטישיזירונג פונ דער פאָרם, ווי פונ א זעלבשטענדיקנ „אומ-אָפּהענגיקנ", „אימאנענטנ" מאָמענט. זיי פארשטייענ אָבער ניט די פארהעלטעניש צווישנ אינהאלט אונ פאָרם, אונ טוענ אלצ, ביכדיי צו ראטעווענ דעמ פרימאט פונ דער פאָרם, דיסקרעדיטירנדיק דערמיט די פאָרמענ־פאָרשונג. איז שוינ צײַט ארויסצוריַיסנ בא די פאָרמאליסטנ די פאנאנדערארבעטונג פונ דער דאָזיקער העכסט־וויכטיקער פאָרמ־פּראָבלעמ. נאָר מארקסיסטנ זיַינענ זי אימשטאנד צו לייזנ! איצט, ווענ כ' סטאלינס היסטאָרישער לאָזונג: „באהערשנ די טעכניק" איז א מוז פאר אלע געביטנ—אונ די קונסט האָט דאָכ איר „טעכניק",—איז די סטיל־פאנאנדערארבעטונג, די פאנאנדערארבעטונג פונעמ שאפונג־מעטאָד פונעמ שטאנדפונקט פונעמ דיאלעקטישנ מאטעריאליזמ א לעבנס־נויטווענדיקייט פאר דער פּראָלעטארישער ליטעראטור.

## 5. „סאָציאָלאָגישער עקוויוואלענט".

נאָכ אלדעמ אויבנגעזאָגטנ איז שוינ קלאָר, וואָס עס שפּעלט מיט זיכ פאָר דער „סאָציאָלאָגישער עקוויוואלענט". ווי געפינט מענ אָבער אימ? אנדערש, אינ וואָס איז די מעטאָדיק פונ דער קאָנקרעטער קריטיק? בענעגייע צו אייניקע פונקטנ האָבנ מיר זי געפּרוווט לייזנ אינ אונדזער בוכ, אָנ דער פולער זיכערקייט, אז עס האָט זיכ אונדז איַינגעגעבנ אינ דער פולער מאָס... אונ דערפאר הייסט ער טאקע ניט מער, ווי „פּרוּוונ"...

———

אויב מיר נעמנ אָנ, אז דער קוואל פונעמ קונסטווערק איז די קלאסנ־פּראקטיק, איז קלאָר, ס'ארא אנטשיידנדיקנ באדײַט עס האָט פאר אונדז דאָס אופדעקנ דעמ סאָציאָלאָגישנ עקוויוואלענט, דאָס הייסט צו באקומענ דעמ פאָרמיר־פּרינציפּ פארנ גאנצנ ווערק, פאר זיַינ גאנצנ קינסטלערישנ אָרגאניזמ, פאר איטלעכנ פונ די באשטאנד־עלעמענטנ זיַינע... ווי געפינט מענ אָבער עס דעמדאָזיקנ צויבער־שליסל?

פאר פערעווערזעוונ זיַינענ דאָ קיינ איבעריקע שוועריקייטנ ניט פאראנ: די געשטאלטנ דריקנ אויס דעמ „סאָציאלנ כאראקטער". דער לעצטער וואקסט ארויס דירעקט פונ די פּראָדוקציע-פארהעלטענישנ אונ־גאָר. אשטייגער: די קליינ־פּריצישע קונסט איז דערפאר פּייזאזש־

אָרעמ, ווײַל אירע טרעגערס, די קלײנבירגערלעכע פּריצימ, האָבנ זיכ ווײניק פאַרנומענ מיט גײַעג, — לעהײפּעכ צו די פּריצימ־מאַגנאַטנ.

פאַר די קריטיקער פונעמ „איבערדערצײלערישנ״ שניט, וועלכע באַגרענעצנ זיכ דערמיט, וואָס עס ליגט פונ אויבנ אויפ, זײַענדיק אימפּאָטענט צו באַגרײַפנ די סאָציאָלאָגיע פונעמ סטיל, איז עס אויכ זײער א לײַכטע זאַכ. עמעסע וויסנשאַפט כאַפּט, אָבער, ניט קײנ פײגעלעכ! זי דאַרפ דערגרונטעווענ ביזנ סאָפ, זי דאַרפ דערקלערנ אַלע פראַגעס.

מיר האָבנ געהאַנדלט אַזוי: טכילעס גיבנ מיר דעמ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישנ אַנאַליז פונ דער געשטאַלטנ־סיסטעמ, דערבײַ, וואָס פינקטלעכער, אונ צוליב צוויי טײַמימ: ערשטנס, ווײַל די פּסיכאָלאָגיע פונ די געשטאַלטנ איז דאָכ קלאַסנ־פּסיכאָלאָגיע! אונ פאַרנ קלאַסנקאַמפּ אונ פאַר דער סאָציאַליסטישער בויונג האָט דאָס באַנעמענ די קלאַסנ־פּסיכאָלאָגיע א היפּשנ באַדײַט! צווײטנס, איז דורכנ אויספירלעכנ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישנ אַנאַליז קומענ מיר סײַ צו דער פּראָבלעמ, וואָס דער קינסטלער האָט פאַר זיכ געשטעלט; סײַ דערצו, ווי ער האָט זי געלײזט, אַנדערש — צומ סאָציאָלאָגישנ עקוויוואַלענט... דערבײַ באַשטײט דאָ דער שווערפּונקט אָט אינ וואָס:

מאַרקס האָט געזאָגט: מע דאַרפ אורטײלנ ניט לויט דער זעלבסטמײנונג אונ זעלבסט־איבערלעבונגענ פונ די מענטשנ, נאָר לויט זײער אופירונג, לויט זײער האַנדלונג.

אינעמ אומשטערבלעכנ „קאַפּיטאַל״, אינעמ געניאַלסטנ קאַפּיטל וועגנ סכוירע־פעטישיזמ — האָט מאַרקס פעסטגעשטעלט דעמ מעכאַניזמ פונ אַלע מינימ סכוירע־פעטישיזמ. אינ זײַנע היסטאָרישע אַרבעטנ האָט מאַרקס אַנטפּלעקט דעמ קלאַסנ־כאַראַקטער פונעמ היסטאָרישנ „ראָמאַנטיזמ״ בא די מאַכטהאָבנדיקע שיכטנ. ווענ קלאַסנ גײענ אונטער אונ געפינענ זיכ אינ א קאָנפליקט מיט דער ווירקלעכקײַט אונ אירע טענדענצנ, באַמיט זיכ דער קלאַסנ־מעכאַניזמ צו פאַרמאַסקירנ פאַר זײ די ווירקלעכע זאַכלאַגע: ס׳דוכט זיכ זײ, אַז זײ קומענ אומ ווי קאָרבאָנעס פאַר „אײביקע אידעאַלנ״, אַז זײ פאַלנ אויס היסטאָרישע „שליכעס״, אינ דער צײַט ווענ אינדערעמעסנ קומענ זײ אומ מאַכמעס איבערגעפרעסנקײַט אונ אָפּגעשוואַכטקײַט פונ פרעמדער רויב. מע

דארפ עס דעמאסקירן, אנטפלעקנדיק דעם עמעסנ היס־טאָרישנ אונטערשלאק פונ אלע קלאסנ־אילױזיעס. דאָסזעלביקע זעענ מיר, װענ קלאסנ קומענ צו דער מאכט, ביכלאל: די גאנצע געשיכטע פונ דער געזעלשאפט פאר דער צײַט פונ דער סכױרע־װירטשאפט איז איבערגעפילט מיט דידאָזיקע גראנדיעזע פסיכאָלאָגישע פאלסיפיקאציעס.

א בײַשפיל פונ אונדזער געביט: נינע (פונ „נינע אונ מאיאָרטשיק") שיסט ליאלעװסקינ. דארפ זי פאר זיכ פסיכאָלאָגיש פארענטפערנ דעמדאָזיקנ אקט: ס'איז דאָכ ניט קײנ קלײניקײַט: א מײדל — ניט קײנ טעראָריסטקע — שיסט א מענטשנ! איז װיאַזױ?

„גראדע" קומט עס אלצ פאַר לעבנ לײע דער פודלמאכערנס װאנט, אונ נינע דערמאָנט זיכ, װי אלע פיסקעװאטע קינדער, דערינ אויכ מאיאָרטשיק פלעגנ שפילנ אינײנעמ: דאָס „פיסקעװאטע" בלוט, — הײסט עס, האָט עס אינ איר א קאָכ געטאָנ! אפּאָנעמ, אז דער קינסטלער האָט זיכ ניט געכאפט, אז דאָס האָט דער קלאסנ־אינסטינקט בא נינענ א מאנעװריר געטאָנ... דאָסגלײַכנ, װענ בא נינענ, נאָכ־דעמ, װי אײניקע אירע שפיל־קונצנ גיבנ זיכ ניט אײַנ, אנטשטײט די פראָבלעמ: „מיט װעמענ בינ איכ"... איז דאָ דער קערנ טאקע דערינ, װאָס די אנטפלעקונג־פאָרמ פאלט ניט שטענדיק צו־נויפ מיטנ „װעזנ". אָפטמאָל װידערשפּרעכט זי אימ, אונ די אופ־גאבע פונעמ מארקסיסט־פסיכאָלאָג (אונ אונדזערער א קינסטלער דארפ זײַנ אזא מארק סיסטישער סאָציאַל־פסיכאָלאָג!) איז טאקע צו אנטפלעקנ די געשטאלט אונ צו דעמאס־קירנ זי אינ אזוינע פאלנ. אונ דער אויספירלעכער סאָציאַל־פסיכאָלאָ־גישער אנאליז, װאָס מיר װענדנ אָנ, װײַזט אונדז, װיאַזױ דער קינסט־לער האָט באהערשט אָט די אופגאבע. אגעװ, דערדאָזיקער מאָמענט — דער סאָציאַל־פסיכאָלאָגישער אנאליז — איז בא אונז פאנאנדערגעאר־בעט מער פאר די איבעריקע מאָמענטנ אונ, מעגלעכ, ערטערװײַז ניט אינגאנצנ באפרידיקנדיק.

דערפונ, װאָס ערשט נאָכדעמ, װי מיר געפינענ אויס דעמ סאָציאָ־לאָגישנ עקװיװאלענט, הײבנ מיר אימ אָנ אָנצװענדנ צומ אנאליז פונ די איבעריקע קאָמפּאָנענטנ, װאָלט געװענ א טאָעס צו דרינגענ, אז מיר ברױכנ פּ'עכאנאָװס „צװײ אקטנ": פונ אָנהײב דעמ סאָציאָלאָגישנ אונ דערנאָכ דעמ עסטעטישנ.

ערשטנס, רעכענען מיר דעם סאָציאָלאָגישן אנאליז פאר
ניט־פארענדיקט, איידער מיר האָבן ניט אויסגעשעפּט
אלע קאָמפּאָנענטן פונעם ווערק, און צווייטנס, איז פארנע-
מענדיק זיך מיטן סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אנאליז פון
דער געשטאלטן־סיסטעם, דיסקאָנטירן מיר איינצײַ־
טיק זייער קינסטלערישע, עסטעטישע אָנגעפילטקײַט.
אזוי, אז ס׳גייט בא אונדז איינצײַטיק מיטן סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אנא־
ליז אויך דער עסטעטישער, האגאמער ווערט אויכעט ניט אויסגעשעפּט.
פונקט ווי פארן סאָציאָלאָגישן עקוויוואלענט, אזוי איז אויך פארן
עסטעטישן פירן מיר אונטער דעם באלאנס ערשט צום סאָף
פון אונדזער, אין גרונט איינהײַטלעכן, צווייזײַטיקן אנא־
ליז, נאטירלעך, לויט די קויכעס נאָך...

א וויכטיקן באדײַט פארן סאָציאָלאָגישן עקוויוואלענט האָט די פעסט־
שטעלונג פון די קרעפטן־פארהעלטענישן אין דער גע-
שטאלטן־סיסטעם בא דער שײַן פון די קלאסן־פאר־
העלטענישן אין דער ווירקלעכקײַט. דערדאָזיקער דיסקאָנט
ווײַזט אונדז דעם פארנעם פון די פּראָבלעמעס, וואָס דער
קינסטלער לייזט, דאָס פעלד, וואָס זײַן קלאסן־אויג
האָט פארכאפּט.

פון דער געשטאלטן־סיסטעם גייען מיר אריבער צום קאָמפּאָזיציאָ־
נעלן אנאליז, צו דער סטרוקטור פונעם ווערק אין ברייטן זינען פו־
נעם וואָרט.

א וויכטיקער מאָמענט איז דאָ די פארהעלטעניש צווישן דער
פאבול מיטן סיוזשעט בא דער שײַן פון דער צענטראלער
פּראָבלעם פונעם ווערק. אָפּטמאָל האָבן מיר דאָ א פולן ווידער־
שפּרוך און ביכלאל דעסטרוקטיווע טענדענצן, און דאָס בא־
לויכט אפּ א באזונדער אויפן דעם סאָציאָלאָגישן פּרינציפּ פונעם ווערק.
א בולטער בײַשפּיל איז די אנארכיע אין מארקישעס גרויס און
ערטערווײַז גלענצנדיק ווערק „ברידער": די אינטערפּרעטאציע
פון די ברידער־געשטאלטן איז ניט קיין קאָמוניסטישע, נאָר א מין
קליינבירגערלעך־רעוואָלוציאָנערע. און דאָס באשטעטיקט מיט אלע
פּיטשעוועקעס די כאָאָטישע סטרוקטור פונעם ווערק.

נאָכן קאָמפּאָזיציאָנעלן אנאליז איז לאָגיש אריבערצוגיין צו די
איבעריקע קאָמפּאָנענטן: סטיליסטיק אין ענגן זינען פון לעקסיק און

סינטאקסיס, און אלץ אויכעט געפירט פונעם זעלביקן פרינציפּ, וואָס מיר האָבן ארויסבאקומען פונעם געשטאלטן־אנאליז. דערביי ווערט דערדאָזיקער אָריענטיר־פרינציפּ אי באשטעטיקט, אי וואריִרט אינעם וויַיטערדיקן אנאליז, ביז עס ווערט ניט קלאָר ביזן סאָפּ די פולע ווידערשפרוכן־איינהייַט פונעם סאָציאָלאָגישן עקוויוואלענט פונעם ווערק.

די לעצטע סטאדיע איז דאָס אָרט פונעם דאָזיקן ווערק אין דער דינאמיק סיַי פון דעם קינסטלערס שאפן, סיַי פון דער גאנצער ליטעראטור.

ווען מיר האָבן צו טון מיט א באשטימטן זשאנר, אשטייגער, מיטן פּראָדוקציע-זשאנר בא אלבערטאָנען, דיסקאָנטירן מיר באם אנאליז פון אלע קאָמפּאָנענטן די באזונדערע פאָדערונגען פונעם געהעריקן זשאנר.

אזוי האָבן מיר געארבעט, אזוי האָבן מיר געפּרווט, בלאָנדזשענדיק אָפּט, אָבער געפירט פון איין אומבאשטריַיטבארער היסטאָרישער אופגאבע, וואָס שטייט איצט פאר אונדזער קריטיק, אויב זי וויל בעעמעס זיַין ווערט דעם נאָמען מארקס־לענינישע קריטיק: צו פארבינדן די פאנאנדער־ארבעטונג פון די מעטאָדאָלאָגישע פּראָבלעמעס מיטן קאָנקרעטן אנאליז פון די קונסט־דערשיַינונגען, די טעאָריע — מיט דער פּראקטיק.

איינמאָל פאר אלעמאָל: קריטיק, וואָס בינדט אָן פון דרויסן און אנטפּלעקט ניט פון אינעווייניק, נאטירלעך, פּאראלעל־געמיינערנדיק עס מיט דער דערפארונג פון דער גאנצער ליט. באוועגונג — איז אן ארויסגע־וואָרפענע ארבעט, איז א באלאסט!

פאר א קאָנקרעטער קריטיק!

פאר קאָלעקטיווע „פּרווון"!

פאר קאָלעקטיווע זוכענישן!

אקטיוו אָנטיילנעמענדיק אין דער סאָציאליסטישער בוינג, אין דער ריַיכסטער אין דער וועלט פּראקטיק;

אָנווענדנדיק און לערנענדיק זיך אלץ פולקומער און פולקומער אָנצווענדן דעם געניאלסטן, מארקס־לענינישן דיאלעקטיש-מאטעריאליסטישן אינסטרומענט;

געפירט פון דער פּארטיי, וועלכע בויט דעם סאָציאליזם — וועלן די גרויסע אופגאבעס, וואָס שטייען פאר אונדזער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור, דערינ אויך פאר דער קריטיק, געוויס געלייזט ווערן.

מאָסקווע, אווגוסט 1931.

---

# דער פּראָדוקציע־זשאַנר בא אלבערטאָנען.

אלבערטאָנס לעצט ווערק „שאכטעס" איז דאָס ערשטע ווערק פונעם רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד אין דער יידישער פּראָלעטארישער ליטעראטור. פארדינט עס שוין דערמיט אליין די גרעסטע אופמערקזאמקייט מיצאד די ברייטסטע לייענער־מאסן און דער מארקסיסטישער קריטיק.

די „שאכטעס" זיינען אָבער ניט דער „ערשטער ארויספאָר" אלבערטאָנס. הינטער זיי שטייען: „בירעבידזשאנער" און „פּיאָדאָר זובקאָוו", מיט וועלכע זיי (די „שאכטעס") זיינען מיט פיל פעדעם פארבונדן. זאָגט עס, אז עס איז שוין צייט א בליק צו טון אפן גאנצן שעפערישן וועג, וואָס אלבערטאָן האָט דורכגעמאכט פאר די 5 יאָר שרייבן. דירעקטע ארבעט, וואָס איז לעסאטע א פראגמענט פון א מאָנאָגראפיע, נעמט דעריקער דעם פּראָדוציר-זשאנר אין אלבערטאָנס שאפן.

## אלבערטאָן אלס פּראָלעטארישער קינסטלער.

פּראָלעטארישע ליטעראטור איז פאר אונדז איינע פון די אידעאָלאָגישע פאָרמען (נאטירלעך, א פאָרם א ספּעציפישע), וואָס מיט זייער הילף קעמפט דער פּראָלעטאריאט פאר זיין פולער קלאסן־באפרייונג. אזויווי בא אונדז שטייט דער פּראָלעטאריאט בא דער מאכט און בויט, אָנגעפירט דורך דער קאָמוניסטישער פארטיי, דעם סאָציאליזם (מיר זיינען שוין אריין אינעם דריטן אנטשיידנדיקן), איז קלאָר אז די קלאסן־אופגאבע פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור איז אָנטיילצונעמען וואָס ברייטער און קרעפטיקער — נאטירלעך, מיט אירע ספּעציפישע מיטלען — אין דער גראנדיעזער סאָציאליסטישער בויונג.

געוויס איז דערדאָזיקער אָנטייל פון דער ליטעראטור אין דער סאָציאליסטישער בויונג זייער א קאָמפּליצירטער איניען. די אלגעמיינע היסטאָרישע קלאסן־אופגאבע ווערט דאָ קאָנקרעטיזירט אין די פארשיידנסטע פאָרמען און אויפאנים. א היסטאָרישער ראָמאן, אשטיי־

גער, וואָס זאָל קינסטלעריש לייזן אזעלכע סאָציִאַלע פּראָבלעמעס, וואָס פירן ד י ר ע ק ט צו אונדזער ציַיט, איז דאָ פונקט אזוי געזוצלעך, ווי א פּאָליטיש ליד, נאטירלעך, בא דער געהעריקער פּראָפּאָרץ. אלע טעאָריעס, וואָס שטרעבן צו ב א ג ר ע נ ע צ נ ד ע מ ש ע ט ע כ א ו נ צ ײַ ט פ א ר נ ע מ פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור, וועלכע מוז און וועט זײַן רײַכער, טיפער, פולקומער פאר אלע ביז איצטיקע ליטעראטורן — ווארפן מיר קאטעגאָריש אָפּ, ווי א מין אייגנארטיקן אָ פּ אָ ר ט ו נ י ס-ט י ש נ מ י נ י מ א ל י ז מ.

יאָ, די פארשיידנפארביקסטע טעמאטיק, די פארשיידנסטע זשאנרען, די דרייסטסטע סטיל־פּרווּון און זוכענישן, די לײַדנשאפטלעכסטע געוועטן אין שעפערישן הינזיכט! נאָר מיט איין טנאַי: אלץ זאָל ס ט י מ ו ל י ר ט ווערן, זאָל געטריבן ווערן פון איינ מעכטיקן אלץ ארומכאפּנדיקן פארלאנג: מיטהעלפן דעם פּראָלעטאריאט אין זײַן קאָלאָסאל היסטאָרישער שליכעס: דערפירן דעם אָקטיאבער־אָנהייב ביזן סאָף... דאן וועלן מיר דערגרייכן צו אזא ליטעראטור, וועלכע מיר קאָנען איצט אפילע ניט פאָרויסזען.

ווארפנדיק דערווײַלע סכעמאטיש א בליק אפ אלבערטאָנס קינסטלערישן וועג, אָנגעהויבן פון „כיאָדאָר זובקאָוו", דורך „בירעבידזשאנ" און געענדיקט מיט די „שאכטעס", זעען מיר, אז ער איז שטענדיק א ק ט ו ע ל, אָנטיילנעמענדיק אפ זײַן שטייגער אין דער לייזונג פון די צענטראלע פּראָבלעמעס פון דעם געגעבענעם צײַט־אָפּשניט.

„פיאָדאָר זובקאָוו" האָט צו טון מיטן אופשטעל־פּעריִאָד הארט באם איבערגאנג צום רעקאָנסטרוקציע־פּעריִאָד. דער צווייטער טייל פון דער היפשער זאכ, וואָס באשטייט, אייגנטלעך, פון דרײַ טיילן: „פיאָדאָר זובקאָוו", „ארבּפּאקאָוועצ" און „אפ נאכטיקע וואכטעס", פארנעמט זיך מיט דער קאדרען־פּראָבלעמ; צולעצט, „אפ נאכטיקע וואכטעס" — מיט דער ראציִאָנאליזאציע.

„בירעבידזשאנ" געהערט אויך, סאָציִאָלאָגיש גענומען, צום אופשטעל־פּעריִאָד, האגאמ אין דער אייגנארטיקער פאָרמ פון פּראָדוקטיוויזאציע און איבערוואנדערונג, וועלכע ער האָט צווישן איבעריקן אָנגענומען צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג.

„שאכטעס" האָט צו טון מיט דער מעכאניזאציע אפן דאָנבאס און מיט דער מענטשן־רעקאָנסטרוקציע אינעם פּראָצעס פון דערדאָזיקער מעכאניזאציע.

אוואדע האָבן מיר ניט אין אַלבערטאָנס שאַפונג די פולע לייזונג פון אָט דעם גאַנצן סכום פּראָבלעמעס. דאָס איז ביכלאל מעגלעך נאָר פאַר דער גאַנצער ליטעראַטור, פאַרן גאַנצן קאָלעקטיוו קינסטלער, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פאַרמאָגט. ווידער, קאָן מען ביכלאל האַלטן, אַז ניט אַלץ, אָדער אפילו זייער פיל האָט זיך אַלבערטאָנען איבער פיל סיבעס ניט איינגעגעבן קינסטלעריש צו לייזן. וויכטיק איז אָבער פאַר אונדז פעסטצושטעלן, און דאָס שיינט אונדז, איז אומבאַשטרייטבאַר—אַז אַלבערטאָנ איז געגאַנגען מיטן פּראָלעטאַריאַט, אַז ער האָט זיך געמיט אין אַלע זיינע ווערק (אויסער דער ערשטער דערציילונג „פסוילעס" („רויטע וועלט" 1926), וואָס, אַלס א צופעליקע פאַר אים, האָט זי ניט געקראָגן קיין פּאָרזעצונג אין זיין ווייטערדיק שאַפן) אָנטיילצונעמען אין דער לייזונג פון די אַקטועלסטע צייט־פּראָבלעמעס.

## I. „פסוילעס".

ס'איז אַלבערטאָנס „ערשטער ארויספאָר" און האָט דעריבער פאַר דער פאָרשונג א באַזונדערן אינטערעס: שרייבן הייבט מען דאָך ניט אָן פון דער העלער הויט: ס'האָט זיך פלוצלינג פאַרגלוסט, גענומען הענטל־פּען און אָנגעשריבן. ניין: עפּעס מוז זיין אַזוינס, וואָס אַנטשטייט פאַרן אָנפאַנגער און זאָגט אים אונטער, ער זאָל זיך נעמען דאַפקע דערפאַר.

אין „פסוילעס" איז די רייד טאַקע וועגן פסוילעס, וועגן דער אונטער־וועלט.

וואָס פאַר א קלאַסן־פּראָבלעמעס אַנטשטייען דאָ פאַר דער פּראָלעטאַרישער קינסטלערישער ליטעראַטור?

די אויפגאַבע פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט איז דאָך, דערקענענדיק דיווירקלעכקייט, מיטהעלפן צו ענדערן זי.

טאַקע א היפּש ביסל פּראָבלעמעס:

1. וויאַזוי די קאַפּיטאַליסטישע וועלט, וועלכע איז די אָרדענונג פון גרויזאַמער עקספּלואַטאַציע, אויסהונגערונג, דערנידערונג און מענטשן־פאַרדאַרבונג, געבוירט אָט דאָס „פסוילעס". אַזא מין ווערק וואָלט, הערנדיק דאָס וויסן־פאַרמעגן פונעם מאַסן־לייענער, איינצייטיק געשטאַרקט און מאָביליזירט זיין קלאַסנהאַס קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט—א זאַך אַן אַבסאָליוט נייטיקע אינעם גוואַלדיקן געראַנגל פאַרן קאָמוניזם.

2. וויאַזוי פון דער אינטערוועלט רײַסן זיך ארויס גרויסע טיילן און שליסן זיך אָן אינעם פּראָלעטארישן קלאסנקאמפּ.

3. וואָס עס קומט פאָר מיטן „פּסוילעס" אינעם ראטנפארבאַנד, ווו עס ווערט אדאנק דער אָרדענונג פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור און אדאנק די באַציִונגען פון דער פּראָלעטארישער מאכט אויס „פּסוילעס".

מיר האָבן, נאטירלעך, ניט אויסגעשעפּט דעם גאנצן סכום געזעל־שאפטלעך־וויכטיקע פּראָבלעמעס, וואָס איז פארבונדן מיט לומפּן־שטאָפּ. אָבער אויך די, וועלכע מיר האָבן אָנגעצייכנט, זאָגן אומבאַשטרײַטבאר, אז אויך דאָ איז פאראן וואָס צו טון פאר א פּראָלעטארישן קינסט־לער. ווידעראמאָל: די, וואָס באַגרענעצן טעמאטיש די פּראָלעטארישע ליטעראטור, מוזן סאָפּקאָלסאָפּ קומען, זאָל זײַן ניט־ווילנדיקערהייט, צו איר אידעאָל אָגישער באַגרענעצונג. נאָר דאָס האָט שוין א שײַכעס צו אונדזערע כּעזשבוינעס מיט דער פּערעװערזעווישער שול, וועלכע האָט, ווי ס'איז באַוווּסט, באַווירקט, אין דער אָדער אנדערער פאָרם, א היפּש ביסל מארקסיסטישע ליטעראטור־פאָרשערס.

צוגייענדיק פונעם אויבנפאָרמולירטן שטאנדפּונקט צו אלבערטאָנס „פּסוילעס", קומט אויס צו קאָנסטאטירן, אז די דערציילונג ענטפערט ניט אין דער מינדסטער מאָס אף די אָנגעצייכנטע פּראָבלעמעס. בלויז אין איין אָרט, ווו עס ווערט איבערגעגעבן א שמועס, א מין הייסע דיסקוסיע צווישן דעם „פּסוילעס" אין „דאָפּר" וועגן דעם כילעק צווישן דעם אלטן און נײַעם „רעזשימ" אין די טפיסעס, ווערט דערמאנט וועגן ווערקשטאטן, וועגן מעלאָכע א. אז. וו. די פּראָבלעם ווערט אָבער אפילע ניט געשטעלט. וואָלט אלבערטאָן געשילדערט, ווי געוויסע טיילן ווערן דאָ פּראָדוקטיוויזירט, אויסגעמענטשלט, סאָציאַל אויסגעהיילט—דערין איז דאָך דער כילעק צווישן אונדזערע „אויסבעסערונג־הײַזער" און די קאפּיטאליסטישע — וואָלט עס געווען געזעלשאפטלעך אקטועל און קינסטלעריש אינטערעסאנט. דאָס אָבער פעלט אין דער דערציילונג. איר פלאַך איז — די „עטנאָגראפישע".

נאָר אויכעט די עטנאָגראפיע, אפילע אין איר ריינסטער פאָרם, איז סאָציאַל און האָט מעמיילע בווּלעטע קלאסן־שטריכן, ביפראַט די קונסט, אפילע ווען זי גרענעצט מיט עטנאָגראפיע.

דער קלאסן־כאראקטער פון א קינסטלעריש ווערק לאָזט זיך זייער פילן אין זײַנע סטיל־אייגנטימלעכקײַטן. אין דעם פראַט איז „פּסוילעס" דורכויס נאטוראליסטיש. קיין פארגאנצטע געשטאלטן, שוין ניט

גערעדט וועגן סינטעטיש-טיפּישע קינסטלערישע אויסבילדונגען,— האָבן מיר דאָ ניט.

דער גאַנצער געשילדערטער שטאָף איז באַצייכנט, ווי „פּסוילעס", און ווערט, אַזויאַרום, אידעאָלאָגיש פאַרורטיילט. אַוואַדע איז פאַרן קינסטלער קלאָר, אַז ער האָט צו טון טאַקע מיט „פּסוילעס", מיט מענטשן־אָפּפאַל. אין דער זאַך גופא פאַרלירט זיך אָבער צייטנווייַז די דיסטאַנץ, און ס'טוט א פינקל אַן אַנדער מין אַספּעקט, מיר וואָלטן געזאָגט א „קריקישער", נאַטירלעך, אָן באַבעלס מייַסטערשאַפט.

זייער בוילעט סטאַרטשעט אַרויס דערדאָזיקער „בעני־קריקישער" עלעמענט פון דער סטיליסטיק (אין ענגן זין פון וואָרט): קרימינעלע לעקסיק און פּראָזעאָלאָגיע, כאָטש פאַר לינגוויסטן און... אויסשפּיר־טוערס! דערבייַ ברענגט דאָ ערטערווייַז דער „נאַטוראַליזם" צו פאַרדעכ־טיקע דיאַלעקטישע סיורפּריזן, ווען די אָפּוועזנקייַט פון קינסטלערישער מאָס — און פאַרן נאַטוראַליזם איז עס טאַקע ניט קיין צופעליקייַט — ווען דאָס יאָגן זיך נאָך „פּינקטלעכקייַט" איז גוירעם צו איינפאַכער פאַרנאָגראַפיע (ז. 24, שורע 15; דאָסזעלביקע: ז. 26, שורע 26).

און ליטעראַטור דערציט דאָך!

אַוואַדע פאַלט א כיילעק שולד אויף דער רעדאַקציע, נאָר דאָס איז א גאַנץ ערנסטע טעמע פאַר זיך: ווי אַזוי אונדזערע זשורנאַלן ביכלאַל רע־דאַקטירן עס קינסטלערישע ליטעראַטור.

מיר ווילן, מע זאָל אונדז ניט אויסטייַטשן פאַלש. מיר מאַכן פון קיין אויסדרוק קיין וועזן ניט, מיר האָבן זיך ביכלאַל פאַרהאַלטן דערויף, ווי אויף א פּראַט, האַגאַם א ציקאַווען...

**אַלזאָ**:

**דער נאַטוראַליזם באַם שילדערן, ריכטיקער באַם אינטערפּרעטירן די לומפּן־וועלט, וועלכן מיר האָבן אין** אַלבערטאָנס „פּסוילעס", זאָגט, דאַכט זיך, איידעס דערויף, מיט וואָס פאַר אַן עלעמענט **מיר האָבן צו טון אין דער פּסיכאָלאָגיע** פון אונדזער קינסטלער באַם זייַן ערשטן אַרויספאָר.

ס'אַרא עוואָליוציע אַלבערטאָן האָט פון דעמאָלט דורכגעמאַכט!

צוליב דער פולקייַט פון אונדזער סטיל־אַנאַליז וועלן מיר צוגעבן, אַז ערטערווייַז פילט זיך בערגעלסאָנס ווירקונג. איין בייַשפּיל:

...„דער אינדרויסן איז שוין עטלעכע טעג. אויך ווי אַפּצולאָכעס; א גאַנצן טאָג כמאַרעט זיך; שליאַיען זיך אום וואָלקנס, גרויע מיט

בלאָנקע שטיקער געלאַטעט. און טאַקע זיי, די בלאָעשטיקער—זיי שטערן, צו נאַכט־צו, מיט דער הילף פֿון די קליינע לעכטעלעך, צעוואַקסן זיך די בלאָנקע פּאַסיקלעך און טרײַבן אַוועק די עמעסע פֿרײַנט—גרויע וואָלקנס. און אַז עס גלוסט זיך זיי גאָר, שלעפּט מען מיט מיט זיך די טיפעשעוואַטע לעוואָנע און מע שטעלט זי אַוועק אַפּצולאָכעס פֿונקט דאָרט, ווו ס׳קאָן שאַטן״ (ז. 16).

דאָ האָבן מיר ניט בלויז בערגעלסאָנס ווירקונג, נאָר אויכעט, ער־טערוויַיז—רעזאָנערישע אומבאַהאָלפֿנקײַט אינעם ברויכן בערגעלסאָנס סטיל־מיטלען. באַם אַנאַליז פֿון „פּיאָדאָר זובקאָוו״ וועלן מיר זיך אָנ־שטויסן דערויף אין אַ שאַרפֿערער מאָס. דערבײַ וועלן מיר גראָד זען, ווי דידאָזיקע רעזאָנערישקײַט, אַ מין קינדער־קרענק אינעם קינסטלערישן וווקס, פֿאַרברייטערט איר פֿאַרנעם: ניט בלויז זי דרינגט אַרײַן אין פּיי־זאַזש, נאָר אויך באַם אַרויסברענגען סאָציאַלע פּראָבלעמעס.

מיט דער צײַט (דערבײַ זייער גיך) פֿאַרשווינדט די רעזאָנערישקײַט פֿון אַלבערטאָנס סטיל־אַרסענאַל אין דער צײַט, ווען בערגעלסאָנס ווירקונג דויערט, וואַריִרנדיק אַף פֿאַרשיידענע אופֿאַנים פּאַראַלעל מיט שאָלעם־אַליכעמס ווירקונג, וועלכע איז, לויט אונדזער מיינונג, אָרגאַני־שער, ניט אַן ערעך, פֿאַר בערגעלסאָנס. נאָר דערמיט פֿאַרלויפֿן מיר שוין דעם וועג.

די אויבנגעבראַכטע „בערגעלסאָנישע״ ציטאַטע פֿון „פּכוילעס״ איז אויך אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זי מערקט אָן, דורכן עפּיטעט „שליאַ־יען״, א. ד. גל. אַ געוויסע קאָנסטרוקטיוויסטישע פֿאַרוואַנדלונג פֿון דער אימפּרעסיאָניסטישער פּאָעטיק. אומעטום באַ אַלבערטאָנען באַגע־גענען מיר עס אין דער אָדער אַנדערער מאָס.

אַלבערטאָנס ערשטער פּרוּוו האָט איצט, פֿאַרשטייט זיך, בלויז אַ היסטאָרישן ווערט, אַ היסטאָרישן פֿאַר דער עוואָליוציע, וואָס אונ־דזער קינסטלער האָט דורכגעמאַכט.

## II. פּיאָדאָר זובקאָוו.

איידער מיר טרעטן צו צום סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פֿון דער געשטאַלטן־סיסטעם פֿון „פּיאָדאָר זובקאָוו״, מוזן מיר פֿריִער זאָגן וועגן דער סטרוקטור פֿונעם גאַנצן ווערק. דערדאָזיקער „קאָמפּאָזיציאָנעלער אָפּנויג״ אונדזערער איז אָבער אומבאַדינגט נייטיק.

די מײַסע איז, וואָס דאָס גאנצע ווערק איז געבויט פּילפּלאכיק. מיר האָבן פאקטיש צו טון מיט דרײַ דערציילונגען —

1. „פּיאָדאָר זובקאָוו" („רויטע וועלט" 1927 נומ. 3, 4, 5, 6).
2. „ארבפּאקאָוועץ" („ר. וו". 1929 נומ. 12).
3. „אפּ נאכטיקע וואכטעס" („ר. וו". 1929 נומ. 2, 3, 4), — וואָס זײַנען צווישן זיך זייער שוואכ פארבונדן.

פיאָדאָר זובקאָוו איז זייער אן אָפּגעשטאנענער ארבעטער: די קאַ־פּיטאליסטישע אָרדענונג האָט פארדאָרבן זײַן קלאסנבאוווסטזײַן און אָפּגענומען בא אים דאָס לאָשן. אפּאָנעם, אז די הויפּט־פּראָבלעם, וואָס דער קינסטלער האָט פאר זיך געשטעלט, איז געווען צו ווײַזן, וויאַזוי זובקאָוו הייבט אָן ריידן.

די דערציילונג הייבט זיך אָן מיט א סכעמאטישער „פּארטיקער" כאראקטעריסטיק, און גלײַך גייט אוועק, רעטראָספּעקטיוו, א לאנגע „פּאָרגעשיכטע", וועלכע פארנעמט 10 קאפּיטלען פון דער גאנצער צאָל 17, וואָס די דערציילונג פארמאָגט. און ווען ס'דערגייט ביז דער אופּ־שטעלונג פונעם ציגל־זאוואָד (זובקאָוו בלײַבט אלץ נאָכ שטום), אנטשטייט דאָ א ריי ספּעציפישע פּראָבלעמעס.

די צווייטע דערציילונג, „ארבפּאקאָוועץ", האָט צו טון מיט דער קאַ־דרען־פּראָבלעם, היסטאָריש אויכעט לאָקאליזירט. דערבײַ איז די זאכ אינגאנצן זעלבשטענדיק לעגאבע דער ערשטער דערציילונג. בלויז אין „אפּ די נאכטיקע וואכטעס" קרייצן זיך איבער די ליניעס פון די געשטאלטן יעקל מאלינ און פּיליפּ כוואסטונ (דעריקער דער ערשטער) פונעם „ארבפּאקאָוועץ" מיט די ליניעס פון די געשטאלטן זובקאָוו, מארפע, אנאנקע פון דער ערשטער דערציילונג.

די הויפּט־פּראָבלעם פון די „נאכטיקע וואכטעס" איז יעקל מאלינס ראציאָנאליזאציע־אופּטו אפּן סופּער־זאוואָד. יעקל מאלינ איז דאָ די צענטראלע געשטאלט, נאָר עס פיגורירט אויכ זובקאָוו.

ווען מירן זיך ספּעציעל פארנעמען מיטן אנטשפּרעכיקן אנאליז, וועלן מיר זען, וויאַזוי אונדזער קינסטלער האָט געלייזט די זובקאָוו־פּראָבלעם: קומען צום באוווסטזײַן און עפענען ס'מויל. אָבער אומאָפּהענגיק דערפון, צי דאָס איז אים געלונגען, צי ניין, איז דאָכ אומבאשטרײַט־באר, אז עס איז ניט געווען קיין אינערלעכע גויטווענדיקײַט צו

פארבינדן די לייזונג דאזקע מיטן ראציאָנאַליזאציע־פּראָצעס אין דער אונטערנעמונג.

פארוואָס איז אומעגלעך געווען, אז זובקאָווס פּאָטערלעכער אידעאַל צו מאכן זיין טאָכטער טאַניען פאר א מייסטער, וואָס צו דעם האָט ער ניט געקאָנט דערגרייכן אין פארלויף פון זיינע שווערע לערע־יאָרן, זאָל אויסגעפירט ווערן בעשאסן אופשטעל-פעריאָד?

א קליינינקייט, אָבער א ציקאווע *) אין א געוויסן פראט: ס'ערשטע קינד זובקאָווס איז געשטאָרבן בעשאס דער מילכאָמע. אהיים האָט זובקאָוו זיך אומגעקערט, ווען מע האָט אָנגעהויבן „רייסן די צפּאָלעטן", ס'הייסט אין דעם 17-18־טן יאָר. איז ווי זשע האָט זיך גענומען צו זובקאָוון אזא טאָכטער, וואָס מע האָט זי שוין באַדארפט אָפּגעבן אין דער לערע?.. נאטירלעך, ס'איז א קליינינקייט, אָבער אינעם קינסטלערישן ווערק דארף אלץ זיין אויסגערעכנט, אפילע ווען די קונסט־צייט לויפט געשווינד!

נאָר אויב די פארבינדונג פון דיביידע דערציילונגען איז ניט מאָטיווירט דורך דער זובקאָוו־פּראָבלעם, איז זי עפשער נייטיק געווען צוליב דער מאַלינ־פּראָבלעם?

א באשטימטע אָנצוהערעניש אפן דאָזיקן ווארִיאַנט האָבן מיר טאקע יאָ ערטערווייז, אין צוזאמענהאנג מיט דער ראציאָנאַליזאציע אפן סופער־זאוואָד (די גאנצע האנדלונג אין דער ערשטער דערציילונג קומט פאָר אפן ציגל־זאוואָד).

„האָט פּיאָדאָר זובקאָוו מיט זיין מיל געדארפט ווערן די הויפּט־טרייבראָד, אפּ וועלכער יאקאָוו מאלין האָט געקאָנט אָנטון א רימען דירעקט פון זיך, ווי פון א מאָטאָר. זובקאָוו האָט געמוזט ארופגעזעצט ווערן אפ דער צענטראלער טראנסמיסיע מיט אסאך גרעסערע און קלענערע שקיוון. פון די אלע טרייבערעדער האָבן זיך געזאָלט צעגיין אין פארשיידענע זייטן אלערליי טרייבפּאסן און רימענס און אזוי־ארום פארדרייען דעם גאנצן מעכאניזם". („ר. וו." נומ. 4. 1929. ז. 39).

געוויס איז די פארבינדונג פון דער ראציאָנאַליזאציע־פּראָבלעם מיטן קאדער אלטע סטאזשירטע ארבעטער אווארע א געזועצלעכע. צי אנטשפרעכט אָבער זובקאָווס געשטאלט צו אָט דעם מין קאדראָוויקעס, — די זיילן פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע און פון דער

*) דערויף האָט אונדז אופמערקזאם געמאכט אן ארבעטער אין א ליטקרייזל באַם פאנאנדערקלייבן דאָס ווערק.

סאָציאַליסטישער בויונג? מילערן און אנדערע באַלעבאָטים־קאַפּיטאַליסטן האָט פיאָדאָר געטריַי, קנעכטיש געדינט: „צוליב וואָס מישן זיך, בעסער שווײַגן״... פונוואַנען־זשע איז די געטריַישאַפט צו דער סאָציאַליסטישער פאַבריק אין די שווערסטע באַדינגונגען פונעם אופשטעל־פּעריאָד בא אזא טעמפּ, אָפּגעשטאַנענעם ארבעטער? צי איז דען ניט געווען אפילע אפן זאַוואָד גופע, וועֶר ס'זאָל אים באַווירקן אין אַן אַנדער ריכטונג? זובקאָוו געהערט טאַקע ניט צו אָט דעם טיפ פּראָלעטאַריער—קאַדראָוויקעס, אַפ וועלכע די פּאַרטיי און די ראַטנמאַכט האָבן זיך אין דער ערשטער ריי אָריענטירט סײַ בעשאַסן אופשטעל־פּעריאָד, סײַ בא דער ראַציאָנאַליזאַציע. ס'איז דעריבער ניט געווען קיין אינערלעכע נויטווענדיקײַט ניט צוליב דער זובקאָוו־פּראָבלעם, ניט צוליב דער מאַלין־פּראָבלעם צו פאַרבינדן די צוויי דערציילונגען (דורכ א דריטער, זעלבשטענדיקער). קאָמפּאָזיציאָנעלע פּילפּלאַכיקײַט איז דאָכ אויכעט אַן איינהײַטלעכ געוועב!

———

איצט קאָנען מיר צוטרעטן צום סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אנאליז. מיר וועלן זיך אומקערן צו די איבעריקע קאָמפּאָזיציאָנעלע פּראָבלעמעס דאָרט, ווו ס'וועט זײַן נייטיק.

## זובקאָווס געשטאַלט.

„ניט ריירן און ניט מישן זיך האָט זיך
שוין אויסגעלערנט זובקאָוו גאנצ לאַנג,
גאנצ לאַנג״ („ר. וו״, ז. 10, נומ. 3, 1927).

פיאָדאָר זובקאָוו איז אופגעוואַקסן אין אַן ארבעטער־שטוב. ייִנגלווײַז, נאָכ אין דער לערע און אויכעט שפּעטער איז ער פיל אויסגעשטאַנען. מע פלעג אים שלאָגן, מע פלעג זיך איזדיעקעווען איבער אים. ווען ער האָט איינמאָל געפּרוּווט זיך פאַרטיידיקן, האָט עס נאָכ מער פאַרביטערט זײַן לאַגע. איז ער אוועק לויט דער ליניע פון „קלענסטן ווידערשטאַנד״: ער האָט באַשלאָסן צו שווײַגן, „ניט ריידן און ניט מישן זיך״, ביז ער איז ניט דערגאַנגען צו שטרײַקברעכערײַ. האָבן אים די ארבעטער אָנגערופן „אָכערלעקער״, פּאָדליזקע״, און מיט רעכט. דערפאַר ליבט אים אָבער דער באַלעבאָס מילער. און פיאָדאָר איז פון אַלדעם אזוי אופגעלייגט, אז ער זעט אפילע א כאָלעם פון א שטרײַקברעכער!

יצ זײַנען געווען אזוינע פאלן? אוואדע געווען. און די פּראָבלעם, וואָס אנטשטייט דאָ פארן פּראָלעטארישן קינסטלער, איז צו ווײַזן ניט בלויז די דיאַזיקע קאפּיטאליסטישע פארטעמפונג פון באשטימטע גרופּעס רויע ארבעטער, נאָר אויך דעם וועג, וויאזוי זיי היילן זיך אויס פון אלדעם אינעם גאנג פונעם קלאסנקאמפּ ביכלאל, און באזונדערס אינעם ראטנלאנד, ווו די אופוואכונג און קלאסן־אקטיוויקייט פון מיליאָנען נעכ־טיקע קנעכט צעוויקלט זיך מיט אזא ווונדערלעכער שנעלקייט!

געוויס איז, קעדיי צו ווײַזן, וויאזוי די אָפּגעשטאנענקייט ווערט אופגעריסן דורכן אָנגרײַפנדיקן קלאסנבאוווסטזײַן, דארף מען אָביעק־טיוו (אין מארקסיסטישן זינען) אנטפּלעקן די אָפּגעשטאנענקייט גופע. אָבער דער קריטערי, דער צוגאנג צו דיביידע פאָרמען (און צום אריבערגאנג פון איין פאָרם אין א צווייטער) קאָן דאָ זײַן נאָר איינער: דער קלאסנקאמפּ.

אנאליזירן מיר פון אָט דעם שטאנדפּונקט דעם זובקאָוו־שטאָפּ סײַ פון דער ערשטער דערציילונג, סײַ פון דער לעצטער („אפּ נאכטיקע וואכטעס"), איבערצײַגן מיר זיך, אז דאָ פעלט די נייטיקע קלאסן־מאָ־טיווירונג, אָדער ריכטיקער: אז די קלאסן־מאָטיווירונג, וואָס איז פאַ־ראן אינעם ווערק, איז דאָ פארקריפּלט דורך א פאלשער, מיר וואָלטן געזאָגט, בערגעלסאָנישער אידייע פון סטאם שווײַגן...

1. זובקאָוו איז אפּן פּראָנט. דער אָבערשעפּ קאשטאנאָוו איזדיעקע־וועט זיך איבער אים אפּן מערדערישסטן אויפן. זובקאָוו לײַדט און שווײַגט, ווי זײַן שטייגער איז.

האָט געטראָפן, אז עס „פארשווינדן" צוויי פערד. קאשטאנאָוו באַ־פוילט פּיאָדאָרן צו זאָגן פאלשע איידעס. זובקאָוו זאָגט זיך אָפּ. קאש־טאנאָוו באצאָלט מערדעריש. אין זובקאָווס מויעך אנטשטייט א פּראָב־לעם: בייס דער לערע האָט מען געשלאָגן פאר ריידן, איצט — פאר שווײַגן:

„וואָס איז בעסער: ריידן צי שווײַגן?"

וואָס איז עס פאר א פּראָבלעם?

ס'איז קלאָר, א וואָסערע: א סאָציאלע. און ווען קומען די פּאסי־קע שאָ, וועלן די זובקאָווס מאכן א פּרווו צו לייזן זי, וועלן די מיל־יאָנען זובקאָווס א רעד טון. וואָס זעען מיר אָבער בא אלבערטאָנען?

„ווען זובקאָוו איז געוואָרען געוואָרן, אז מע רײַסט אראָפּ עפּאָלעטן פון אָפיצערן, האָט אים שטארק באנק געטאָן, וואָס ער קאָן זיך ניט זען

מיט קאשטאנאָווּן, פּיאָדאָר וואָלט אים געפרעגט איצט: וואָס איז גלייַ־כער; „שווייַגן צו ריידן?" („ר. וו." נומ. 4. ז. 29).

2. ס'איז די צייַט פון בירגערקריג. פּיאָדאָר זובקאָוו איז ווידער בא זיך אינדערהיים, ער דינט אלס סטרוזש אף דעם טויטן ציגל-זאוואָד. פיל ארבעטער האָבן זיך גאָר אומגעקערט צוריק אף די פראָנטן, זיך נאָכאמאָל שלאָגן.

„ווייַזט אויס, ס'איז זיי געפעלן זיך שלאָגן, — איז פּיאָדאָרן דורכ־געלאָפן א געדאנקעלע אין מויעכ" (ז. 30).

צי אנטשפּרעכט דידאַקטיזיקע טאמעוואטקייַט צו דער לאָגיק פון די ביטערסטע ליידן, פיזישע און מאָראלישע, וועלכע זובקאָוו איז אויסגעשטאנען אפן פראָנט? צי אנטשפּרעכט עס דער פּערספּעקטיוו, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט די מילכאָמע־דערפאַרונג? צי וואָלט ניט געווען געזעצמעסיקער, ווען אלבערטאָן ווייַזט אונדז זובקאָוון צווישן די מוירדים און ניט צווישן די נייטראלע רעזאָניאָרן?

3. אין זאוואָד רייַסט זיך אריין א פּארטיזאנישער אָפּטייל בעראָש מיט אנאנקע סוסלין (אן אלטער ארבעטער פונעם זעלביקן זאוואָד). וויפל דער לעצטער טייַנעט ניט מיט פּיאָדאָרן, „זייַנען די ווערטער געווען פאר אים טערקישע", ער מוז זיך אָנפרעגן בא מבאלעבאָס!

צי אנטשפּרעכט עס דער שארפסטער קלאסן־דער־פארונג זובקאָווס?

4. ס'גייען צייַטווייַליק אוועק די רויטע, ס'קומען די ווייַסע. פּיאָ־דאָר האָט איין ארבעט: היטן דעם באלעבאָס ווירטשאפט. די ווייַסע נעמען שלעפן די ציגל, זובקאָוו פּראָטעסטירט. ער קריגט דערפאר די עמעסע קלעפּ. אָבער ווען ער האָט זיך דערמינטערט פון די קלעפּ, וואָס ער האָט ניט לאנג ארייַנגעכאפּט, האָט ער זיך דערפילט ווי צופרידן. געזיגט האָט ער, זובקאָוו — זייַן קלאל, זייַן לעבן־דערפארונג: אז שווייַגן איז אלעמאָל גלייַכער א. אז. וו.

קאָמענטאריעס זייַנען, דוכט זיך, איבעריק.

5. ס'קערן זיך אום די רויטע. מע נעמט אופשטעלן דעם זאוואָד. פּיאָדאָר ארבעט ווייַטער מיט דערזעלביקער טרייַקייַט, ווי ביז איצט. מארפע, זייַן פרוי, איז אויך אן ארבעטערן; קלאסנבאוווסטזייַן פאר־מאָגט זי פונקט אזויפיל, ווי איר מאן, נאָר זי איז עטוואָס רירעוודי־קער און בארעדעוודיקער. בעשאס א פארזאמלונג כאפּט זי זיך ארויס מיט א וואָרט. טראכט זובקאָוו: „פארוואָס האָט מארפע אים אזוי פאר־

שווארצט דאָס פּאָנעם? אפ וואָס דארפ מען ריידן?" (ז. 58. נומ. 6—5).

6. דער זאוואָד איז אופגעשטעלט. ס'קומט פאָר א פארזאמלונג, ווו מע קלײַבט א זאווקאָמ. אנאנקע כוסלין לייגט פאָר זובקאָווס קאנדי־דאטור: א געטרײַער ארבעטער א. אז. וו. איינקע דערווידערן. מע פרעגט זיך אָנ בא פּיאָדאָרנ, נאָר ער שווײַגט: „צוליב וואָס ריידנ?"...

———

פונעם אויבנגעבראכטנ איז צו זענ, אז אינ „פּיאָדאָר זובקאָוו", וואָס איז דער ערשטער טייל פונ דער גאנצער זאכ, איז די זובקאָוו־פּראָבּלעם (עפּענענ ס'מויל) ניט געלייזט. ווי האלט עס אינ דעמ פּראט א נ די „וואכטעס", ווו פּיאָדאָר עפנט ענדלעך יאָ דאָס מויל?

אינ צוזאמענהאנג מיט דער ראציאָנאליזאציע אנטשטייענ אפּנ סור־פער־זאוואָד, ווו פּיאָדאָר ארבעט איצט, פארשיידענע פּראגעס. נאָר זוב־קאָוו איז פארקאָכט אינ איינ זאכ: ווי מאכט מענ זײַנ טאָכטער טאניע פאר א מײַסטער?

אינ דער לערע איז ער געגנוג אויסגעשטאנענ, אונ קיינ מײַסטער דאָכ ניט געוואָרנ. אָבער „איצט איז אנ אנדער צײַט", אונ ער וויל, אז טאניע זאָל אומ יעדנ פּרײַז ווערנ א מײַסטער. נאָר דער מײַסטער סעריאָזשע (פּיאָדאָרס יוגנט־כאווער, איבער וועלכנ ער, פּיאָדאָר, איז זייער פיל אויסגעשטאנענ) שטערט. לויפט פּיאָדאָר אינ פאריינ, איז ביכלאל זייער אקטיוו, ביז ער דערשלאָגט זיך סאָפּקאָלסאָפּ צו זײַנס: טאניענ נעמט מענ אינ דער לערע, דערבײַ אפּנ מעלוכע־כעזשבנ.

„פאר צענ יאָר, וואָס דער אלטער זובקאָוו האָט געארבעט אינ שוועבעלעכ-פאבריק, האָט ער אוועקגעגעבנ אלע זײַנע קויכעס אונ זיך צו גאָרניט ניט דערשלאָגנ.

...פּיאָדאָרנ וועט ער אפּ דעמ וועג ניט פירנ. פּיאָדאָר מוז זײַנ אנ עמעסער „מאסטעראָוווי, אונ עפּשער גאָר מײַסטער". („ר. וו." ז. 11. נומ. 3, 1927).

אָבער אויכ פּיאָדאָרנ האָט ניט געגליקט. האגאמ ער האָט זייער טײַ־ער דערפאר געצאָלט.

דער פּרי־מאָרגנ, ווענ פּיאָדאָר באגלייט ארויס טאניענ, דערמאָנט אימ, וויאזוי דאָס האָט מיט פיל יאָרנ צוריק פאסירט. ס'איז ענלעכ, אונ עפּעס ניט ענלעכ. „אנדערע צײַטנ, אנדערע צײַטנ".

טאניע וועט ווערנ אפּ זײַנע אויגנ אונ אָנ קלעפּ א מײַסטער! ס'עפנט זיך בא פּיאָדאָרנ דאָס מויל, אונ פאר גרויס פרייד פארלאָזט

ער אפילע אינמיטנ די ארבעט אונ לויפט אַנזאָגנ מאלינענ (דעמ הויפט־בריגאדיר) די פסורע. אונ דאָס מאָל „האָט ער געזעדט גרינג, ניט גע־האַרעוועט, ווי מיט אויסגעכאַזערטע ווערטער, ווי ס׳איז גאָרניט פאָר־געקומענ".

———

געטריבנ פונ פּאַטערליבע, האָט דער אָפּגעשטאַנענער, דורכנ קאַ־פּיטאליזמ פארטעמפּטער ארבעטער, פּיאָדאָר זובקאָוו, געעפנט ס׳מויל...

מיר זאָגנ ניט, אז פּאַטערשאפט אונ קינדער־פארזאָרגונג זייַנענ פונ די קליינע זאכנ, געוויס זייַנענ דאָס שטארקע, נאטירלעכע טרייַב־קרעפטנ. אוועקגעשטעלט אָבער דעמ פאמיליע-מאָמענט אינעמ מיטלפונקט פונ אנ אויסגעשפּראָכענער קלאסנ־פּראָבלעמ, איז אלבערטאָנ אוועק לויטנ וועג פונ קלענסטנ ווידערשטאנד.

אז מע גייט צו בערגעלסאָניש צו א קלאסנ־פּראָבלעמ, ווענ מע גריבלט זיכ אינ דער אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע, מוז מענ קומענ צו א קליינבירגערלעכער באגרענעצטער לייזונג פונ דערדאָזיקער פּראָ־בלעמ.

די איבעריקע געשטאלטנ.

מארפע. א מינ פרויענ-ווארִיאנט פונ דער זובקאָוו־פּראָבלעמ. דעמ קינסטלערס קאוואָנע אויכעט בענעגייע צו איר איז געווענ צו ווייַזנ, ווי עס וואכט אופ אינ איר דער קלאסנ־באוווסטזייַנ.

דאָס קינסטלערישע מיטל, וואָס ווערט צוליב דעמ אָנגעווענדעט, איז אויכ דאָסזעלביקע, דאָס גענעטישע, ווי בענעגייע צו זובקאָוונ. די רעזולטאטנ זייַנענ אָבער דאָ אָנ אנ ערעכ שוואכער, אזוי אז מע קאָנ אפילע ניט ריידנ וועגנ א געשטאלט.

אנאנקע. אינ זובקאָווס „פאָרגעשיכטע" זעענ מיר אימ אלס דעמ „איניציִאטער פונעמ סטיכישנ שטרייַק אפ מילערס ציגל־זאוואָד. דערנאָכ דערוויסנ מיר זיכ, אז מע האָט אימ אָפּגעזאָגט פאר בונטעווענ. אפּאָנעמ, אז ער האָט אָנגעהויבנ ארבעטנ אינ דעמ.

באמ ערשטנ פארכאפּנ דעמ זאוואָד בעשאסנ בירגערקריג זעענ מיר שוינ אנאנקענ בעראָש פונ די „רויטע היטעלעכ" אונ אלס א גאנצ קלאסנבאַ־ווּסטזיניקנ פּראָלעטאריער. אינ „אפ די נאכטיקע וואכטעס" איז ער שוינ סעקרעטאר פונ א רייַפּארטקאָמ.

איז וויִאזוי־זשע איז פאָרגעקומענ דידאָזיקע פארוואנדלונג?

דאָס וויַיזט אונדז אַלבערטאָן ניט. אנאנקע סוסלינג איז א „פּארטיקע געשטאַלט“. אלס אזא אָבער איז דיראָוויקע געשטאַלט א גאנץ לעבע־דיקע, האגאַם ניט קיין פארגאנצטע; אנאנקע איז דער הייפּעכ פון זוב־קאָוו.

מ י ל ע ר. ס'איז דער געוועזענער באַלעבאָס פונעם ציגל־זאוואָד, אליין אַ אינזשענער, איצט א ספּעצ, א שעדיקער מיט אלע פּישטשעווי־קעס פונעם דאָזיקן מין באַם אופשטעל־פּעריאָד.

ק א ש י נ ס ק י. א „מיליטערישער קאָמוניסט“ באם אופשטעל־פּעריאָד. ער איז געטריַי, טעמפּעראמענטפול, אָבער ניט גענוג בייגיק, ווי דאָס האָט געפאָדערט די ראדיקאַל נייַע סיטואציע. די אינערציע פונעם העראָישן פּעריאָד שטערט אים צו געפינען די נייטיקע שפּראך סיַי מיט די ארבעטער, סיַי מיט מילערן.

ק אָ ו א ל ע נ ק אָ. פונקט דער הייפּעכ פון קאשינסקין. ער קאָן שוין יאָ צוגיין צו דער מאסע און צווינגען מילערן ארבעטן.

## II. „ארבּפּאקאָוועצ“.

די צעוויקלונג פון דער דערציילונג איז אין אלגעמיין א לאָגישע, א כראָנאָלאָגישע. דער סיוזשעט פאָלגט נאָך דער פאבול. בלויז אין איין אָרט האָבן מיר א צופעליקע „איבערשטעלונג“: די שילדערונג פונעם „אופּנעם“ קומט פאַר נאָכן צוטרעט צו די לימודים, אין א צווייטן אָרט גייען רעטראָספּעקטיווע דערמאָנונגען, פּסיכאָלאָגיש און קאָמפּאָזיציאָנעל־מאָטיווירטע, אָבער עטוואָס צעצויגענע. אין גרונט גענומען אָבער איז די דערציילונג „ארבּפּאקאָוועצ“ אָן אן ערעכ גאנצער אין פארגלייַך מיט „פּיאָדאָר זובקאָוו“.

צ י א י ז ע ס א צ ו פ ע ל י ק ײַ ט, וו אָ ס ד ע ר צ ײ ל ו נ ג ע ן א ו נ נ אָ וו ע ל ע ס ג י ב ן ז י כ א ײַ נ א ל ב ע ר ט אָ נ ע ן מ ע ר וו י ר אָ מ א נ־מ ע ס י ק ע ז א כ נ (אויב ניט קיין ראָמאן, איז „פּיאָדאָר זובקאָוו“ א ראָמאנמעסיקע זאכ)?

די טעמע פונעם „ארבּפּאקאָוועצ“ איז די קאדרען־פּראָבלעם (אזוי צו זאָגן, אינעם ארבּפאק־מאסשטאב) באַם אָנהייב פונעם אופשטעל־פּעריאָד.

געטריַי זײַן פּראָדוקציע־צוגאנג צו סאָציאַלע דערשיַינונגען, גיט אונדז אַלבערטאָן א בילד דערפון, ווי מע פלעגט אין יענע העראָישע יאָרן בויען אן ארבּפאק.

יעקל מאלינ, די הויפט־געשטאלט פונ „אפ נאכטיקע וואכטעס", איז דאָ בלויז אָנגעמערקט. אָבער אויכ דאָ איז קענטיק דער יונגער קאָמוניסט, דער געטרײַער איניציאַטיווּפולער אָרגאניזאטער, דער צוקונפטיקער בריגאדיר.

דער צווייטער צוקונפטיקער אָנטיילנעמער אינ „אפ נאכטיקע וואכטעס" איז דאָ פיליפ כוואסטונ.

ניט אינעם „ארבפאקאָוועצ" אונ ניט אינ „אפ נאכטיקע וואכטעס" האָבנ מיר ניט, צום באדויערנ, די געהעריקע קינסטלעריש־מאָטיווירטע צעוויקלונג פונ דערדאָזיקער געשטאלט. וויכטיק איז אָבער דאָס, וואָס די רייד גייט דאָ וועגנ א שאכטיאָר (א פערדטרײַבער) אנ אנאלפאבעט, וואָס ערשט אפנ ארבפאק לערנט ער זיכ אויס קייפל, אונ אינ די „וואכטעס" איז ער שוינ סעקרעטאר פונ א קעמערל. בא אונדזער געשטאלטנ-באלאנס וועט עס אונדז צונוצ קומענ.

אויסער דער קאדרענ־פראָבלעמ באגעגענענ מיר זיכ אינעם „ארבפאקאָוועצ" אויכעט מיט דער ספעצנ־פראָבלעמ. די צוויי פראָפעסערס, וואָס אלבערטאָנ צייכנט דאָ, פארקערפערנ דאָ צוויי מינימ קוואליפיצירטע אינטעליגענטנ אינ יענע יאָרנ: שאנדאָווסקי — א הייסער אונ געטרײַער מיטארבעטער פונ דער ראטנמאכט, פראָפעסער הערש — אנ אויסגעשפראָכענער בורזשוי. די סאָציאַל־פסיכאָלאָגישע קעגנזעצלעכקײַט פונ די דאָזיקע צוויי געשטאלטנ איז זייער בוילעט איבערגעגעבנ אינ די בילדלעכ, ווו עס ווערנ געשילדערט די לימודימ.

סײַ די קאדרענ-פראָבלעמ, סײַ די ספעצנ־פראָבלעמ זײַנענ אָרגאניש אײַנגעפלאָכטנ אינעם פראָצעס פונ אויסבויענ דעמ ארבפאק.

## IV. „אפ נאכטיקע וואכטעס".

ס'איז א ביז גאָר אינטערעסאנטע דערציילונג, לעסאטע, דוכט זיכ, די איינציקע אינ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, וואָס גיט אונדז א געשטאלט פונ א בריגאדיר. אונ נאָר מיט דער גרויסער אומבאוועגלעכקײַט אונ נאכלעסיקײַט, אָדער עפשער מיט א געוויסער געשמאקלאָזיקײַט איז צו דערקלערנ דאָס, וואָס „אפ נאכטיקע וואכטעס" זײַנענ דורכגעגאנגענע אינגאנצנ אומבאמערקט.

פונ פריער ווייסנ מיר שוינ, אז פונ דער ערשטער דערציילונג פיגורירנ דאָ זובקאָוו, אנאנקע אונ מארפע, נאָר וועגנ זיי האָבנ מיר

שוין גערערט. אנאנקע, אגעוו, אנטפלעקט דאָ מאָמענטנווײַז זייער אינ־טערעסאנטע שטריכן.

די הויפּט־געשטאַלט פון די „וואכטעס“ איז יעקל מאלין.

אין יעקלס נאטור טוט ערטערווײַז א שמעק מיט אינטעליגענטישקײַט. אין גרונט גענומענ אָבער האָבן מיר צו טון מיט אן ארבעטער

דער אונטערנעמונג איז יעקל שטארק געטרײַ, ס׳איז פּאָשעט זײַן אייגנס: ער איז שטארק פארקאָכט אינעם העכערן די פּראָדוקטיוו־קײַט, ביפראט נאָכ, ווען מע קאָן צו דעם לײַכט דערגרייכן—מע דארף נאָר באזײַטיקן אייניקע קלייניקײַטן באם זיפן דעם סופער.

אָט די קלייניקײַטן, וואָס קאָסטן דאָכ אזוי טײַער! יעקל האָט פאר זיי אן אויסגעצייכנט אויג, טאקע פון אן עמעסן פראָלעטאריער.

און אז יעקל נעמט זיכ פאר עפּעס, איז מיט לײַב און לעבן: אָן אלץ פארגעסן, אלץ אָפּגעלייגט אָן א זײַט. אפילע מיט יעלענען (זי איז דאָכ אזא ווילע!) אויכעט קאלטער.

דער איניען פאָדערט די אָנשטרענגונג פון אלע קרעפטן, ביפראט נאָכ ווען די אדמיניסטראציע און אויכ די אייגענע ארבעטער באציִען זיכ זייער גלײַכגילטיק, און מע שפּאסט אפילע פון מאלינס ראציִאָנאלי־זאציע־פּלאן.

אז עס קומט אָבער צו דער פּראָדוציר־בעראטונג, וואָט אפ איר האָבן אלע אזוי ארויסגעקוקט, פארפלאָנטערט זיכ בא יעקלען די צונג...

א דורכפאל, נאָר די ארבפּאקאָווצעס (פּיליפ, מענדל) און אויכעט אנאנקע לאָזן ניט פאלן.

די ראציִאָנאליזאציע ווערט פארבונדן מיט א געוויסער מעכאניזא־ציע, און יעקלס אופטו גיט זיכ גלענצנדיק איַין.

יעקל איז רירנדיק גליקלעכ, נאָר גליקלעכ ווי א מענטש, וואָס „קאָן קיין גלאטע טרײַבראָד ניט לײַדן, ווײַל דער רימען גליטשט זיכ איבער דער רייפ פונעם גלאטן רעדל, און שוין. אָבער בעסער פון אלץ איז, פארשטייט זיכ, די ציינראָד: אפ דער רייפ און מיט ציינער רוקט זיכ אָן א צאָן אין א נעסט, א צאָן אין א נעסט“.

אָבער די אונטערנעמונג איז אויסגעפירט, און יעקל פילט זיכ דאָ שוין איבעריק: ס׳ציט אים צו נײַע אופטוען.

יעקל מאלין איז א געלונגענע געשטאלט פון אן ארבעטער־בריגאדיר. אינטערעסאנט איז די מאסע אין די „וואכטעס“, האגאם בלויז אָנ־געצייכנט.

בעלאָקאָז איז אַן אַרבעטער אַ פּלווידערזאַק, אַ באַלאַגור אָן געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן.

דער הייפּעך — איז וואָווק: ער איז פאַרקאָכט אינעם שעפּטום. עפּעס פּילט זיך אין אים, אַז דאָס גייט פון אַ טיפער פאַרבינדונג מיטן דאָרף.

ראַסינסקי — אויכעט אַ בריגאַדיר — איז דער הייפּעך פון יעקלען.

געצי לאַכמאַן איז אַ שטעטלשער פאַרשוין, פון די „געוועזענע מענטשן", וואָס פּראָלעטאַריזירט זיך אַפן זאַוואָד. דאָס איז צום ערשטן מאָל בא אַלבערטאַנען. אין „פיאָדאָר זובקאָוו" האָבן מיר ביכלאַל קיין יידן ניט.

מישקע איז פון דער „פּסוילעס"-וועלט. ער טוט שוואַרצע אַרבעט באַגלייך מיט זובקאָוון און לאַכמאַנען און „פּילאָזאָפירט", ווי עס פּאַסט פאַר זיין גראַד.

אַ גע וו, צי איז צופעליק מישקעס אַנוועזנהייט אין „אַפּ נאַכטיקע וואַכטעס"?

אויב מע קאָן ווייזן, ווי געצי לאַכמאַן פּראָלעטאַריזירט זיך, טאָ פאַרוואָס איז עס אויסגעשלאָסן בענעגייע צו מישקען? אַדעראַבע, האָגאַם גראָד דאָ איז עס דערווייַלע ניט דערוויזן ניט בענעגייע צום ערשטן, ניט בענעגייע צום צווייטן.

וואָס איז שייַעך דער סטרוקטור פון די „וואַכטעס", פעלט דאָ אויך אויסעט די געהעריקע גאַנצקייט און פּראָפּאָרץ, האַגאַם ווייַט ניט אין דער מאָס, ווי מיר האָבן עס אין „פיאָדאָר זובקאָוו". די פּילפּלאַכיקייט לאָזט זיך פּילן: יעקל מאַלין איז איין ליניע; זובקאָוו און מאַרפע — אַ צווייטע; געצי לאַכמאַן — אַ דריטע; און דער צוזאַמענשלוס פון די אַלע פלאַכן איז זייער אַ שוואַכער.

## סטיל־אייגנטימלעכקייטן אינעם גאַנצן ווערק.

אַלבערטאַנס ע״שטע דערציילונג „פּסוילעס" איז דורכויס נאַטוראַליסטיש, פּרימיטיוו־נאַטוראַליסטיש. געוויס האָט דאָ פיל וואָס צו זאָגן די אומדערפאַרנקייט באַם ערשטן אַרויספאָר.

אין פּראַט פון סטיל איז „פיאָדאָר זובקאָוו" אויכעט איבערגעלעסטיקט מיט נאַטוראַליזם. אָבער דער „סאָציאָלאָגישער עקוויוואַלענט" איז דאָ שוין אַן אַנדערער: דער אָביעקט פאַרן קינסטלערס אָנשטרענגונגען און סיכּפּאַטיעס איז גאָר־גאָר אַן אַנדערער.

מיר האָבנ געזאָגט: איבערגעלעסטיקט, דאָס הייסט ניט אלייןהערשנדיק. ס׳קומט צו אונ ס׳וואקסט אויס דער רעאליזמ, דערגרייכנדיק ערטערווייַז אפילע שוינ אינ „פיאָדאָר זובקאָוו", נאָר באזונדערס אינ „ארבפאקאָוועצ" אונ אינ די „וואכטעס" צו א גאנצ רייַפער שטופע. אָבער ווי האלט עס דאָ מיט בערגעלסאָנס ווירקונג?

נאָר פריער — א פאָרבאמערקונג מיקויעכ דעמ פסיכאָלאָגישנ זשאנר.

די געוויינלעכע טיילונג אפ שטייגערישנ אונ פסיכאָלאָגישנ זשאנרענ האָט א געוויסע אָביעקטיווע בארעכטיקונג. אָבער די אנטקעגנשטעלונג פונעמ פסיכאָלאָגישנ מעטאָד צו דעמ רעאליסטישנ איז א נאָנסענס. וויבאלד עס האנדלט זיכ וועגנ געשטאלט, איז די קונסטלערישע שילדערונג פונ זייער פסיכאָלאָגיע (פירונגענ, איבערלעבונגענ, געדאנקענ א. ד. גל.) אנ אַבליגאטאָרישע זאכ. די רייד קאָנ זייַנ בלויז וועגנ דעמ, וויאזוי צו שילדערנ די פסיכאָלאָגיע פונ מענטשנ. מע קאָנ אנטפלעקנ די פסיכאָלאָגיע, דעמ גאנצנ פסיכאָלאָגישנ גאנג רעאליסטיש, אונ מע קאָנ עס טאָנ... פסיכאָלאָגיסטיש, באטראכטנדיק דעמ פסיכאָלאָגישנ גאנג אלס אזא „אינערלעכע באוועגונג", וואָס איז פונ גאָרנישט ניט אָפהענגיק אויסער דער אייגענער לאָגיק.

מע טאָר, אלזאָ, ניט צונויפמישנ פסיכאָלאָגיע מיט פסיכאָלאָגיזמ אלס באשטימטער מעטאָד. פאָדערנדיק פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור, זי זאָל אונדז ווייַזנ וואָס טיפער אונ בוילעטער די אויספורעמונג פונ דער נייַער פערזענלעכקייַט צווישנ די ברייטסטע שטרייַטנדיקע אונ בויענדיקע מאסנ, זייַנענ מיר קאטעגאָריש קעגנ איטלעכער פסיכאָלאָגיסטישער לויזערייַ. ניט דאָס האָט פארפירט אלבערטאָנענ, וואָס ער האָט געוואָלט ווייַזנ זובקאָווס אינערלעכע וועלט (אדעראבע!), נאָר דאָס, וואָס ער איז צוגעגאנגענ צו איר אינ א באשטימטנ זינענ אימפרעסיאָניסטיש, בערגעלסאָניש. עס וואָלט אָבער געווענ א טאָעס צו מיינענ, אז דערדאָזיקער אימפרעסיאָניזמ שטאמט אינגרונט פונ אלבערטאָנס וועלטשפירונג. אנ איידעס — דער קלאסעווע־אויסגעשפראָכענער שטייגער־שטאָפ, וואָס איז ברייט צעוואָרפנ איבער דער גאנצער דערציילונג. ניינ, אלבערטאָנ איז ניט קיינ אימפרעסיאָניסט

לויט זײַנ וועלטאָנשויונג, ער פילט אויסגעצייכנט פונ־וואַנענ עס נעמט זיכ „שטומקײַט" בא מאסנ־מענטשנ. די אומדערפארנקײַט אונ שילער־יאָרנ האָבנ הויפטזעכלעכ גורעמ געווענ דידאָזיקע שטרויכלונג.

אנ אינטערעסאנטער פראט. באגלײַכ מיט די האמעטנע, מיר וואָלטנ געזאָגט, אווטאָמאטישע בערגעלסאָניזמענ (דאָ האָבנ מיר אינ זינענ דעמ פייזאזש) טרעפנ מיר שוינ בא אלבערטאָנענ א שלאל פאלנ, ווענ דער מוסטער ווערט איבערגעשטאלטעט אפ אנ אייגנארטיקנ אויפנ, וועלכער אנטפלעקט אלבערטאָנס סאָציאלע וואָרצלענ. דרײַ בײַשפילנ:

1. „אינדרויסנ האָט זיכ געמאראקעט א דריבנער הארבסט־רעגנדל. דער הימל האָט פארשטאנענ, אז ער האָט זיכ ניט איצט וואָס ארומ־דרייענ. האָט ער גיכ ערגעצ פארשטופט די זונ אונ אליינ איבערגעדעקט זיכ מיט כמארעס.

— לאָז זיכ דאָרטנ רעגענענ פונונטנ, צו מ׳ר קער זיכ עס ניט אָנ". דאָס איז איינפאכ נאָכגעמאכט.

2... „אז ער איז ארויס אינ הויפ (נאָכ דער נאכט־ארבעט, ס. זש.), זײַנענ שוינ אלע געשטאנענ אפ זייערע ארבעטנ. די זונ האָט אלעמענ באשיט מיט זונ אונ אנגענעמענער ווארעמקײַט.

זילבערנע טראָפנדלעכ אפ די גרעזעלעכ פונעמ גלינישטע־בארג זײַנענ שטיל אונ פאמעלעכ זיכ צעגאנגענ אהיימ *) אָפ־רוענ זיכ פונ דער נאכטיקער וואכטע".

דאָ איז דער בערגעלסאָניזמ לאָקאליזירט, אזוי צו זאָגנ, קאָנסט־רוקטיוויזירט. מיט דידאָזיקע קאָנסטרוקטיווע בערגעלסאָניזמענ איז אגעוו איבערגעלעסטיקט די גאנצע דערציילונג.

א גאנצנ ארסענאל קאָנסטרוקטיווירטע „בערגעלסאָניזמענ" האָבנ מיר אינעמ 11־טנ קאפ. („ר. וו." נומ. 4, ז. 30). אינעמ „ארבפאקאָוועצ" אונ „וואכטעס" טרעפנ מיר זיי שוינ קימאט ניט.

3. באזונדערס בולעטע פרווונ איבערצוגעשטאלטנ דידאָזיקע „בער־געלסאָניזמענ" האָבנ מיר אינ אלבערטאָנס פראָדוציר־פייזאזש: אלצ ווערט ביזנ מאקסימומ לאָקאליזירט אונ דינאמיזירט, אנט־בלויזנדיק דעמ קינסטלערס ארבעטערשע דערפארונג אונ לעבנשפירונג.

*) אינ די אויסצוגנ זײַנענ די אונטערגעשטראָכטע ערטער אומעטומ אונדזערע.

..."עס פליִען שוין טרעפ־אראָפּ אף קעפּ צעברעכנ: שטיקער ליים, פליאכעס ליים, הרודעס ליים. זיי דעקנ אופ גראָוונ, קאָרענעם אינעווייניק, געדערים פונ שיכטנ. שטיקער ליים כאפּנ זיכ ארופ אפ הענט, לאָפּעטעס, ריסקאליעס אונ פאלנ מיט א גערויש אינ אומגעדולדיקע וואגאָנעטקעלעכ־פּיזינקעלעכ.

פּאסנ, שקיוונ. רעדלעכ האָבנ אפּנ שטאפּעט פונ מאכאָוויק דורכנ טרײַבּ־רימענ זיכ געטאָנ א שטעל אָנ, א צעשטופּ מיט אקסלענ, עלנבויגנ, אונ באלד געגומענ זיכ דרייענ, לויפנ, פארלויפנ, יאָגנ, איבעריאָגנ, וואָס אמאָל געשווינדער, וואָס ווײַטער שנעלער, וואָס א רעגע געשיקטער, פלינקער, עס איז געוואָרנ אנ איבערקערעניש צווישנ רעדער, פּעסער, שקיוונ.

מע האָט זיכ צעזונגענ אינ טויזנטער גערזאנגענ... צעקלונגענ אינ מיליאָנענ קלאנגענ, געטאראכקעט מיט קאָלערליי קלאפּערײַענ... ראָליקעס אפ זייערע טרומייטנ, וואגאָנעטקעס אפ זייער לאָשנ.

שלאָסערס מיט העמערלעכ, שליסלענ, מאסליאנקעס האָבנ צוגעקלאפּט, פארשרויפט, אונטערגעגאָסנ, צוגעשמידט... דער מעכאניק מיט קלאָטשע אינ האנט האָט אונטערגעקוקט, איבערגערופנ, אָנגעפירט, געשיקט יענעמ, נעפּלויגנ אליינ אונ זיכ געשאפנ... מילער, דער אינזשעניער, האָט געקניימשט, געקײַט, געפּלאנעוועט, אָפּגערעמאָנטירט אונ דורכגעלאָזט דעמ זאוואָד...

די פּרעס האָט ארויסגעשטופּט א לאנגע, גראָווע צונג. האָט פּיאָדאָר געהאקט מיט צוויי דראָטעלעכ איבער דער צונג, מאקאר האָט פלינק אונטערגעכאפּט פּאָרלעכ ציגל אונ פלינקער געשטעלט אפ דער טאטשקע.

האָבנ זיכ טאטשקעס געקולקעט, ציגל זיכ אראָפּגעכאפּט אונ געשורעט, באלד זיכ פארוואָגלט אינ סעגלענ. א סעגל צ גל, אונ פונ זיי זײַנענ געוואָרנ ווענט, אונ פונ ווענט זײַנענ געוואָרנ „גאמעס".

די זונ האָט זיכ גערוקט ארופ, זיכ געראָזעוועט, געגאָלדעט זיכ, אונ ערד, אונ ארבעטער...

פאר דעמ טאָג זײַנענ די סארײַענ פול געזוואָרנ מיט צוואנציק טויזנט ציגל.

אינ עטלעכע טעג ארומ איז מילערנ דעמ אינזשעניער געוועזנ פאָרגעלייגט צושטעלנ א סמעטע אפ רעמאָנטירנ אונ דורכלאָזנ יענע זאוואָדנ".

מיר האָבנ זיכ דערלויבט צו ברענגענ אזא לענגערנ אויסצוג, ווײַל ער איז כאראקטעריסטיש פונ פיל שטאנדפּונקטנ.

קאָמפּאָזיציאָנעל איז דאָס געמעל טאקע ניט „עקאָנאָמיש". ס'זײַנען פאראן טאװטאָלאָגיזמען, װאָס באַלעסטיקן און זײַנען איבעריק, נאָר ניט דערין איז דער שװערפּונקט.

דער שװערפּונקט איז דערין, װאָס סײַ די בערגעלסאָנישע מאַניר צו פּערזאָניפיצירן זאכן, סײַ די ראָמאַנטישע — צו הערויזירן, זײַנען דאָ ניט קיין זעלבשטענדיקע באַלעבאטים, נאָר אסימילירטע עלעמענטן. מיר זאָגן ניט, אז דער אויסצוג איז מוסטערדיק פאר דער פּראָלעטארישער פּאָעטיק. מע דארף אָבער דאָך זײַן טעמפּ ניט צו דערפילן אלבערטאָנס פּראָדוקציע־שפּירונג.

———

א צװייטע קינדער־קרענק אינעם סטיל פון „פּיאָדאָר זובקאָװ" איז ערטערװײַז די רעזאָניאָרישקײַט באַם שילדערן די פּסיכאָלאָגיע פון די געשטאלטן. ניט געפינענדיק די געהעריקע בילדערישע מיטלען, „אנטפּלעקט" דער קינסטלער אַפּ א סכעמאטישן אופן דאָס, װאָס עס דארף אָרגאניש ארויסדרינגען פון די געשטאלטן, פארבײַט ער די געשטאלטן גופא, װי געטע האָט געזאָגט: „װוּ בעגריפּע פעלן — שטעלט אײַך װאָרט צור רעכטער צײַט זיך אײַן". אינעם געגעבענעם פאל װאָלט עס באַטײַטן: װוּ בילדער פעלן, רעדט דער מעכאַבער... ס'איז זייער װיכטיק, װאָס אינעם „ארבּפּאקאָװאָץ" און אין די „װאכטעס" זעען מיר שוין ניט דידאַקטישע רעזאָניאָרישקײַט!

— איבערגעפּאקט!

### סאכאקלען.

געשטאלטן:

1. װען די פּראָבלעם, װאָס ליגט אינעם גרונט פונעם געגעבענעם װערק, פּאָדערט עס, פארברייטערט אלבערטאָן זײַן געשטאלטן־פּארנעם, איבערשפּאנענדיק די ראמען פון זײַן צענטראלן טיפּאוש. ער פארכאפּט די ספּעצן־פּראָבלעם, אשטייגער; דעם אויבנאָן, אָבער, פארנעמט באַ אים די ארבעטער־מאסע.

2. באַ אלבערטאָנען איז די ארבעטער־מאסע א דיפערענצירטע! איטלעכער האָט זיך זײַן פּאָנעם און שטעלט פאָר א געװיסן גראד. זובקאָװ, אנאנקע, מאלין, א. ד. גל. זײַנען טאקע ניט קיין סטאם מאסעמענטשן, נאָר געשטאלטן — שטאפּלען אינעם באַװוּסטזײַנלייסטער פונעם ארבעטער־קלאס. דעם אויבנאָן פארנעמט אָבער דער־

בײַ זובקאָוו, די אופּוואַכונג פונעם קלאַסנבאַוווּסטזײַן באַם אָפּגעשטאַנענעם, פאַרטעמפּטן, פאַרקנעכטעטן אַרבעטמענטש.

3. ביז גאָר וויכטיק און סימפּטאָמאַטיש, דערבײַ ניט בלויז פאַר אַלבערטאָנען, נאָר אויכעט פאַר אַ רײַ העכסט־אינטערעסאַנטע, פיל־באַטײַטנדיקע פּראָצעסן אין דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, איז די פולע טיפּע אָרגאַנישקײַט פונעם אינטערנאַציאָנאַלן טיפּאַזש אין אַלבערטאָנס שאַפן. די ייִדישע פּראָלעטאַרישע און אַרבעטנדיקע מאַסן זײַנען אָרגאַנישע באַשטאַנדטײלן פונעם גאַנצן אַרבעטנדיקן קאָלעקטיוו אינעם ראַטנלאַנד, זײ זײַנען אײַנגעפלאָכטן אינעם גראַנדיעזן סאָציאַליס־טישן בוי־פּראָצעס. און אַלבערטאָן פילט עס און ווײַזט עס בוילטער און אָרגאַנישער, ווי עמעצער אַנדערש פון די ייִדישע סאָוועטישע פּראָזאיקער.

סטיל:

1. די אַנטוויקלונג־ליניע איז דאָ אַזאַ: פון שטײגערישן, סטאַ־טישן נאַטוראַליזם צו דינאַמישן רעאַליזם, דערבײַ זײַנען ביידע מינים היפּש איבערגעפלאָכטן און איבערגעמישט צווישן זיך.

2. די בערגעלסאָן־עלעמענטן, דעריקער אין „פּיאָדאָר זובקאָוו", דאַרפן באַטראַכט ווערן דעריקער אַלס פרעמדע סטיל־באַווירקונגען, און ניט אַלס אָרגאַנישע קאָמפּאָנענטן פון אַלבערטאָנס וועלט־אָנשויונג. אין אַלבערטאָנס עמאָציאָנעלער וועלט איז פאַראַן עפּעס אימפּרעסיאָניסטישעס, דאָס איז אָבער ניט בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניזם. דערבײַ איז די דינאַמיק פון די בערגעלסאָניזמען אינעם גאַנצן ווערק אַזאַ: פון נאָכמאַכערײַ צו קאָנסטרוקטיוויסטישער אײַ־בערגעשטאַלטונג. די „לאָקאַליזירונג" גײט אָרגאַניש דורכן פּראָדוקציע־שטאָף, וועלכער איז בײַ אַל־בערטאָנען ניט קײן פּראָקאַט־זאַך און ניט קײן מאָדע, נאָר טאַקע אײגנס אין פולן זינען פונעם וואָרט.

בענעגײע דעם רעזאָניאָרישן פּסיכאָלאָגיזם, וואָס מיר טרעפן אים דעריקער בענעגײע צו זובקאָוון און מאַרפען, דאַרף מען אויך פעסט־שטעלן דאָס זעלביקע: עס קומט דעריקער פון וווקס־קרענק און פון סטיל־בלאָנדזשעניש.

3. אין אַ פּאָר ערטער בײַ די שלוסן סײַ פון „זובקאָוו", סײַ פון די „וואַכטעס" שמוגלט זיך דורך סענטימענטאַליזם. ער קומט

אָבער דאָ פונעם זעלביקן קוואל, וואָס די רעזאָניאָרישקייט באַם לייזן די פסיכאָלאָגישע פּראָבלעמעס: פון קינסטלערישער שוואכקייט. אויב מע קאָן קאָנסטאטירן באשטימטע מאָמענטן פון אימפּרעסיאָניזם אין אלבערטאָנס עמאָציאָנעלער וועלט, איז וועגן סענטימענטאליזם קאָן בא אלבערטאָנען קיין רייד ניט זײַן.

זשאנר:

אין גרונט גענומען (ניט גערעכנט די צײַטווײַליקע באווירקונגען), איז אלבערטאָנס קינסטלערישער צוגאנג א קלאסעווער, דערבײַ איז די שטייגער־פלאך אײַנגעשלאָסן אינעם פּראָדוציר־פּראָצעס. האָבן מיר דעריבער צו טון בא אלבערטאָנען מיטן פּראָ־דוקציע־זשאנר, האגאם דיפראָפּאָרץ איז דאָ נאָך ווײַט ניט געפונען געוואָרן. נאָר דאָס געהער שוין צו דער קאָמפּאָזיציע־פּראָבלעם.

קאָמפּאָזיציע:

בא א הארמאָנישער קאָמפּאָזיציע זײַנען אלע בײַ־טעמעס און בײַ־פּראָבלעמעס (און אין א קאָמפּליצירט ווערק איז אָפּט אומפארמײַדלעך די אָנוועזנהײַט פון א היפשער צאָל בײַ־טעמעס און בײַ־פּראָבלעמעס) אונטערגעוואָרפן אונטער דער הויפּט־פּראָבלעם. קאָמפּאָזיציאָנעל דריקט זיך עס אויס דערין, וואָס דער סיוזשעט איז צענטראליזירט דורך דער פאבול. א דעמאָקראטישער צענטראליזם!

אָבער אינעם ווערק, וואָס מיר האָבן אויבן פאנאנדערגעקליבן, פעלט אויס דער נייטיקער צענטראליזם, און עס מאכט דעם אײַנדרוק גיכער פון א פעדעראטיווער רעפּובליק מיט עטלעכע צענטערס... די פילפלאכיקײַט איז שוואך געבונדן.

דערפאר זײַנען פאראן טיילן פולקום גאנצע און איינהײַטלעכע. ס'קומט אויס, אזויארום, צו ריידן וועגן נאָוועלעס, דערציילונגען — און ניט וועגן א ראָמאן.

## V. „שאכטעס".

ריידנדיק וועגן די פאָרם־אייגנשאפטן פון „פּיאָדאָר זובקאָוו" א. ד. גל., האָבן מיר געהאט פעסטגעשטעלט, אז אין גרונט גענומען האָבן מיר צו טון מיט א פּרווו פון יענעם מין פּראָדוקציע־זשאנר, וועלכן פריטשע באצייכנט אלס דעם סאָציאליסטישן לעהייפעך צום בורזשואזן (פון כּיער אמפּס שניט א. ד. גל.). וועגן א מוסטער־פאָרם קאָן דאָ,

פארשטייט זיך, קיין רייד ניט זײַן: „פיאָדאָר זובקאָוו" איז איבערגעפילט מיט זייער היפּשע פעלערן, וואָס האָבן א קנאפּע שײַכעס צום סאָציאַליסטישן זשאנר. דאָך אָבער איז זייער וויכטיק, אפילע אויסערסט וויכטיק, וואָס אלבערטאָנס ערשטע גרעסערע פארמעסטונג געהערט פּאָרט, ניט געקוקט אפ אלע דעפעקטן, צום פּראָדוקציע־זשאנר.

די „שאכטעס" זײַנען, אָן ספק, א העכערע שטופע אין אלבערטאָנס קינסטלערישער טעטיקײַט (אין פּראט פון אָנווענדן דעם סאָציאַליסטישן פּראָדוקציע־זשאנר).

פארגלײַכנדיק ביידע פּראָדוקציע־זשאנערן: דעם בורזשואזן מיטן סאָציאַליסטישן, שטעלט פעסט פּריטשע, אז דער כילעק צווישן זיי איז דערין, וואָס דער ערשטער שטעלט אין צענטער ניט דעם מענטשן, ניט די קלאסן־פארהעלטענישן, נאָר די פּראָדוקציע. און אז עס רעדט זיך שוין יאָ וועגן דעם „לעבעדיקן אינווענטאר", איז בלויז ווי וועגן א מין צוגאָב צו דער טעכניק. אלץ דארף ווײַזן דעם פארנעם, דעם ריזיקן שוווּנג, די איבערראשונג פונעם פּראָדוציר־פּראָצעס און פארמאסקירן, אזויארום, דעם גרויזאמען עקספּלואטאטארישן קלאסן־כאראקטער פונעם דאָזיקן קאפּיטאליסטישן „מונדיר".

אנדערש איז עס מיטן סאָציאַליסטישן פּראָדוקציע־זשאנר. ניט אויסמײַדנדיק די טעכנישע זײַט, אדעראבע, באוויַזנדיק די וווּנדערלעכע דערגרייכונגען פונעם מענטשנס געדאנק און פון דער אָרגאַניזירטער קאָלעקטיווער מי, — האָט דער לעצטער אין אויג די רעקאָנסטרוקציע פונעם מענטשן־מאטעריאל, די אריַנציִונג פון מיליאָנען אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, די אויספורעמונג (אין ליידן, אין שטרײַטן) פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט. ניט געקוקט אפ די פאראנענע, גאנצע ערנסטע פעלערן, געהערן אלבערטאָנס „שאכטעס" צו דעם מין ליטעראטור. און דאָס רוקט זיי ארויס אפן פאָדערגרונט פון דער איצטיקער יידישער פּראָלעטארישער ליטעראטור.

### די טעכניק־פּראָבלעם אינעם סאָציאַליסטישן פּראָדוקציע־זשאנר.

מיר ווארפן טאקע אָפּ די קינסטלערישע שילדערונג פון טעכנישע פּראָצעסן, אלס א זעלבסטצוועק. קונסט, קינסטלערישע טעטיקײַט איז פאר אונדז א פאָרם און אינסטרומענט פונעם קלאסן־

קאמפ. אין איטלעכן געגעבענעם מאָמענט האָבן מיר א הויפּט־פּראָנט, וווהין מע דארף ווארפן די קרעפטן. געוויס וועלן באַם קאָמר־ניזם די „פראָנטן" זײַן אנדערע, און די קרעפטן — אויכעט אנדערע. דערווײַל אָבער (און אפ א היפשער צײַט פאָרויס נאָכ) שטייען מיר אינ קלאסנ־שלאכטנ אינ מוזנ אפ א שפאָרעוודיקנ אויפנ פארווענדנ די קרעפטנ. דער טעכנישער פּראָצעס, וואָס איז א זעלבסטצוועק אינעם בורזשואזנ פּראָדוקציע־זשאנר, איז א קלאסנ־מיטל בא דער בורזשואזיע צו פאר־בלענדנ דעם פּראָלעטאריאט; אויכ די ווערק פונ אונדזער ליטעראטור, וואָס שילדערנ קינסטלעריש דעם טעכנישנ פּראָצעס אלס א זעלבסט־צוועק, אומאָפּהענגיק פונ די קלאסנ־פּראָבלעמעס, וואָס שטייענ פאר אונדז אפנ איצטיקנ עטאפּ, שטעלנ מיט זיכ פאָר א באוווסטזיניק, צי אנ אומבאוווסטזיניק (דערפונ בײַט זיכ ניט די פונקציע פונעם ווערק) אָפּווענדנ אונדזער אויפמערקזאמקײַט ניט אהינ, ווו מע דארפ. קורץ, מיר זײַנענ קעגנ דעם בורזשואזנ טעכניציזם.

בא אונדז זײַנענ אָבער פאראנ — אלעוויי וואָלטנ זיי ניט געווענ — רעכטע עסטעטנ און „לינקע" קוויטשערס, אָדער קוואקערס פונעם גע־וויסנ מינ, וועלכע מאכנ דערפונ, וואָס דער בורזשואזער פּראָדוקציע־זשאנר איז איבערגעפולט מיט טעכניציזמענ, דעם אויספיר, אז דער טעכנישער מאָמענט דארפ ביכלאל אָפּגערוקט ווערנ אפנ לעצטנ פלאנ אינעם פּראָלעטארישנ פּראָדוקציע-זשאנר. דאָס איז אנ איינפאכע פאָרמעל־בורזשואזע קאָנטראסטנ־לאָגיק, וואָס האָט קיינ שײַכעס ניט צו דער דיאלעקטיק פונ מארקס־ענגעלס און לענינ.

אינ אלע צײַטנ (וויפל די קולטורעלע מענטשהײַט איז ניט אלט) איז די טעכניק (אינ ברייטנ זינענ פונעם וואָרט) אינ פארבינדונג מיט דער ארבעט שטענדיק געווענ דער יעסאָד פונ דער געזעלשאפט.

איצט, אינעם ראטנפארבאנד, איז די טעכניזירונג פונעם לאנד דער שליסל צו אלע מינים סאָציאליסטישע רעקאָנסטרוקציעס.

„די מעכאניזירונג פונ די ארבעט־פּראָצעסנ איז יענע נײַע פאר אונדז און אנטשיידנדיקע קראפט, אָנ וועלכער ס'איז אומעגלעכ אויס־צוהאלטנ סײַ אונדזערע טעמפּנ, סײַ די נײַע פּראָדוציר־מאסשטאבנ" (סטאלינ).

און די טעכניק אלס די פארקערפּערונג פונ די וווּנדערלעכסטע מעג־לעכקײַטנ פונעם מענטשלעכנ געדאנק און פונ דער קאָלעקטיווער מי?!

לעצטנס — די טעכניק, דער קוואל פון נײַע עסטעטישע ווערטן.

איז ווי־זשע קאָן מען אָפּלייקענען די אבסאָליוטע נייטיקייט, די אבסאָליוטע קלאסן־נייטיקייט פון א געהעריקער קינסטלערישער שילדערונג (מיר שטרײַכן אונטער — קינסטלערישער) פון די גראַנדיעזסטע טעכנישע רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעסן, וואָט קומען פאָר פאר אונדזערע אויגן? ביזוואנען וועט מען האלטן, אז אינעם דניעפּער שטעקט מער פּאָעזיע, ווי אינעם דניעפּערבוי?..

מיר ווילן ניט פארקלענערן די גרויסארטיקייט פון דער נאטור. געטע, פּושקין, ווי בעטכאָווען, מארקס, לענין א. אנד. ענלעכע געמיטער האָבן ליב געהאט די נאטור. פארוואָס אָבער איז נאָך אלץ אזוי ווי פּאָסל די צווייטע נאטור, וואָס מיר האָבן אליין באשאפן?!

ניין. גלענצנדיק האָט געזאָגט באָוושאָווער אין זײַן הויכפאטעטישן „געזאנג צום פאָלק":

... „הייב אוף דײַנע אויגן און זע אפן יאם די געלאָדענע שיפן;
און זע אין טונקעלע וועלדער דעם רויך פון די לאָקאָמאָטיוון;
און זע, ווי זיי שוועבן און קומען געשווינד פון א געגנט א ווײַטן;
און פירן אין אנדערע לענדער פּראָדוקטן און סכוירעס צו בײַטן!

———

הייב אוף דײַנע אויגן און זע די געמויערטע גרויסע פאבריקן;
וווּ ארבעטער זעגן, און הובליען און וועבן, און נייען, און שטריקן;
און שמידן, און פײַלן, און טאָקן, און שניצן, און גלעטן, און פוצן;
און שאפן די סכוירע, און שאפן דעם רײַכטום צום מענטשלעכן נוצן!

———

און זע די מאשינען, די בלאנקע, די ריזיקע אײַזערנע שקלאפן,
וואָס היטן די מענטשלעכע קויכעס און העלפן די רײַכטימער שאפן!
און זע, ווי די ווילדע, די מעכטיקע קראפט פון נאטור איז באצוווּנגען.
ווײַל טיף איז דער מענטשלעכער סייכל אין סוידעס אין אירע
געדרונגען".

יאָ: מיר פאָדערן פון אונדזער פּראָלעטארישער ליטעראטור, זי זאָל אונדז ווײַזן קינסטלעריש, ביל־דעריש, זי זאָל אונדז געבן צו דערפילן דעם אָטעם, דעם ריטם פון אונדזער ריזיקער פּראָדוציר־רעוואָ־ליוציע. נאָך מער, מיר שטעלן זיך אפילע ניט פאָר

קיינ הויכ אנטוויקלטע, טיפ אונ ברייט פארצווייגטע פראָלעט. ליטעראטור אָנ אזעלכע קינסטלערישע לייוונטנ.

קומענ איצטער מענטשנ, מעווינים, מישטיינס געזאָגט, בורזשואזע עסטעטנ אינ גרונט, אונ פרווונ מאכנ צו נישט אלבערטאָנס אויסגע־צייכנט (ניט געקוקט אפ די היפשע פעלערנ אונ בלויזנ) ביכל, אלעמיי ס'איז איבערגעפולט מיט טעכנישע טערמינענ! ס'איז טעכנאָלאָגיע, זאָגנ זיי, אונ ניט קיינ קונסט!

איז, ערשטנס, לוינט עפשער ניט צו פאטערנ קיינ צייט אפּ צו דערווייזנ אָט די אלע „שעצערס" אונ „פרייַנט" פונ דער פראָלעטארי־שער ליטעראטור — אז אלבערטאָנס בוכ איז ניט קיינ „טער־מינאָלאָגיע", נאָר עכטע, ערטערווייז הויכ טאלענטיר־טע קונסט.

ס'איז דאָכ גענוג צו זיינ פּאָשעט א לעבעדיקער מענטש, ביכ־דיי צו דערפילנ די גרויסע פרישקייט פונ אלבערטאָנס לעצטנ ווערק.

אונ צווייטנס, ווי קאָנ געמאָלט זייַנ א פּראָדוקציע־ווערק, אונ באַ־זונדערס נאָכ אינ יידיש, אָנ אייניקע טעכניציזמענ אונ ביכלאל אָנ נייַע ווארט־שאפונגענ: מיט ניסטערס שפראכ קאָנ מענ דאָכ קיינ פראָדוקציע־ווערק ניט שאפנ! געוויס דארפנ דידאָזיקע טעכני־ציזמענ אונ נעאָלאָגיזמענ זייַנ אָרגאניש אייַנגעפלאָכטנ אינעם גאנצנ געשטאלטנ־געוועב פונעם ווערק. גראָד אָבער בא אלבערטאָנענ האָבנ מיר דאָכ עס! קיינ סימענ מיסברויכ, בא א קינסט־לער, וואָס האָט, זייַענדיק באקאנט מיטנ פאכ (אלעוויי אפ אנדערע!), אלע מעגלעכקייטנ עס צו טונ. דאָס ערשטע מאָל האָט א קינסטלער אריינגעבראכט די שאכטע דערבייַ אזוי געלונגענ, אינ דער יידי־שער ליטעראטור, — קומענ מענטשנ „פרייַנט" אונ פאסקענענ: טעכניציזמ!

אלבערטאָנס „שאכטעס" האָבנ צו טונ (קינסטלעריש) מיט דער מעכאניזאציע אינ דאָנבאס, מיט איינער פונ די צענטראלסטע פראָבלעמעס פונעם רעקאָנסטרוק־ציע־פראָצעס. איז עס א קאפיטאלער פאקט, וואָס קיי־נעמ וועט זיכ ניט אייַנגעבנ אימ צו אנולירנ.

———

דעם טעכנישן מאָמענט אינעם פראָדוקציע־זשאנר פארשטייען מיר ניט אין באגרענעצטן זינען פון מאשינעס־שילדערונג, נאָר אלס דעם פ ר אָ ד ו ק צ י ע ־ פ י י ז א ו ש ברייט גענומען. אין דעם פראט האָבן מיר אין די „שאכטעס" גלענצנדיקע ערטער, ווו אָטעם פון דער שאכטע לאָזט זיך שפירן שטארק, שטארק אינטים. און ס'פילט זיך, אז עס גייט פון א מענטשן, בא וועמען דאָס א ל צ א י ז נ י ט קיין ז אַ ט י ק ע „ז א כ", נ י ט קיין מ אָ ד ע, אפ י ל ע נ י ט קיין פ ר ו ו פ ו ן ע ר נ ס ט ע ר ב א ה ע פ ט ו נ ג מ י נ א צ א ד, נ אָ ר א י י ג נ ס, ב ל ו ט י ק נ אָ ע נ ט ס, א י י ג נ ס. ער איז דערמיט אָנגעזעטיקט, ער קען עס, ער איז דערמיט פארבונדן, ער ליבט עס, יאָ, ער ליבט עס — וואָרעם אזא ליבע צום ציגל־זאוואָד, צום סופער־זאוואָד, צו דער קוזניע, צום ווארשטאט, צו דער שאכטע, צום ארבעט־מענטשן האָבן מיר דערווײַל נאָר בא אלבער־טאָנען!

דער פראָדוקציע־פראָצעס, אלס דער פאָקוס פאר
אלע פראָבלעמעס אין אלבערטאָנס „שאכטעס".

פארן סאָציאַליסטישן פראָדוקציע־זשאנר איז כאראקטעריסטיש די קינסטלערישע שילדערונג פונעם פראָדוקציע־פראָצעס ניט סתם, נאָר אלס א מין פאָן, אָדער בעסער: אלס א מין הייבער פאר רעקאָנסטרו־ירן דעם גאנצן קנויל קלאסן־פארהעלטענישן אין א באשטימטער ריכ־טונג. די גאנצע סיסטעם געשטאלטן, די וויכטיקסטע פראָבלעמעס דארפן דורכגיין, דארפן ד ו ר כ ג ע ל אָ ז ט ווערן דורכן דאָזיקן פאָקוס. אונדז דוכט, אז אין די „שאכטעס" האָבן מיר עס.

מיט וועלכע פראָבלעמעס האָבן מיר צו טון אין די „שאכטעס"?

מיקאָלע זאביוואקע איז אן אלטער קוילנגרעבער, אן ארויסגערוק־טער, ראָמאנ צאט — אויכעט אזא, וואָס אקטיוויזירט זיך. איז די פראָב־לעם בענעגייע צו זיי ווײַזן, ווי ס'קומט אין זיי פאָר דידאָזיקע פאר־וואנדלונג. וויִאזוי קומט זי פאָר?

ד ו ר כ נ מ ע כ א נ י ז א צ י ע ־ פ ר אָ צ ע ס.

אווראָם און מענאשע, צוויי כאשטשעוואטער ייִנגלעך, וואָס זײַנען געקומען אפן דאָנבאס זוכן ארבעט. די פראָבלעם: וויִאזוי זיי ווערן שאכטיאָרן.

וויִאזוי קומט עס פאָר?

אדאנק דער מעכאניזאציע.

אגעוו, ס'איז אויך א פּראָבלעם פון אונדזער נאצפּאָליטיק, וואָס ווערט געלייזט אינעם פּראָצעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. אלבערטאָן האָט עס קינסטלעריש באוויזן.

שוקערט און גאדזינסקי — צוויי ספּעצן. איינער — א דייטש, געקומען אינעם ראטנפארבאנד ארבעטן, ווי ס'זיינען געקומען דאָסראָוו פון זיין גראד. זאָגן, אז ער ווערט איבערגעבאָרן, קאָן מען ניט. ער ארבעט אָבער געטריי, און ערטערווייז ווייזט ער, אז ער הייבט אָן פארשטיין אונדזער זאך. גאדזינסקי איז, לעהייפּעך, א שעדיקער. וויאזוי זיינען אנט־פּלעקט דיביידע געשטאלטן?

ארום דער מעכאניזאציע.

אוראָם ווערט א נאָענטער כאווער פון טאָניען. מענאשע — פון נאדיען. וויאזוי ווערן אויסגעפורעמט זייערע שטייגער־באציִונגען?

פארבונדן מיטן פּראָדוקציע־לעבן פון דער שאכטע.

דאָסגלייכן זיינען אלע איבעריקע געשטאלטן און פּראָבלעמעס אינעם בוך אָרגאניש פארבונדן מיטן לעבן פון דער אונטערנעמונג. זאָגט עס, אז מיר האָבן צו טון מיט אן אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַליסטישן זשאנר.

## די געשטאלטן־סיסטעם אין די „שאכטעס“.

פאר איינעם פון די כאראקטעריסטישע שטריכן פונעם פּראָדוקציע־זשאנר האלט פריטשע די אָפּוועזנהייט פון „העלדן“: אינעם בור־זשואזן וואריאַנט פונעם דאָזיקן זשאנר פארנעמט דעם אויבנאָן די קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציע; אינעם סאָציאַליסטישן — דער קלאס — דער בויער. דערפון איז אָבער נאָך ניט געדרונגען, אז מיר האָבן צו טון מיט א „דורכויסיקער, פאָרמלאָזיקער, איינויגיקער בריִע“. אָנשטאָט „העלדן“ אין בורזשואזן זינען האָבן מיר פאר זיך „א באַ־שטימטע אָרגאנישע איינהייט פון פארשיידנארטיקע טיפּן“. וויבאלד אז דער אויסגאנג־פּונקט איז דאָ ניט דאָס הוילע גריבלען זיך אין דער „זעלבסטווערטיקער“ נעשאָמע פונעם העלד, נאָר דער אָנטייל דורך קינסטלערישע מיטלען, דער קינסטלערישער אָנטייל אין דער לייזונג פון די אקטועלע קלאסן־אויפגאבעס, איז קלאָר, ווו ס'דארף דאָ געשטעלט ווערן דער טראָפּ: די געשטאלטן־סיסטעם

דארף אנטשפרעכן צו דער קאָנפיגוראציע, ניט צו דער סטאטישער, נאָר צו דער דינאמישער קאָנפיגוראציע פון די סאָציאַלע קרעפטן־פארהעלטענישן. איטלעכע צו־פעליקע איבערשטעלונג — וועט זיך מוזן שעדלעך אָפּרופן אפן אָביעק־טיוו־קינסטלערישן (אין אונדזער זינען) ווערט פונעם ווערק. איז דערפונ שוין קלאָר, וואָס פאר א גוואלדיקן באדייַט ס׳האָט פאר אונדזערן א קינסטלער די ריכטיקע מארקס־לענינישע אָריענטירונג אין אונדזער גאנצער קאָמפּליצירטער ווירקלעכקייַט, און ספּעציעל אין יענעם קרייַז סאָציאַ־לע פארהעלטענישן און פּראָבלעמעס, וואָס דער קינסט־לער האָט אויסגעוויילט צום שילדערן.

ווי האלט עס אין דעם פראט מיט די „שאכטעס"?

דערוף איז מעגלעך צו ענטפערן — ערשט נאָכן דורכשטודירן איט־לעכע געשטאלט באזונדער. טרעטן מיר דעריבער גלייַך צו צו דעם.

## אווראָמ און מענאשע.

---

אלבערטאָנס „בירעבידזשאנ" הייבט זיך אָן מיט א קאפּיטל: „אינדער־היימ". דער מיינ איז דאָ א קלאָרער: צו ווייַזן דעם אָנהייב, דעם קוואל פון דער איבערוואנדער־באוועגונג. די „שאכטעס" הייבן זיך אויכעט אָן מיט אן ענלעכן קאפּיטל, וואָס זייַן קאָמפּאָזיציאָנעלער צוועק איז פאר־צייכענען אייניקע כאראקטער־שטריכן בא אונדזער כאשטשעוואטער פּאָרל. אגעוו, דער 7־טער קאפּיטל פונ דער צווייטער גרעסערער זאכ „שאכטע ב׳ס" (דאָס בוכ באשטייט פונ צוויי זאכן, אייגנטלעכ, טיילן פונ איינ ווערק) — שילדערט אונדז ווידער אווראָמס היימ; קיינ נייַס גיט ער אָבער ניט צו. דאָס איז א סימען אפ א קאָמפּאָזיציאָנעלן פעלער. נאָר וועגנ דעמ באמ קאָמפּאָזיציאָנעלן אנאליז.

אלזאָ, אינדערהיימ, אינ כאשטשעוואטע, זייַנעןביידע יינגלעך גע־וואקסנ, ווי ס׳ראָוו שטעטישע יוגנט. אווראָמ — אינ אָרעמקייַט, אָבער קער־פּערלעכ אויסערסט געזונט, א גוואר, ווילד, ניט־געצוימט, מיט הייסע געבליטנ. קיינ שול פונ פּראָדוקציע איז ער ניט דורכגעגאנגענ. מי איז אימ אָבער ניט געוועגנ פרעמד: ער האָט געקאָנט האָרעוועגנ.

אווראָמס פאָטער. לאָזער אָנ דער האנט — האָט געהאט א קלייטל פונ ליימ און קוילן, און אווראָמענ האָט געצויגנ „סקלוטשיטעלנע" קיינ

דאָנבאַס. דאָ שטעקט, פאַרשטייט זיך, א געוויסער קאָמפּאָזיציאָנעלער אײַנפאַל. פאַר אונדז איז יעדנפאַלס וויכטיק דאָס, וואָס אווראָמען האָט געקאָנט ציִען צו ארבעט, צו מי.

פון אַן אַנדער טייג איז מענאַשע. פון ייִנגלווײַז איז ער א ציטער־דיקער, א שוואַכלעכער, א סענטימענטאַלער, און ווען ניט אווראָם דעם שאָכנס ייִנגל, וואָלט ער ניט געלאָזט זיך קיין דאָנבאַס. איז דערפון שוין קלאָר דער כאַראַקטער פון די באַציִונגען צווישן דעם כאַשטשע־וואַטער פּאָרל. און מע דאַרף זאָגן, אַז אַלבערטאָן האָט אַרויסבאַוויזן גרויס טאַלאַנט, בעריעשאַפט פון א גרויסן קינסטלער־פּסיכאָלאָג איבער־צוגעבן אַזוי וואַכזאַם, ערטערווײַז טיף־ליריש, ערטערווײַז מיט א לײַכטן הומאָר אָט די רירנדיקסטע כאַווערשאַפט צווישן די צוויי כאַשטשעוואַ־טער ייִנגלעך, וואָס דער לעבנס־גורל האָט זיי א שלײַדער געטאָן פון זייער היימיש שטעטעלע אין דער פרעמדער שוואַרצער קוילן־וועלט.

ווי ליב אַלבערטאָן האָט עס די געשטאַלטן, וואָס דאָ זײַנען!

אווראָם איז דער „פירער" און מענאַשע גייט נאָך, לעמאָשל, ווי סענ־דערל נאָך ביניאָמינען באַ מענדעלען. האַגאַם אין אַן אַנדער וועג מיט אַנדערע אויסזיכטן...

נאָך פאַרשיידענע וועג־איבערקומעניִשן קומען די ייִנגלעך אָן קיין דאָנבאַס. נאָר איידער ער הייבט אָן צו שילדערן אונדז דעם שווערן אַרבעט־וועג פון די ייִנגלעך, פירט אַרויס אַלבערטאָן א דאָנבאַסער יעווסעק, א ביוראָקראַט, וואָס העלפט מיט גאָרניט דער אײַנאָרדע־נונג פון די שטעטלשע ייִנגלעך.

צי זײַנען פאַראַן אַזעלכע ייִדטוערס ביוראָקראַטן? מיסטאַמע יאָ, און די אויפגאַבע פון עם פּראָלעטאַרישן סאַטירישן זשאַנר (באַ אונדז זײַנען, אַגעוו, פאַראַן אַזעלכע כאַווייר׳ים, וואָס לייקענען אָפּ די מעגלעכקײַט פאַר אַזאַ מין פּראָלעטאַריש־סאַטירישן זשאַנר) איז אָנטיילצונעמען אינעם פאַרביטערטן קאַמף, וואָס די ראַטנמאַכט און די פּאַרטיי פירן קעגן אַלע מינים ביוראָקראַטיזם. די פּראָפּאָרץ אָבער דאַרף דאָ שטרענג אָפּגעהיט ווערן, וואָרעם אַניט קאָן זיך באַקומען, אַז אינעם פּראָדוקטיוויזיר־פּראָצעס, ביכלאַל גענומען, און אין דער „שאַכטירונג", אַזוי צו זאָגן, פון דער שטעטלשער אָרעמשאַפט האָבן די ייִדסעקציעס קיין אָנטייל ניט גענו־מען! אַן אויספיר א פאַלשער, פאַרשטייט זיך. מאַרקישעס „כאַווייר׳ים קוסטאַרן" האָבן דאָך עפּעס סיגנאַליזירט...

ביז די כאשטשעוואטער ייִנגלעך וועלן ווערן שאכטיאָרן (און ענד־לעך ווערן זיי טאקע!), שטייען זיי אויס א היפש ביסל שוועריקייטן. מע לאָדט קוילן און מע טרעפט ניט אין וואגאָן אריין... כויזעק און אנטיסעמיטיזם מיצאד אייניקע אָפּגעשטאנענע ארבעטער, איבערהויפּט מיצאד אלטע דעסיאטניקעס; הײַנט די שרעק, די קלעפּ, די ווונדן. אומבאהאָלפנקייט, ביזוויינעס אין דער שאכטע גופא. ווי אומגליקלעך די ביידע כאשטשעוואטער ייִנגלעך פלעגן זיך צײַטנווײַז דערפילן אין דער קוילן־פינצטערניש, ווי געבענקט האָט זיך זיי אהיים אין שטעטל אריין, ווו אווראָם וואָלט געקאָנט איינמאָל פאר אלעמאָל אויסגלײַכן זײַנע ברייטע, צעוואקסענע פלייצעס!

יאָ, פיל שוועריקייטן און ליידן האָט דאָס פּאָרל געהאט אויסצו־שטיין, און אלבערטאָן ווײַזט עס, ווי דאָס איז, אָן קיינע סענטי־מענטן און פאלסיפיקאציע.

דאָך אָבער זײַנען די כאשטשעוואטער ייִנגלעך ניט אנטלאָפן, נאָר געבליבן און טאקע געוואָרן שאכטיאָרן. ס'איז קלאָר, אז באגלײַך מיט די שוועריקייטן, ביכלאל מיט די קאָלאמינים אָפּשטויס־קרעפטן, זײַנען גע־ווען אויך אנדערע קרעפטן, וואָס האָבן סאָפקאָלסאָפּ גענומען די אויי־בערהאנט. איז אוועלכע און וויאזוי?

באגלײַך מיט אזעלכע טיפּן—רעשטלעך פון דער פריִערדיקער אָרדע־נונג, ווי די דעסיאטניקעס (פריִערדיקע פּאָדריאטשיקעס), זעען מיר דאָ אזא געטרײַען ארבעטער און עכט־כאווערישן מענטשן, ווי דער אלטער קוילנגרעבער זאביוואקע. ווי פּאָטעריש ער האָט עס נאָכגעקוקט און געלערנט די ביידע ייִנגלעך ארבעטן!

דיזעלביקע כאווערשאפט און אופריכטיקסטן אינטערנאציאָנאליזם האָבן מיר פון זײַן טאָכטער נאדיען בענעגייע צו מענאשען. דאָס מאכט לײַכטער די ארבעט, דאָס גיט מוט איבערצוטראָגן די גרויסע שוועריקייטן פאר די כאשטשעוואטער ייִנגלעך, וואָס זײַנען ארײַנגעפאלן אינעם קוילן־אונטערערד.

צוביסלעך לערנען זיך אויס די ייִנגלעך פארשיידענע ארבעטן. ס'דערגייט שוין ביז קוילן־העקערײַ אין דער לאווע. דאָס לעצטע וואָרט זאָגט דאָ אָבער די מאשין. ווען מיקאָלע זאביוואקע האָט גע־נומען אווראָמען צו דער קוילנשניט־מאשין—איז דער ליידנפולער, קאָמפּליצירטער פּארוואנדלונג־פּראָצעס פאָרגעקומען; אווראָם ווערט א פלינקער געהילף־מאשיניסט און

באקומט ליב, מיט דער גאנצער קראפט פון זײַן פרישער, אימפעטפולער נאטור די שאכט־ארבעט.

...„אווראָם איז שטארק פארנומען, ער פירט איצט אליינ אָן מיט א שווערער קוילנשניט-מאשינ. דאָס איז דיר ניט קיינ באַרשטש! דאָס איז דיר ניט קיינ בעזעמער! דאָ שנײַדט מען קוילן! ווי א וואלד קאָן ער אינ זיכ ארײַנעמענ געשרייענ, געקרויזלטע ווערטער אונ ניט מיד ווערנ. ער האָט אזוי ליב, אווראָם לאָזערס, מענטשנ מיט קאנטאָווע געמבעס, מיט פירע-קעכיקע פענעמער, שטרענגע“ (ז. 202).

...„אונ ווענ ס'איז געקומענ זייער אומבײַט, האָט אווראָם אָנ ווער־טער גענומענ זײַנ שאכטיאָרנ־לעמפל אינ דערזעלבער האנט, אינ וועלכער עס האָט עס גענומענ דער מאשיניסט זאביוואקע, אונ פונקט די אייגע־נע שפאנ, די אייגענע קערעווע, וואָס ער האָט געזענ היינטנ אפ זאבי־וואקעס פלייצע, האָט ער נאָכגעטאָנ. אונ כאָטש אווראָם איז שוינ גע־ווענ ווײַט פונ דער מעכאניזירטער לאווע, האָט ער פונדעסטוועגנ געהערט באזונדער דאָס איידעלע בינענ־זשומענ פונעם מאָטאָר אינ דאָס כראָמטשענ אונ קריצנ פונ דעם שנײַד־טייל. איצט איז די גאנצע מא־שינ געלעגנ בא אימ אינ קאָפּ, אינ אלע אייוורים. ער האָט קלאָר גע־זענ, ווי דער „ראָטאָר“ דרייט זיכ, באוועגט אלע ציינ־רעדלעכ ביז צו די „טרײַב־שטערנס“ פונ ביידע קייטנ. ער האָט אראָפּגעשלונגענ אביסל שפײַעכצ דורכנ פארטריקנטנ שלונג אונ האָט זיכ מעכײַע געוועזנ, וואָס דער ראָל־לאגער מיט אלע טיילנ באָדנ זיכ איצט אינ ריינעמ אייל אונ זײַנענ געוויס צופרידנ, וואָס מע האָט זיי אזוי ריינ אויסגעוואשנ“ (207).

אזוי פילנ אונ ליבנ אונ ווײַזנ דעמ ארבעט־מענטשנ קאָנ בא אונדז דערווײַל נאָר אלבערטאָנ.

ציקאווע, וואָס אווראָמס פארוואנדלונג גרייכט אזוי ווײַט, אז ער הייבט אָנ פײַנט האָבנ מענאשענ פאר זײַנע „גרויסע אויערנ, רונדיק פּאָנעמ אונ קײַלעכיקע אקסלענ אונ ניט קאָנענ אונטערשיידנ פונ איינ מאָטאָר־גאנג ביזנ צווייטנ“!

———

וועגנ דעמ גרויסנ געזעלשאפטלעכנ ווערט אונ אָרט פונעם גאנצנ בוכ אינ דער יידישער פראָלעטארישער ליטעראטור וועלנ מיר זאָגנ צומ סאָף. דאָ איז אָבער נייטיק צו זאָגנ וועגנ דעמ באדײַט פונ די ביידע געשטאלטנ.

לענינס פארטיי איז אָרגאניש פרעמד סײַ דער „ליוקסעמבורגיאַני־
שער" ניהיליזם צו דער נאציאָנאלער פראגע, סײַ דער נאציאָנאליסטי־
שער צוגאנג צו איר, ווי צו אַ זעלבשטענדיקער פראָבלעם. ניין,
אין גרונט פון די נאציאָנאלע פראָבלעמעס און קאָנפליקטן ליגן
קלאסן־אינטערעסן און קלאסנקאמף, און נאָר יענע לייזונג
פון די קאָלעמינע געזעלשאפטלעכע פראגעס, דערין אויך פון נאציאָ־
נאלע, וואָס פאלט צונויפ מיט די גרונטלעכע קלאסן־אינ־
טערעסן פונעם פראָלעטאריאט, וועט ברענגען צום געווונטשע־
נעם רעזולטאט.

פאר דער קאפיטאליסטישער וועלט וועט עס הייסן: דער קאמפ
פאר באפרייען אלע אונטערדריקטע פעלקער און קאָלאָניעס, אלס
קראפט, וואָס דארף העלפן אופרייסן דעם אלוועלטלעכן אימפערי־
אליזם; פארן סאָציאליסטישן ראטנפארבאנד וועט עס הייסן: די ברייט־
סטע און אלזייטיקסטע אנטוויקלונג פון די געוועזענע אונטערגעדריקטע
נאציעס אלס א פאקטער פון דער סאָציאליסטישער בויונג.

פון דעם שטאנדפונקט האָט די ארייַנציִונג פון דער יידישער יוגנט
אין דער שווערער אינדוסטריע, אין די קוילן־גרובן א. ד. גל. — א
באזונדערן אינטערעס און באטײַט. און אלבערטאָנס גרויסער
געזעלשאפטלעכער פארדינסט איז דערין, וואָס ער
האָט אונדז דער ערשטער געגעבן די ערשטע יידישע
שאכטיאָרן־געשטאלטן.

ראָמאן צאט

באגלייכ מיטן כאשטשעוואטער פאָרל איז עס איינע פון די צענט-
ראלע געשטאלטן אין די „שאכטעס".

ראָמאן צאט איז שוין ניט פיאָדאָר זובקאָוו. גענעאלאָגיש אָבער
האָבן מיר אין צאטן פיל פון זובקאָוון. נאָך בעסער וועט זיין צו זאָגן:
ראָמאן צאט איז איינער פון די וואריאנטן, צו וועלכן דער גאנג פון
די געשעענישן האָט געבראכט זובקאָוון. דערבײַ איז דאָ דער מעטאָד,
האגאם ניט אומעטום, מער אויסגעהאלטן. בלויז רעשטלעך פונעם
פסיכאָלאָגיסטיש־אינטראָספעקטיוון מעטאָד איז דאָ נאָך
צו טרעפן. נאָר דאָס געהערט שוין צו דער סטילן־פראָבלעם.

זובקאָווס יוגנט איז דורכגעגאנגען אין שווערע ליידן. צאטס — אויכעט.
די ארבעט־לאסט און דאָס איזדיעקוועניע זיך פלעגן צומאָל אָנציינדן

אינ זובקאָווס געמיט דאָס צאָרנדיקע פּראָטעסט־געפיל און דעם פאר־לאַנג זיכ אָפּצורעכענען ווי ס׳געהער צו זײַנ מיט זײַנע באדריקערס. בא צאטנ — אויכעט. דער באלעבאָס האָט דערנעענטערט צו זיכ זובקאָוונ; בענעגייע צו צאטנ — איז אויכעט געוועזנ אזא פּרווו. נאָכ אייניקע פּרוווּנ צו ווערנ זיכ איז זובקאָוו געבראָכנ געוואָרנ און אוועק לויט דער לי־ניע פונעם קלענסטנ ווידערשטאנד: ער איז אנשטומט געוואָרנ: צו־ליב וואָס ריידנ?

ווי ס׳האָט זיכ אופגעפירט צאט בענעגייע צו זײַנ באלעבאָס, ווייסנ מיר ניט. ס׳ווערט נאָר דערמאָנט, אז ער האָט לאַנגע יאָרנ דערנאָכ געארבעט בא אים. אפּאָנעם אָבער, אז צום פולנ פּריטשמעלענ, ווי דאָס איז פּאָרגעקומענ מיט זובקאָוונ, איז בא צאטנ ניט דערגאנגענ: עפּעס פלעגט זיכ בא אים באָמבלענ אינ קאָפּ, נאָר ער פלעגט עס קיינמאָל ניט ארויסזאָגנ צו דער צײַט. און דאָס איז פארבליבנ אפ שטענדיק.

איז דאָ די פּראָבלעמ, אינ גרונט גענומענ, איינע און דיזעלביקע: ווײַזנ, וויאזוי דער אלטער געטרײַער קוילנגרעבער הייבט אָנ צו דער צײַט ריידנ, אקטיוו אָנטיילצונעמענ אינעם לעבנ פונ זײַנ אונטער־נעמונג, ווו ער ווערט פונ אנ אָפּגעשטאנענעם לוינ־ארבעטער בא יענעם — א באלעבאָס בא זיכ אינ דער סאָציאליסטישער שאכטע. אָבער דער מעטאָד. וויאזוי אלבערטאָנ האָט עס דאָסמאָל געוויזנ, איז אָנ אנ ערעכ געלונגענער, ריכטיקער, ווי אינעם פאַריקנ פאל. דערופ טאקע וועלנ מיר זיכ אָפּשטעלנ.

ניט געקוקט אפנ ביטערנ לעבנ, איז בא זובקאָוונ, בא אלבער־טאָנס זובקאָוונ, קיינ האס ניט געבליבנ צו זײַנע פריערדיקע בא־לעבאַטימ; ניט אזוי איז אָבער בא צאטנ. אז די שאכט־אייגנטימערס האָבנ גענומענ זיכ אומקערנ צוזאמענ מיט די דײַטשנ, האָט צאט ניט געוואָלט איבעראנײַס גיינ ארבעטנ אפ דער שאכטע „יעלענע״. ס׳איז נאטירלעכ, וואָס צאט פילט די סאָוועטישע שאכטע אלס זײַנע אנ איי־גענע. ס׳איז אנ אלטער קוילנגרעבער, א געטרײַער; ער ליבט די שאכ־טע און זאָרגט פאר איר; מיט זײַנע לעצטע קויכעס איז ער פארטאָנ אינ דער אויסבויונג פונ דער שאכטע „ביס״ און קרענקט זייער דער־פונ, וואָס די מעכאניזירונג ציט זיכ שוינ 7 יאָר נאָכאנאנד. אלס אנ ארבעטער מיט אזא היפּשער פּראָדוציר־דערפארונג פארמאָגט ער א פּראַק־טיש אויג פאר קלייניקײַטנ; מער ניט — די צונג דינט אים ניט, ווי געהעריק, און דעריקער: ניט צו דער צײַט, — און די פארשיידענע וויכ־

טיקע פראקטישע אָנמערקונגען און פאָרשלאגן, וואָס ווערן בא אים גע-
באָרן, גייען לעיבעד.

אונדזער סאָציאַליסטישע בוי און ביכלאַל, און באזונדערס דער איצ־
טיקער רעקאָנסטרוקציע־עטאפּ, באַטייַט די ראדיקאלסטע רעקאָנסטרוקציע
פונעם גאנצן שטייגער און פּסיכיק. אין וואָס איז באשטאנען דער גרונט־
פעלער אין אלבערטאָנס לייזונג פון דערדאָזיקער קאָמפּליצירטער פּראָב־
לעם בא זובקאָוון?

דערין, וואָס ער איז געגאנגען ניט פונעם הזיפּט־
קוואל — פון די קלאסן־פאַרהעלטענישן צו די שטייגער־
אָנגעלעגנהייטן, נאָר פאַרקערט: זובקאָוו באקומט בא אים
לאָשן דורכן פאמיליען־וועג. אנדערש איז בא צאטן.

יאָרנלאנג ווינט צאט מיט א גרויסער מישפּאָכע אין די אלטע,
שרעקלעכע קאזארמעס. נאָר נאָך די נייַע דירעס איז ער ניט שטארק
לאָהעט; טיילווייַז גייט עס זיכער פון אלטער טיף־אייַנגעבירגערטער
געוווינשאפט און טאקע פון נידעריקע קולטור־באדערפענישן. ס׳איז
אָבער פאראן אויך דאָס באוווסטזייַן, אז דער שווערפּונקט איז ניט דאָ,
נאָר דאָרטן אין דער שאכטע, אז דעריקער דארף מען זען אלע קויכעס
א ווענד טון אהין, קעדיי מע זאָל סאָפּקאָלסאָפּ ענדיקן די מעכאני־
זירונג פון דער שאכטע „ביס", וואָס ציט זיך שוין 7 פייַנלעכע יאָר
און וועלכער ער, ראָמאנ צאט, האָט אָפּגעגעבן אזויפיל קויכעס!

ראָמאנ צאט לייגט קיין אכט ניט אפ זייַן אויסגעמאטערטער פאר-
האָרעוועטער פרוי. ראָמאנ צאט איז איינמאָל גרייט געווען צו דוירעס
זייַן טאניען (זייַן טאָכטער), וועלכע האָט אָן זייַן וויסן באקומען אן
אוואנס און געקויפט בענקלעך.

ראָמאנ איז א־א׳פּאַבעטיש, באזונדערס אין טעכנישן הינזיכט. איז
עס אלץ אוואדע א ביטערע יערושע פון דער אלטער אָרדענונג. ווי נעמט
זיך אָבער ראָמאנ ענדערן? ווי הייבט אָן אין אים פאָרקומען די
סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע רעקאָנסטרוקציע?

דורך דער רעקאָנסטרוקציע אפ דער שאכטע „ביס"...
פריער האָט ראָמאנ געסטארעט זיך אָפּצואַרבעטן און גאָר —
איצט איז ער שטארק פארקאָכט אין דער מאשין;
פריער האָט ער קיין אכט ניט געלייגט אפ דער אָרדענונג —
איצט קאָן ער ניט לייַדן, אז עס איז אָנגעוואָרפן, אָנגעוואליעט;
פריער איז אים געווען געגוג דאָס שאכטיאָרישע לעטפל —

איצט קרענקט אים, ווען ס'לעשט זיך אויס פלוצים די עלעקטרע;
פריִער האָט ער קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן בילדונג: גענוג, וואָס טאַניע האָט געלערנט —
איצט סטאַרעט ער זיך, מע זאָל שאַפן טעכנישע קורסן פאַר עלטערע קוילנגרעבערס צו קוואַליפיצירן זיי;
פריִער האָט ער קיין אַכטונג ניט געלייגט אויף אוליאַנען —
איצט, ווען ער איז אַרויס אַ ציכטיקער פון דער שאַכט־באָד און האָט דערזען זײַן פאַרשמאַלצעוועטע אוליאַנע — איז אים דאָס ערשטע מאָל געוואָרן פריקרע אויפן האַרצן;
פריִער האָט ער געוואָלט שלאָגן טאַניען, און איצט הייבט ער אָן אַרויסווײַזן בענעגייע צו זײַן טאָכטער פּאָטער־געפילן.
דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט צאַט געהאַט, וואָס צו זאָגן, און לויט זײַן מיינונג — וויכטיקס. די צונג אָבער פלעגט ניט דינען צו דער צײַט.
איצט האָט ער אַ רעד געטאָן („אומדערוואַרט" פאַר אַלע, אָבער ניט פאַר זיך) וועגן קאָנווייער, „פּאַוזעס", וועקסל־שטראָם, גוטע באַלמעלאָכעס א. ד. גל.
פּיאָדאָר זובקאָוו איז געקומען צום קלאַסן־באַוווּסטזײַן — דורך פאַמיליע־אָנגעלעגנהײַטן: אויס שטורעמדיקער פרייד צוליב דעם, וואָס דער צוועק, צו וועלכן ניט זײַן פאָטער, ניט ער האָבן ניט געקאָנט דערגרייכן — צו ווערן מײַסטער — וועט דערגרייכט ווערן דורך זײַן טאָכטער.
ראָמאַן צאַט קומט צו דער ענדערונג פון זײַנע פאַמיליע־באַציִונגען דורך דער פּראָדוציר־רעקאָנסטרוקציע.
זובקאָוו עפנט ס'מויל — אַלס אַ פאָטער;
צאַט — אַלס אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אינעם פּראָדוציר־לעבן פון דער שאַכטע.
צי איז ניט קלאָר, וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקע קינסטלערישע רעזולטאַטן דאָ קאָנען זײַן, ווען צום ריכטיק־אָנגעטאַפּטן מעטאָד וועט צוקומען די געהעריקע מאַרקסלענינישע לעבנס־אָריענטירונג?! מיר ווילן ניט זאָגן, אַז אַלבערטאָן פאַרמאָגט זי קלאָר ניט. מיר ווילן נאָר זאָגן, אַז וואָס מע האָט זי מער, איז בעסער... נאַטירלעך: ניט בלויז פאַר די שרײַבער, נאָר אויך פאַר די קריטיקער...

לעגאַבע צאַטן איז זאַביוואַקעס געשטאַלט געגעבן סטאַטיש אין דעם זינען, וואָס מיר זעען ניט, וויִאַזוי זאַביוואַקע קומט צו יענער מאַדריי־גע קלאַסן־באַוווּסטזייַן און קלאַסן־אַקטיווקייַט, אַף וועלכער מיר טרעפן אים אינעם בוך: דאָס מינערט אָבער ניט דעם קינסטלערישן, ניט דעם געזעלשאַפטלעכן ווערט פון זאַביוואַקעס געשטאַלט.

זאַביוואַקע איז אַ סטאַזשירטער קוילנגרעבער, אַ קאַדראָוויק. ער איז אַ קוואַליפיצירטער מאַשיניסט, ער פילט און ליבט די מאַשין און איז געטרייַ דער אַרבעט, מע האָט אים אַרויסגערוקט פאַר אַ דעסיאַטניק.

איז זייער אינטערעסאַנט, וואָס די הויפּט פּראָבלעם, וועלכע באַ־שעפטיקט אים באַזונדערס, וועלכע לאָזט אים מאַמעש ניט רוען, איז די פראַגע: וויִאַזוי באַגייט מען זיך מיט אַרבעטער. אַליין אַן אַלטער אַרבעטער, דערבייַ אַפּאָנעם מיט אַ באַזונדערער לעבנ־דערפאַרונג, ווייסט ער, פילט ער, אַז פון דער געהעריקער שפּראַך צווישן אַן עלטסטן מיט די אַרבעטער איז זייער פיל געוווּנדס.

אייגנטלעך איז עס אַ וואַריִאַנט — נאַטירלעך אַן אייגנאַרטיקער — פון דעם מין פּראָבלעמעס, וואָס האָבן געפּייַניקט נאָך זובקאָוון. געוויס איז זאַביוואַקע קלאָר ניט זובקאָוו, ער איז אַפילע דער הייפּעך פון אים אין פיל פּראָטים. געשטאַלטיש גענומען, איז זובקאָוו אין פיל פּראָ־טים טאַקע צאַט, ווי מיר האָבן עס שוין געזען אַ'נעם פאַבריקן קאַפּיטל. אָבער זאַביוואַקעס הויפּט־פּראָבלעם — וויִאַזוי גייט מען צו צום מענטשן, וויִאַזוי רעדט מען מיט די אַרבעטער, געהערט דאָך צו דעם מין פּראָב־לעמעס מיקויעך געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען, וואָס האָבן געפּייַניקט אויכעט זובקאָוון.

איז וויִאַזוי האָט געלייזט פאַר זיך די פּראָבלעם זאַביוואַקע?

דורך מענאַשען, אָדער ריכטיקער, מיט מענאַשעס הילף: זאַביוואַ־קע האָט זיך געניייטיקט אין אַ מענטשן, מיט וועלכן ער זאָל קאָנען פרייַ, אומבאַצוואונגענע אַרומריידן אַלע זייַנע איניאָנים, זייַענדיק זיכער, אַז מע הערט אים אויסעט מיט אופמערקזאַמקייַט. מענאַשע האָט זיך אויך שטאַרק געניייטיקט אין אַ מענטשן, וואָס זאָל אים לערנען די אומגעוויינ־לעכ־שווערע קוילנ־מעלאָכע, וואָס זאָל אים העלפן בייַקומען שוועריקייַטן, אויסהערן אים פאָטעריש. איינער האָט זיך געניייטיקט (אַף זייַן שטייגער) אינעם צווייטן. דער צוזאַמענטרעף איז אויסגעקומען זייער אַ געלונגענער.

ס׳דוכט זיך: עפשער האָט זאביוואקע געהאַט אויסצושטיין אין דער יוגנט דאָס, וואָס זײַן אָנפאנגענדיקער טאַלמיד, דאָס אומבאהאָלפענע כאשטשעוואַטע, באָכערל? און פונדאנען די פּראָבלעס: ווו געפינט מען די געהעריקע מענטשנ־שפּראַך... און ווער ווייסט: עפשער וועט מענאשע מיט דער צײַט ארײַנפאלן אין זאביוואקעס לאגע?.. מערקווירדיק איז עס, ווי אלבערטאָן כאַפּט אוף די אינטימסטע פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן בא ארבעט־מענטשן!

קיין באזונדערע פּאָליטישע פּארשארפטקײַט זעען מיר בא זאביוואַ־קען ניט. אָבער אין טאָכ געגומען איז עס א שלאָגלערישע געשטאַלט פון א געוויסער מאַדרייגע.

שאמין.

אין אייניקע פּראָטים איז שאמין דער קאָנטראַסט פון צאַטן. קיין קלאַסנ־באוווּסטזײַן, קיין געזעלשאפטלעכע אינטערעסן זעען מיר בא אים ניט. דערצו איז ער שטארק קאָסערוואַטיוו.

די מעכאַניזאציע באַטײַט ניט די דעקוואַליפיקאציע, נאָר פּארקערט: די מעגלעכקײַט איבערקוואַליפיצירט צו ווערן אין א העכערן מין, נאַ־טירלעך — דורך געוויסע אָנשטרענגונגען און צײַטווײַליקע שוועריקײַטן. צאַט פּארשטייט עס, פילט עס אויסגעצייכנט און גייט אײַן דערויף: בא דער מאשין, אין דער ליכטיקער, מעכאַניזירטער לאַווע וועט ער שוין זיצן. שאמין אָבער איז צו קאָנסערוואַטיוו דערצו. און ער פּאר־שטערט עס טאַקע צאַטן דעם גרויסן יאָנטעוו.

שאמין איז די קראַפט פון דער אינערציע, אף וועלכער די רעקאָנ־סטרוקציע שטויסט זיך אָן און איז זי, נאַטירלעך, גויווער. מיר דארפן עס ויסן... די קונסט דארף אונדז עס ווײַזן. אלבערטאָן — טוט עס.

נאדיע און טאָניע.

די באַטראַכטונג פון דידאָזיקע פרויענ־געשטאַלטן איז פאר אונדז אינטערעסאַנט קוידעמקאָל פונעם זשאַנר־שטאַנדפּונקט.

ארויסגייענדיק פון דער גרונט־אייגנשאפט פונעם פּראָדוקציע־זשאַנר, שטעלט פעסט פּריטשע „דעם צווייטראַנגיקן, אָדער דריטראַנגיקן באַדײַט פונעם „ראָמאַנטישן עלעמענט". האַגאַם די אויספירעמונג פון די קעגנ־זײַטיקע געשלעכט־באַציִונגען אף נײַע יעסוידעס, אנטשפּרעכנדיק צו דער נײַער געזעלשאַפט, איז אָן סאָפעק א טייל פון דער סאָציִאַליסטי־

שער בויונג, איז זי אָבער ווײַט ניט די ווענזנטלעכסטע, ווײַל דידאַזיקע באַציִונגען וועלן קומען אַלס רעזולטאַט פון דער נײַער פּראָדוקציע, געזעלשאַפט און נײַעם שטייגער". דער כאַראַקטער און די קאָמפּאָזיציִאָנעלע פונקציע (אויסער אייניקע מאָמענטן) פון דידאָזיקע געשטאַלטן ווײַזט אונדז, אַז אַלבערטאָג האָט אויך דאָ געפונען דעם נייטיקן וועג.

נאַדיע זאַביוואַקע איז אַ רירנדיקע געשטאַלט פון אַן עכט אַרבעטער־מיידל. נאַדיע קאָן אַרבעטן לײַכט, אומגעצוווּנגען און איז דערצו לעבנס־לוסטיק, שפּילעוודיק. נאַדיע איז עכט־כאַווערייש מיט מענאַשען, זי איז אָבער ניט וווּלגאַר און ניט סענטימענטאַל.

נאַדיע פאַרמאָגט דערווײַל נאָך ניט קיין איבעריקן פּראָלעטאַרישן קלאַסן־באַוווּסטזײַן. וועגן איר געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויקײַט ווייסן מיר גאָרנישט ניט. אָבער ליבע צו אַרבעט, אָדער בעסער, דאָס, וואָס מע קאָן אָנרופן אַרבעט־ערע, פאַרמאָגט זי יאָ: זי האָט פײַנט סימוליאַנטן. צו דעם איז נאַדיע אַן עמעסע אינטערנאַציאָנאַליסטקע: קיין סימען פון „נאַציאָנאַלקײַט" מיט מענאַשען. ס'איז דעריבער קיין כידעש ניט מענאַשעס אידילישע, שוין צו סענטימענטאַלע פאַרקאָכטקײַט אין נאַדיען. יאָ, זייער ציכטיק, זייער ליריש, מיט אַזאַ אינטימער ליבע צו זײַנע העלדן און מיט אַזאַ איידעלן פּסיכאָלאָגישן טאַקט האָט אונדז אַלבערטאָן באַוויזן, וויאַזוי ס'פאַרמירן זיך נײַע אינטימע באַציִונגען בא דער אַרבעטער־יוגנט. דער פעלער איז בלויז דערין, וואָס נאַדיעס געשטאַלט איז געגעבן עפּיזאָדיש, דערבײַ איינזײַטיק און, אין אַלגעמיין, סטאַטיש.

טאָניע — איז קוואַליפיצירטער. און די גרונט־סיבע איז דאָ — די מער קוואַליפיצירטע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. טאָניע איז אויכעט אַן אַרבעטער־מיידל, אָבער אַן עלעקטראָטעכניקער. שטודירנדיק, דורכגעדרונגען מיט גרויסן דאָרשט אויסצולערנען די נײַע מעלאָכע, איז זי מאמעש פאַרבלענדט פון זשאָרזש גאַדזינסקיס בעריעשאַפט. געוויס שפּילט דאָ אויכעט אינטימקײַט ניט קיין קליינע ראָליע. פאַר אונדז איז אָבער דאָך וויכטיקער אָט דער פאַקט ענטוזיאַזם אין טאָניעס נאַטור. אינגאַנצן גענומען, רירט עס דאָך אָן די זייער וויכטיקע פּראָבלעם: ווי אַזוי קוואַליפיצירן אונדזער אַרבעטער־יוגנט אַזוי, אַז זי זאָל ניט פאַרלירן דערבײַ איר קלאַסן־וואַכזאַמקײַט, זי זאָל ניט אָנגעשטעקט ווערן מיט געשעפטלערײַ. אין דעם פּראַט קאָן מען בא טאָניען מערקן געפערלעכע שטריכן: פאַרקאָכט

אינ גאדזינסקיס בעריעשאפט, האָט זי פּאַרזענ אינ אימ דעמ שעדי־קער, האגאמ צײַטנווײַז פלעגט זי פילנ, אז עפּעס איז ער ניט אזא, ווי אַלע ארבעטער. ווענ מע האָט גאדזינסקינ באזײַטיקט, האָבנ טאָניע מיט אווראָמענ פארנומענ זײַנ פּאָסטנ. א נאטירלעכער אומבײַט. אלבערטאָנ האָט אָנגעריררט זייער א וויכטיקע קאדרענ־פּראָבלעמ.

אינ אלגעמיינ: אלבערטאָנס פרויענ־געשטאלטנ זײַנענ זײַער ציכטיק געצייכנט.

## שוקערט אונ גאדזינסקי.

די ספּעצנ־פּראָבלעמ איז ביכלאל א וויכטיקע פּראָבלעמ, אונ אל־בערטאָנ, ווי אנ ארבעטער־קינסטלער, פארשטייט עס אויסגעצייכנט. נאָכ אינ „פּיאָדאָר זובקאָוו" האָבנ מיר עס שוינ געזענ. דאָס מאָל האָבנ מיר צו טונ מיט צוויי אינטערעסאנטע ווארִיאנטנ: שוקערט איז אנ אויס־לענדישער ספּעצ. געקומענ איז ער צו אונדז, ווי פיל אזוינע. ער ארבעט אָבער געטרײַ אונ ווײַזט, אז ניט געקוקט אפּ דער ראדיקאל־נײַער פאר אימ ־סוויווע אונ שפּראכ־פּרעמדקײַט, הייבט ער אָנ צו באזיניקנ דעמ מעהוס אונ דעמ ווערט פונ אונדזער ריזיקער בויונג. ער פארשטייט, אז אינ פאל פונ א געפאר וועט זײַנ וואָס צו פארטיידיקנ. ס'איז אינטע־רעסאנט, וואָס ער האָט דערשפּירט אינ גאדזינסקינ דעמ פּאָטענציעלנ שעדיקער.

אווראדע איז שוקערטס געשטאלט וויניק וואָס צעוויקלט, זי איז ביכלאל עפּיזאָדיש. א פּראָבלעמ איז אָבער דאָ געשטעלט זייער א וויכ־טיקע, זיכער אזא, וואָס עס איז אווראדע קעדײַ זי קינסטלעריש צו פאנאנ־דערארבעטנ.

דער הייפּעכ איז גאדזינסקי. דאָס איז א שעדיקער פונעמ רעקאָנ־סטרוקציע־פּעריאָד. ער ארבעט, דוכט זיכ, געטרײַ, מיט אימפּעט, אָבער צו קאטאסטראָפעס ברענגט ער. ער איז א שעדיקער. די געשטאלט איז אָבער דאָ היפּשלעכ נעפלדיק, שוינ ניט גערעדט דערפונ, וואָס דער פאר־נעמ איז דאָ אנ אומבאדײַטנדיקער; ניט אזעלכע פויגלענ האָבנ מיר גע־האט אינ די שאכטעס.

אנ ערנסטער בלויז איז אויכ דאָס, וואָס עס איז אינגאנצנ ניט געגעבנ די שעדיקער־סוויווע. דידאָזיקע זײַט וואָלט געקאָנט צוגעבנ בלוט אונ פלייש דער געשטאלט.

## רובײַלע און סאָטניוק.

פירנדיקע, אָבער קינסטלעריש שוואכסטע פיגורן. רובײַלע, א גע־וועזענער שליטלער, איז איצט שאכטע־פארוואלטער. סאָטניוק—סעקרע־טאר פונעם קעמערל.

אין רובײַלען איז פאראן געטרײַשאפט, פּראָלעטארישער קלאסן־אינסטינקט. ער האָט געשפּירט אין גאדזינסקין עפּעס פּײַנטלעכס; ס׳איז פאראן באלעבאטישע זאָרג פאר דער אונטערנעמונג, ער זיצט אָבער שוין צופיל אין קאבינעט בא די געאָלאָגישע פּראָפילן... ווידער איז זײַן אופירונג בענעגייע צו טאָניען—אינגאנצן איבעריק. עמעס, א ספּע־ציפישע פּראָבלעמ איז דאָ אויך פאראן: ווי נאָר ער איז געוואָרן פאר־וואלטער, ס׳הייסט—העכער אפּן לייטער, האָט ער פארלאָרן די „שפּראכ״ מיט אזעלכע כאווערטעס, ווי טאָניע—אן אומשטאנד אוואדע ניט קיין אנגענעמענער. עפּשער אין א גרויסער זאכ, ווי די געשטאלט זאל גע־געבן ווערן אין איר גאנצן פארנעמ, וואָלט מען געקאָנט באַרירן אוי־כעט דידאָזיקע „טראגעדיע״. אָבער בא דעמ פארנעמ, וואָס רובײַלעס געשטאלט האָט אין די „שאכטעס״—איז עס אינגאנצן געוועזן איבעריק. ס׳ווענדט בלויז אָפּ אין א זײַט. נאָכ בלאסער איז ארויס סאָטניוק.

## געשטאלטן־באלאנס.

איצט קאָנען מיר אונטערפירן דעמ סאכאקל פון דער געשטאלטן־סיסטעמ, וועלכע מיר האָבן אין די „שאכטעס״. מיר האָבן, נאטירלעכ, פאנאנדערגעקליבן ניט אלע געשטאלטן, נאָר די וויכטיקסטע.

דאָס קונסטווערק איז ניט קיין קאָפּיע פון דער ווירקלעכקײַט, נאָר א באשטימטע איבערגעשטאלטונג פון דער ווירקלעכקײַט. דאָס אנולירט אָבער ניט דעמ פאקט, וואָס אין יעסאָד פון איטלעכן קונסטווערק ליגט די ווירקלעכקײַט, נאטירלעכ, אופגעפאסט אפּ א באשטימטן ק ל א ס נ ־ א ו י פ נ.

העיוס, ווי קלאסן (און שיכטן) איז פאראן ע ט ל ע כ ע, און די ו י ר ק ל ע כ ק ײַ ט א י ז ד א ָ כ א י י נ ע, איז קלאָר, אז אמערסטן אָב־יעקטיוו וועלן די ווירקלעכקײַט געבן בלויז יענע קינסטלער, וואָס זייער קלאס געפינט זיכ אין פולן איינקלאנג מיט איר גאזעצ. בענעגייע צו דער פּראָבלעמ, וואָס אינטערעסירט אונדז, זאָגט עס, אז די גע־שטאלטן-סיסטעמ אינעמ קונסטווערק מוז אנטשפּרעכן צו די קרעפטן־

פארהעלטענישן פון דער ווירקלעכקײַט, וואָס ליגט אינעם יעסאָר פונעם דאָזיקן ווערק. און נאָך איינס דארף מען אינזינען האָבן דערבײַ. לע-נין האָט געזאָגט (אין זײַנע מערקווירדיקן פילאָסאָפישן פראגמענט, וועגן „דיאלעקטיק),״ אז דאָס „איינצלנע״ איז ברייטער פארן „אל-געמיינעם״, ארײַנגייענדיק אין אלגעמיינעם, ווי אינעם סינטע-טישן בלויז מיט א טייל שטריכן זײַנע. איבערגעזעצט אף דער שפראך פון ליטעראטור־קענטעניש, וועט עס באטײַטן: דער אינהאלט איז ברייטער פאר דער אידייע פונעם ווערק. און די ווירק-לעכקײַט אוואדע און אוואדע — פארן גאנצן פארנעם פו-נעם ווערק. און בלויז די העכסטע קונסט־שאפונגען פארמאָגן אין זיך אסאך מאָל ווירקלעכקײַט, דערבײַ דינאמיש, היסטאָריש גענומען: „דאָן קיכאָט״ איז ברייט־סינטעטיש ניט בלויז פאר זײַן צײַט, נאָר פאר פיל יאָרהונדערטער פאָרויס.

ווען מיר קלײַבן פאנאנדער פונעם ווירקלעכקײַט־שטאנדפונקט אל-בערטאָנס „שאכטעס״, זעען מיר, ווי זײַן קינסטלעריש אויג פארשעפט גאנץ ברייט. אין ווערק האָבן מיר די וויכטיקסטע און אקטועלסטע פראָבלעמעס:

מעכאניזירונג פון דאָנבאס, די אויסבילדונג פון שלאָגלער־קאדרען, די „שאכטיזירונג״ פון דער יידישער יוגנט, די ספעצן־פּראָבלעם, אר-בעטער־אינטעליגענץ א. ד. גל. אָבער דער קינסטלערישער ווערט, די קינסטלערישע אָנגעפילטקײַט פון די געשטאלטן איז ניט קיין גלײַכמעסיקע. וועלכע האָבן זיך אים מער אײַנגעגעבן?

— אווראָם, מענאשע, זאביוואקע, צאט, גאדיע, טאָני.
שוואכער: שוקערט, גאדזינסקי.
בלאס: רובײַלע, סאָטניוק.

דאָס הייסט: די מאסע, און ניט דער אוואנגארד און די אינטעליגענץ.

און אויב סינטעזירנ אלע פאָזיטיווע מאסנ־געשטאלטן וועט זיך באקומען: די דאָמינירנדיקע געשטאלט אלבערטאָנס איז די געשטאלט, וואָס ווײַזט אונדז דעם פּראָצעס, ווי אזוי דער אָפּגעשטאנענער, דורכן קאפּיטאליזם פארטעמפּטער ארבעטער קומט צום קלאסנ־באוווסטזײַן, ווי אויך די געשטאלטן, וואָס זײַנען פארבונדן מיטן פּראָדוקטיווי-זאציע־פּראָצעס אין דער יידישער סוויווע.

דעם אנאליז פונעם ווערק האָבן מיר פארבונדן מיט דער זשאנר־פּראָבלעם. איז דערפון שוין קלאָר אונדזער וועג צו די סטיל־אייגנשאפטן פון די „שאכטעס". זשאנרען זיינען דאָך די אנטפלעקונג־פאָרמען פאר סטילן.

פאנאנדערקלייבנדיק די זשאנר־אייגנשאפטן פון די „שאכטעס", האָבן מיר באוויזן, אז מיר האָבן צו טון מיטן סאָציאליסטישן פּראָדוצירזשאנר, נאטירלעך, ניט אינעם מוסטער־זינען. דאָס וויינען, פארשטייט זיך, בלויז די ערשטע טריט.

ס'דרינגט דערפון, אז דער מאטעריאליזם איז שוין דאָ אן אָרגאנישער מאָמענט, א בענבאיס.

אין וואָס באשטייט דאָ דער מאטעריאליזם? דערין, וואָס דער סוביעקט ווערט אנטפּלעקט אָביעקטיוו. די איבערלעבונגען — דורך די קלאסן־פארהעלטענישן.

בלויז ערטערווייז, דעריקער אין די קאפּיטלעך, ווו עס רעדט זיך וועגן צאטן, פילט זיך א זובקאָוויש־פּסיכאָלאָגיסטישער עק.

מיר דארפן אָבער האָבן ניט בלויז מאטעריאליזם, נאָר דעם דיאַלעקטישן מאטעריאליזם; ווי האלט עס אין דעם פּראט אין די „שאכטעס"?

נאָר טכילעס: אין וואָס באשטייט דער דיאַלעקטישער מאָמענט אין דער קינסטלערישער שילדערונג?

צעוויקלען אין דער פולער מאָס דידאָזיקע קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעם קלייבן מיר זיך דאָ ניט, ביפראט ווען א ריי מאָמענטן איז פאר אונדז אליין ניט קלאָר: איינס אָבער איז אומבאשטרייטבאר: 1) מע דארף געבן געשטאלטן דינאמיש און ניט סטאטיש, 2) מע דארף ווייזן די ווידערשפּרוכן אין די געשטאלטן גופע און צווישן די געשטאלטן, אָפּהענגיק פונעם דיאַלעקטישן קאמף צווישן ווידערשפּרוכן אין דער קלאסן־דינאמיק פון דער געזעלשאפט. פון אָט דעם שטאנדפּונקט קאָנען מיר זאָגן, אז אין די „שאכטעס" איז פאראן מאטעריאליזם, אָבער ניט גענוג דיאלעקטיק. ניט אלע מינים מאטעריאליזם זיינען דיאַלעקטיש. אין פארגלייך מיט די סטיל־עלעמענטן אין אלבערטאָנס פריערדיקע זאכן, אין וועלכע מיר האָבן נאָך רעשטלעך פון נאטוראליזם, פּסי־

כאָלאָגיזמ, סענטימענטאַליזמ, זײַנענ די „שאכטעס" א גרויסער טראָט פאָרויס. פונ בערגעלסאָנענ איז קימאט גאָרנישט געבליבנ, אויב ניט רעכענענ די שפּיל מיט אימפּרעסיעס: „סקלוטשיטעלנע"; מיטנ דענעק; מיטנ פלעצעלע באמ „ציגײַנער". שאָלעמ־אַלייכעמ איז היפּש איבערגעקאָכט. דער הומאָר אונ ליריק—היפּש סינטעזירט געוואָרנ.

ס'ארא פארגעניגנ דאָס איז צו לייענענ אלבערטאָנענ. געמיטלעכסטע ליריק!

## קאָמפּאָזיציע.

אויב צוגייִנ דערצו פאָרמעל, קאָנענ זײַנ צוויי אָפּשאצונגענ, אָפּהענגיק פונעמ אויסגאנג־פּונקט. וועלנ מיר האלטנ, אז אלבערטאָנ איז אינ גרונט געגומענ א נאָוועליסט, אנ אָטשערקיסט, וועט מענ דארפנ זאָגנ, אז מיר האָבנ בא אימ א הויכ־קוואליפיצירטנ זשאנר! וועלנ מיר צוגייִנ צומ בוכ פונעמ ראָמאנ־שטאנדפּונקט, וועט אויסקומענ צו קאָנסטאטירנ, אז דאָס ווערק פארמאָגט היפּשע פעלערנ! פאר מארקסיסטנ קאָנ אָבער ניט זײַנ קיינ אָפּגעזונדערט־פאָרמעלער צוגאנג, אומאָפּהענגיק פונעמ גאנצנ סטיל פונעמ ווערק.

די אידייִשע פארמעסטונג פונעמ ווערק: דער כאראקטער אונ פארנעמ פונ די פּראָבלעמעס אונ געשטאלטנ זײַנע פאָדערנ די קאָמפּליצירטע, צעוויקלטע פאָרמ, אונ זי האָבנ מיר ניט אינ דער געהעריקער מאָס אינ די „שאכטעס".

דאָס בוכ באשטייט פונ צוויי דערציילונגענ: „אינ קוילנגרוב" אונ „שאכטע ביס". אינ גרונט גענומענ האָבנ מיר אָבער צו טונ מיט איינ ווערק. זאָגנ אָבער, אז די צוויי דערציילונגענ שטעלנ מיט זיכ פאָר צוויי טיילנ פונ איינ פארגאנצט ווערק אינ פולנ זינענ פונעמ וואָרט—קאָנ מענ אויכ ניט, האגאמ די פּראָצעסנ, וואָס זײַנענ אָנגעמערקט „אינ קוילנגרוב" (די שאכטיזירונג פונ די כאשטשעוואטער ייִנגלעכ) באקומענ זייער טיקנ אינ „שאכטע ביס".

אינ דעמדאָזיקנ טייל האָבנ מיר א צווייענדיקע איבערכאזערונג: אווראָמס שטעטלשע אויסקומעניש פיגורירט אינביידע טיילנ; די שווערי־קײַט־מאָטיוונ זײַנענ אויכ וואריִירט אינ ביידע טיילנ.

„א יויצע דויפנ" פונ א זײַט זײַנענ די קאפּיטלעכ, וואָס שילדערנ צאטס „פאָרגעשיכטע": די אָפּוועזנהײַט פונעמ דאָזיקנ שטאָפּ וואָלט

קלאל ניט געשטערט דער לייזונג פון יענער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער רעקאָנסטרוקציע־פּראָבלעם, וואָס דער קינסטלער האָט זיך געשטעלט בענוגייע צו דערדאָזיקער געשטאלט.

נעמענדיק אין אכט די פארהעלטעניש צווישן „קוילנגרוב" און „שאכטע ביס", וואָלט גלייכער געווען צו ריידן וועגן א ר י נ ג־קאָנסטרוקציע, וואָס איז זייער אָפט א סימען אפ ד ע ס ט ר ו ק ט י ו ו ע טענדענצן.

וואָס איז שייַך דעם פינאל פונעם ווערק, איז קעדייַ אָפּצושטעלן זיך אפ אים באזונדער. דער פינאל שליסט דאָך דאָס ווערק איינגאנצן געמומען, ל י י ז נ ד י ק באשטימטע פּראָבלעמעס, און זייער אָפט—אפילע די הויפּט־פּראָבלעם.

וועלכע פּראָבלעמעס געפינען זייער לייזונג אינעם שלוס פונעם ווערק?

צוויי פּראָבלעמעס: די צאט־פּראָבלעם און די קאדרען־פּראָבלעם.

צאט עפּנט ס'מויל און זאָגט דאָס, וואָס ער האָט יאָרן געקליבן זיך ארויסצוריידן. נאָך דער אָפּגעשטאנענער, קאָנסערוואטיווער שאמינ מישט זיך אריין, זידלט אויס פאר אלעמען צאטן און פּריטשמעליעט אים ביזן גרונט. שאמינס ארויסכאפּן זיך איז געזעצלעך, אָבער די פּ א ס י־וו ע רעאגירונג פונעם אוילעם און צאטס דערשלאָגן, דערהארגעט אוועקגיין—אנטשפּרעכן ניט, אלס א קלאל, ס י נ ט ע ט י ש געמומען, צו די פּראָצעסן, וואָס קומען בא אונדז פאָר. ס'בלייַבט דאָך דער אייַנדרוק, אז די צאטס ב ל ײַ ב ן אָ פּ ג ע נ א ר ט אין זייערע אינטימסטע געזעלשאפט־לעכע שטרעבונגען.

אוואדע האָט אין אן איינצלנעם פאל אזוינס געקאָנט פּאסירן אין דער ווירקלעכקייַט. אָבער ק ו נ ס ט, ד ע ר צ ו נ אָ ך פּ ר אָ ל ע ט א ר י ש ע, א י ז נ י ט ק יי נ ה ו י ל ע ר פ אָ ט אָ ג ר א פ י ר ־ א פּ א ר א ט, נ אָ ר א ס י נ ט ע ט י ש ע ר אָ פּ ק ל ײַ ב, ב א ד ע ר ש ײַ נ פ ו נ ד י ג ר ו נ ט־פּ ר אָ־צ ע ס ן, פ ו נ ט ע נ ד ע נ צ נ. ה י י ס ט ע ס, א ז נ י ט א ל צ, ו ו אָ ס פּ א־ס י ר ט, א י ז ק ע ד ײַ ס י נ ט ע ז י ר ט צ ו ו ו ע ר ן.

מיר זאָגן ניט, אז איטלעכער סאָפ דארף זייַן א „גליקלעכער". דער־רופ איז אפילע ניט קעדייַ אָפּצושטעלן זיך. מיר זאָגן אָבער, אז ק ו נ ס ט ט אָ ר נ י ט ד ע ז אָ ר י ע נ ט י ר נ... דער פּרימיטיוו־נאטורא־ליסטישער קריכערישער נאטוראליזם האָט זיך אריינגעמישט...

דערפאר איז געלונגענער דער פינאל בענוגייע צו טאָניען: א גע־זעצלעכער אומבייַט.

אין וואָס פאר א פארהעלטעניש געפינט זיך די קאָנסטרוקציע פון די „שאכטעס“ צו דער קאָנסטרוקציע פון אלבערטאָנס פאַבריקע ווערק, איבערהויפט צו „פיאָדאָר זובקאָוונ“?

פון נאָוועלען־שטאנדפונקט — א באדײַטנדיקע פארפולקומונג פונעם זשאנר.

פון ראָמאַנ־שטאנדפונקט—קנאפע דערגרייכונגען...

יאָ, קיין ראָמאַנ־קאָנסטרוקטער איז אלבערטאָן נאָך אלץ ניט געוואָרן.

איצט: וואָס פאר אן אָרט פארנעמען די „שאכטעס“ אין דער פּראָלעטארישער ליטעראטור?

אין אלפארבאנדישן מאסשטאב — ווײַט ניט דאָס לעצטע.

אין דער יידישער פּראָלעטארישער ליטעראטור — אוודע דעם פאָדערגרונט.

איז עס א גרויסע דערגרייכונג, און צוגלײַך ניט קיין קלענערע פארפליכטונג: ניט בלויז בײַקומען די שוואכע ערטער און בלויז, בלײַבנדיק אפּ די אויסגעקעמפטע פּאָזיציעס,—נאָר גיין צו ווײַטערדיקע שעפערישע אָנשטרענגונגען און ניצחונעס.

פון אזא געזונטן פּראָלעטארישן קינסטלער, ווי אלבערטאָן, וואָס האָט אונדז שוין געגעבן אזעלכע לעבנספולע זאפטיקע ווערק, ווי „בײַ־רעבידזשאנ“ און „שאכטעס“—קאָן מען און מע מוז פאָדערן.

---

# א מוסטער פון א „סאָציאַלער באשטעלונג".

(וועגן אלבערטאָנס „בירעבידזשאנ")

אלבערטאָנס נײַ ווערק איז זיכער איינס פון די אינטערעסאנטסטע אין דער נײַסטער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור און פאָדערט, מע זאָל דערצו צוגיין ניט בלויז ווי צו אן איינצל ווערק. ניין, מע דארף עס אײַנפלעכטן אינעם גאנצן פּראָצעס פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור־רעוואָליוציע. אין איטלעכער ליטעראטור זײַנען דאָך פאראן אזעלכע ווערק, וואָס פארמאָגן, אומאָפּהענגיק אפילע פון דער מאָס קינסטלערישקײַט זייערער, א באשטימטע היסטאָרישע סימפּטאָמאטישקײַט. אלבערטאָנס „וועג־אײַנדרוקן" זײַנען אָן סאָפעק פון דעם מין.

ניט דאָ איז, נאטירלעך, דאָס אָרט צו פאנאנדערקלײַבן אלע אייגנטימלעכקײַטן פונעם סאָוועטישן ליטעראטור־פּראָצעס לעגאבע דעם אנטוויקלונג־גאנג פון די אנדערע ליטעראטורן. איינס אָבער — און ס'האָט א דירעקטע שײַכעס צו אונדזער איניען, צו אונדזער אויסגאנג־פּונקט באם באטראכטן די ווערק פון אלבערטאָנען און פון אנדערע — מוז דאָ אונטערגעשטרײַכט ווערן: דאָס איז די פארשנעלערונג (איבער א ריי סיבעס) פון אלע פּראָצעסן און טעמפּן אין דער פילשפּראכיקער סאָוועטישער ליטעראטור. דאָס, וואָס בא די פריִערדיקע ליטעראטורן האָט געדויערט צענדליקער יאָרן (די זאמלינג פונעם לעבנ־שטאָפ, זײַן וו־פלמאָליקע קינסטלערישע פארקערפערונג און פארוואנדלונג אפן וועג צו די מאָנומענטאלע, קלאסישע קונסטווערק א. ד. גל.), דאָס אלץ רײַפּט בא אונדז מיט א שנעלערן טעמפּ.

דער ערשטער טאם, פארוואָס דאָס איז בא אונדז אזוי, איז קוידעמקאָל דער פאקט, וואָס דער הויפּט־באוועגער פון אונדזער גאנצן קולטור־פּראָצעס אין לאנד איז דער קרעפטיקסטער, קרעפטן־רײַכסטער קלאס אין דער וועלט — דער מאכטהאָבנדיקער פּראָלעטאריאט. דער צווייטער טאם דערצו איז זיכער דער פלאנמעסיקער, סאָציאַ־

ליסטיש־ראציאָנעלער כאראקטער פונ אונדזוער גאנצער בויונג, דערינ אויכ אפנ ליטעראטור־געביט.

יאָ, מיר — דער פראָלעטאריאט, וואָס בויט — קעגנ א גאנצער וועלט פונ סאָנימ! די נייַע קאָמוניסטישע קולטור באדארפ ווי אינ לעבנ, אז אונדזער ליטעראטור זאָל ניט אָפּשטיינ. א קונסט, א לעבעדיקע, א קרעפטיקע, אנ אקטועלע באדארפנ מיר האָבנ, זי זאָל אונדז, שילדערנ־דיק דאָס לעבנ, לערנענ צו דערקענענ עס, צו אָריענטירנ זיכ דערינ, צו רעאגירנ דערויפ אינ דער נייטיקער ריכטונג. ניט קיינ שפילעכל פונ אומעט וועגנ, ניט קיינ „טרייסט מיט גראמענ", נאָר א לעבעדיקע, א פולבלוטיקע, א מוטיקע, א רעוואָליוציאָנערע קונסט באדארפנ מיר האָבנ. מיר — דער פראָלעטאריאט, צענדליקער מיליאָנענ ארבעטנדיקע מענטשנ — באדארפנ זי האָבנ, האָבנ זי שוינ אלס אנ אָנהייב, אונ וועלנ זי האָבנ! גענערט פונ די טיפסטע, מעכטיקסטע קוואלנ — הייבנ מיר זי אָנ צו בויענ ראציאָנעל. אונ געפעלט עס עמעצנ ניט, איז ניט אונ־דזער שולד...

## די אקטועלקייַט־פּראָבלעמ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

עס איז א פאקט, אז די ייִדישע סאָוועטישע פּראָזע האָט טייל־ווייַז פארשפעטיקט לעגאבע דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראטור. ווענ מיר זעענ אינ דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראטור קימאט פונ די ערשטע שריט אָנ (איינעמ פונ די ערשטע פרווונ, אויב ניט דעמ ערשטנ, האָט דאָ געמאכט דאפקע אנ אויסלענדער — דזשאָנ ריד — אינ זייַנע אומשטערבלעכע „צענ טעג..." א. א. וו.) א מענגע פארצייכנטנ שטאָפ (צי אינ דער פאָרמ פונ קינסטלערישע סקיצעס, צי אינ דער פאָרמ פונ קונסטמעסיקע זשורנאליסטישע פארצייכענונגענ אונ פעליע־טאָנענ), האָבנ מיר אינ דער נאָכאָקטיאבערדיקער ייִדישער ליטעראטור די אליינהערשונג פונ דער דיכטונג קימאט אזש ביזנ 22־טנ יאָר. אונ האָט זיכ שוינ יאָ אָנגעהויבנ באווייַזנ פּראָזע, איז אויכ אלצ מיט א באשטימטער צייַט־דיסטאנצ לעגאבע דעמ געשילדערטנ שטאָפ: די הויפּט־טעמע איז דאָ די אימפעריאליסטישע מילכאָמע.

צי באטייַט עס, אז דער דעמלטיקער צייַט־שטאָפ איז אינגאנצנ פארלאָרנ געגאנגענ פאר דער קונסט?

ס'פארשטייט זיך, אז ניט, טאָלסטוי האָט פאַרקערפּערט דאָס „צוועלפ־טע יאָר" (נאַטירלעך, אפּ זײַן אופן) מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער. דאָסגלײַכן וועלן אונדזערע קינסטלער קיינמאָל ניט פאַרלירן די געלעגנהײַט צו פאַרייביקן אונדזער „קריג און פרידן". אָבער בײַ דער אָנוועזנהײַט פון קינסטלערישן שטאָף, וואָס איז אָנגעזאַמלט בעשײַטע, וואָלט דאָך געווען פיל לײַכטער עס צו טון!

יאָ: ס'איז א היסטאָרישער פאַקט, אז אינעם גאַנג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז די ערשטע עטלעכע יאָרן געווען אַן ערנסטער בלויז אין פאַרגלײַך מיט דער רוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

ווי האַלט איצט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור אין דעם פּראַט?

אַפּאָנעם, אז נאָרמאַלער. אײנצײַטיק מיט ווערק, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר מער אָדער ווייניק פאַרענדיקטע, קינסטלערישפאַרגאַנצטע פּרוּוון צו פאַרקערפּערן באַשטימטע אַקטועלע פּראָצעסן און געשטאַלטן, הייבן זיך אָן די לעצטע צײַט ווײַזן קינסטלערישע שטאָף־פאַרצייכענונגען מיט אַן ערנסט געוויכט. און דער גלענצנדיקסטער מוסטער פונעם דאָזיקן מין איז בײַ אונדז זיכער אַלבערטאָנס „בירעבידזשאַן". און צו פאַרדאַנקען האָבן מיר דערפאַר דעם שאַרפן קינסטלערישן כוש, אָט דעם קרעפטיקן פאַרשטאַנד, אָט דעם דאָרשטיקן לעבן־נײַגיר, וואָס האָבן א טרײַב געטאָן דעם קינסטלער דאַפקע אַהער־צו, דאַפקע צו די קוואַלן, צו די ערשטע טריט (צו די ערשטע אין בוכשטעבלעכסטן זינען) פון א גרויסער אונטערנעמונג.

## די פאָרם־פּראָבלעם אין אַלבערטאָנס „בירעבידזשאַן".

„בירעבידזשאַן" איז באַצייכנט „אַלס וועג־אײַנדרוקן". ווען אַפילו מיר זאָלן האָבן צו טון מיט געוויינלעכע זשורנאַליסטישע וועג־אײַנדרוקן, וואָלט עס אויך געווען א וויכטיקער אופטו, אויסצוצייכענען דעם וועג קיין בירעבידזשאַן און די ערשטע ראַנגלענישן (דאָרט אויף אָרט) פאַר א נײַ פּראָדוקטיוו לעבן. אינדערעמעסן אָבער האָבן מיר צו טון מיט אַזעלכע פאַרצייכענונגען, וואָס זייער קינסטלערישער פאַרנעם און פּערספּעקטיוו זײַנען זיכער, ברייטער און דויערהאַפטיקער פאַרן געוויינלעכן זשאַנר פון וועג־נאָטיצן. אײנצײַטיק איז עס אויך גראָד אַזא ווערק, וואָס גיט א מעגלעכקײַט אָנצוטאַפּן א ריי נײַע ליניעס אינעם שעפערישן געמיט פונעם יונגן קינסטלער.

דאָס ערשטע און, נאַטירלעך, וויכטיקסטע, וואָס עס וואַרפט זיך גלײַך אין די אויגן שוין פון עם ערשטן קאַפּיטל אָן, איז די האַרמאָניע — ערטערווײַז אַ זעלטענע — צווישן דער קינסטלערישער פאָרם מיטן געשילדערטן שטאָף.

„גאָר ניט פון טיכאָנקע און ניט פון סטאַנציע בירא הייבט זיך אָן בירעבידזשאַן. בירעבידזשאַן הייבט זיך אָן פריִער: בײַ אײַניקע אין איר־קוטסק, אין נאָוואָסיבירסק, פּענזע, און בײַ אַפּילע — גאָר פון אַ סטאַנציע פון זייער שטעטל". נאָר אונדזער קינסטלערישער מיטוואַנדערער הייבט טאַקע אָן בירעבידזשאַן (און מיט רעכט) נאָך „אינדערהיים". דערבײַ דינט דערדאָזיקער „בירבידזשאַן" פאַר אַ מיטל צו ווײַזן די „היים" סײַ אינדערהיים, סײַ „אין וואַגאָן", סײַ אינעם עמעסן בירע־בידזשאַן גופע, האַגאַם דאָ וועט זיך נאַטירלעך די פאַרהעלטעניש צווישן די קינסטלערישע באַלויכטונג־פּונקטן נעמען ענדערן.

איז ווער־זשע איז עס דידאָזיקע היים?

קאַסרילעווקע, האַגאַם ניט מיט אַלע פּישטשעווקעס און „האַ־סאָגעס" אירע:

מיכל דער מוליער און קיילע זײַן פּלוינעסטע;

כאַיִם פּוסטילניק, „וואָס זײַן גאַנצע קראָם, ווען ער ציקעט אויס אַף לאַאכאָדים איבער די יאַרידים, וואָלט אים אַרײַנגעבראַכט בעפּיירעש ניט ווייניקער פון 4 טשערוואָנצעס מיט אַ 6 קאַרבן און עפּשער נאָך מער";

כאַיִם מיטן בלינדן אויג, „וואָס קיינער האָט פריִער אַף אים ניט געוואָלט אומקוקן זיך אין שטעטל";

יאַנקל דעם ליוועראַנטס באָכערל;

באָרעך שקראַב, „וואָס פאַרט נאָר דערפאַר, וואָס אַלע אין טעפּ־ליק האָבן געשריִען, אַז באָרעך וועט ניט אָפּלאָזן דעם זאַוואָד פון סעל־צער־וואַסער און זיך לאָזן אין אַזאַ מערכעק אַרײַן";

סימכע, „וואָס האָט שוין איבערגעדינט אַלע אַווידע־זאָרעס", ער איז שוין אַפילע געווען אַ פאַרײַנ־מיטגליד, „נאָר עס איז אים שווער ברענגען צו טאַכלעס זײַנע זעקס כלאָפּקעס";

צאָדעק שטופּער, „דער זאַיִקע מיטן פויגלאַרטיקן געזיכט — דער היציקער יונגערמאַן אין אַ ספּעצ־קאָסטיום"!

שמועל סקווירער — „אַ פאַרנעם אין שטאָט": שוין געווען אַפּילע אַ שטיקל סעקרעטאַר און אַ שטיקל קוריער אין שטעטל־ראַט, און לעסאָף געוואָרן אַ טעסלער;

זעליק דער שוסטער, „וואָס ווייסט פון אלצדינג שוין פון פריִער";
זכאריע, דער קיִעווער פּאָעט, „וואָס זאָגט, אז ער קאָן פאר א טאָג מאכן הונדערט לידער און פאר א נאכט דרייַ דראמעס";

פּרויקע ליימאַרניק מיטן „ספּראַוואָטשניק", ווי עס איז פאראן פון קאָלטווו א. א. וו. א. ד. גל. אגעוו, דערדאָזיקער „פּרויקע פארשטייט עטוואָס אין אייער. ער האָט א שוואָגער, האנזלט ער מיט אייער, פארשטייט שוין פּרויקע אויך אין דער זאך. ווייסט, אז איין איי זעט זיך אזוי ניט אָן, נאָר איין איי לייגט זיך צו צום אנדערן, און ס'ווערט א פּאָרל. נאָכדעם ווערט פּאמעלעך א צענדליק. די צענדליקער לייגט מען צונויפ, ווערט א מייע. און אזוי נאָך און נאָך, ביז מע לייגט צו־נויפ עטלעכע קאסטנס אייער: דעמאָלט טוט מען זיי א שיק אוועק מיט דער שיפּ. דאָרטן איז שיפּן פאראן, ווי זאמד אין יאם. און מע פארדינט דאָס שיינע קערבל. און אז מע וויל גאָר, צעאקערט מען נאָך עטלעכע דעסיאטין ערד. מע טוט א שטעל אוועק עטלעכע שטיקלעך בעהיימעס, און מע פארדרייט אזא קאָרבע, אז די גאנצע וועלט זאָל אָנקוקן און מעקאנע זייַן". (זייַט 46).

געוויס זייַנען אין אלבערטאָנס שטאָפּרייַכע פארצייכענונגען פאראן אויך ניט־יִדישע וואנדערער: רויטארמייער, טאָטערן, סיבירער פּויערים, פּרויענ; ווידער, אין בירעבידזשאנ גופע איז פאראן די נייַע סאָוועטישע יוגנט אין די צוויי „קאָמונעס", אפילע מערעזשין, די אגראָנאָמען א. א. וו. געוויס ווערט דער טיפּאזש פונעם שטאָפּרייַכן בוך ניט אויסגע־שעפּט מיט קאסרילעווקער פארשוינען, דעם הויפּט־העלד פונעם מערק־ווירדיקן מארשרוט בילדן דאָ אָבער פּאָרט די „קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע האסאָגעלעך". אפילע דער בארימטער „זאגראניטשנער" זייַ־גער, וואָס איז ערשט ארויס פון לייווי דעם זייגערמאכערס האנט (צו אימ קיינ סקווירע פּאָרט מען פון אומעטום פאריכטן זייגערס!), איז אויך אריַינגענומען געוואָרן אין קאָן אריַין!

יאָ: קאסרילעווקע „אין וואגאָן", אָבער ניט קיין אמע־ריקע, נאָר קיין בירעבידזשאן.

דערדאָזיקער קאפּיטאלער — פאר דער אָפּשאצונג — פאקט איז בעשומויפן ניט קיין רעזולטאט פון א וועלכער ס'ניט איז ליטעראַרי־שער אינערציע אָדער נאָכמאכונג. דער מענטשנ־מאטעריאל, וואָס האָט געדינט שאָלעם־אלייכעמען אלס אן אָביעקט פאר געניאַלע קינסטלערישע פארוואנדלונגען, איז פּאָשעט נאָך ניט פארשוואונדן געוואָרן אויך פון

דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, מאכמעס פיל טײַמים. און די שווערי־קײַטן פון אונדזער בויונג זײַנען אָפּט גוירעם צו געוויסע רעצידיוון.

ס'איז אומבאשטרײַטבאר: איטלעכער פרווו אויסצומײַדן דעם „קאסרילעווקער" עלעמענט בא דער קינסטלערישער שילדערונג פונ דער איבערוואנדערונג וואָלט געווען פאלסיפיקאציע.

ווען אלבערטאָנ האָט אויסגעווײלט פאר זײַנע קינסטלערישע פארוואנדלונגענ און באלויכטונגענ קאסרילעווקע „אינ וואגאָנ" קיינ בירעבידזשאנ*) (נאטירלעכ, פונ א געוויסנ שטאנדפונקט), איז פאר אים אנטשטאנענ די פּראָבלעם פונעם אנטשפּרעכנדיקנ מעטאָד. און דאָ האָט אים אָריענטירט שאָלעם־אלייכעם. אָט פונקט ווי דאָס האָט פאסירט, האגאמ אינ אנ אנדער פּראָפּאָרצ, מיט קיפּניסעס „כאדאָשימ און טעג". דאָ איז אָבער פאראנ זייער א וויכטיקער פּרינציפּיעלער אונטערשייד, דעהײַנו: אינ שאָלעם־אלייכעמס הומאָר שטעקט א געוויסע פילאָסאָפיע, און זיכער א קלײנבירגערלעכע. בא קיפּניסנ — אויכעט דאָסזעלביקע. בא אלבערטאָנענ אָבער שטאמט דער הומאָר פונ גאָר אנ אנדערנ סאָציאלנ קוואל!

ווי שטארק עס איז אינ אלבערטאָנס בוכ דער שאָלעם־אלייכעמ־עלעמענט, — איז צו זענ אפילע פונ די ענלעכע שפּראכ־פאָרמעס. אייניקע בײַשפּילנ פונ דעמ מינ:

„פּײַוויש דער רויטער שטייט, ווי א גוילעמ, מיטנ האמער אינדערלופטנ און קוקט; ווי א גוילעמ שטייט ער און קוקט".

„מײַנע האָט מיר פארגרייט אפנ וועג געהאקטע פיש. כ'האָב זייער ליב געהאקטע פיש, האָט זי מיר פארגרייט".

„ער (דער פארוואלטער — ס. זש.) מיינט, מיר זײַנענ גלאט איבערוואנדערער, גלאט איבערוואנדערער — וויל ער אונדז באָדנ. יע, ניט דאָס. מיר פאָרנ קיינ בירעבידזשאנ, פאָרנ מיר, און ער וויל אונדז באָדנ, דער פארוואלטער".

„ראָזע האָט ניט ליב, אז מע רעדט פונ איר און מע מישט זיכ ארײַנ אינ קאָנ ארײַנ. און אז זי ווערט בארויגעז, ראָזע, פארויטלט זי זיכ און באהאלט די קלײַנע אפנ פּאָנעמ. נאָר די אונטערשטע ליפּ, וואָס טאָרטשעט בא איר צופיל ארויס, הייבט אָנ ציטערנ. ראָזע האָט

*) איכ שטרײַכ אונטער, אז אינעמ בוכ איז פאראנ אויכ אנ אנדערער, ניט ווייניקער אינטערעסאנטער שטאָפּ.

ניט ליב, אז עס ציטערט בא איר די אונטערשטע טאָרטשענדיקע ליפּ, און האָט ניט ליב, אז מע קוקט דעמאָלט אפ איר".

די צאָל ענלעכע ביישפּילן וואָלט מען געקאָנט פארצענפאכן.

א געלונגענעם מוסטער פון דער שאָלעם־אליכעם־אָריענטאציע האָבן מיר אינעם קאפּיטל „בריוו פון באסיען צו מיילעכן" און פארקערט. נאטירלעך, איז באסיע ניט אינגאנצן שיינע־שיינדל, און דעריקער: מיילעך קלייבט זיך ווערן אויס מענאכעם־מענדל. ער טרוימט נאָך אפילע „מאכן א וועלט, נאָר גאָר מיטן גרויסן קאנטשיק". דאָס אלץ אָבער שוין צוליב דעם, „די קינדער זאָלן שוין ניט דארפן פאָרן אפ די יארידים, מיט קלאָטשע און מיט הינער זאָלן זיי שוין ניט האנדלען". און ביכלאל: אויב די סאָציאלע און סאָציאל־פּסיכאָלאָגישע פּערספּעקטיוו בא שאָלעם־אליכעמען איז געגאנגען דורך טעוויען צו מענאכעם־מענדלען; איז בא דער ראטנמאכט (אפ וויפל עס האנדלט זיך וועגן דער דעקלאַ־סירטער יידישער אָרעמשאפט, האָבן מיר שוין א פאר־קערטן גאנג: פון מענאכעם־מענדלען, דורך טעוויען (און אָפט דירעקט) צו פּערטשיקן און ווייטער... און אין אונדזער מיילעכן הייבט זיך שוין טאקע אָן דידאָזיקע פארוואנדלונג פון מענאכעם־מענדלען, און מאכמעס דעם טאקע מוז דער בריוו־פארקער צווישן באסיען פונעם כאָרעוון שטעטל מיט מיילעכן אין בירעבידזשאן האָבן דעם שאָלעם־אליכעם־אספּעקט, וואָרעם שאָלעם-אליכעם איז דער סטיל פון באשטימטע דעפּאָרמיר־פּראָצעסן באם יידישן שטעטל. אלבערטאָנס בריוו איז ניט קיין ליטערארי־שע אינערציע און ניט קיין נאָכמאכונג. אלבערטאָנס „בריוו" איז — גע־לונגענע אָריענטירטע קונסט.

נאָר דעם סאמע גלענצנדיקן ביישפּיל פאר דער שאָלעם-אליי־כעם־אָריענטאציע האָבן מיר אינעם שלוס־קאפּיטל „צוויי קאָמונעס". לעפּאָנעם קאָן אויסדוכטן, אז דאפקע בענעגייע צו דעמדאָזיקן שטאָפּ איז נייטיק געווען אן אנדער פאָרם. אינדערעמעסן: די רייד איז שוין ניט פונעם קלאסישן שטעטלשן טיפּאוש, ווי אין דאָסראָוו פאָריקע קאַ־פּיטלעך. דאָ האנדלט זיך שוין וועגן סאָוועטישער יוגנט, — דעריבּ וועגן אזא, וואָס איז אָקערשט פון די פעדטעכניקומס, וואָס בויט א נייַ קאָ־מוניסטיש לעבן. יאָ, לעפּאָנעם קאָן אויסדוכטן, אז מיר האָבן שוין צו טון, אויב ניט מיט שאָלעם־אליכעם־אינערציע, איז מיט אן אלבער־

טאָנ־אינערציע... טראכט מען זיך אָבער גוט אריַין דערינ, אזוי דער־שפירט מען גלײַך די פולשטענדיקע גע זעצמעסיקײַט פונעם שאָלעם־אלייכעם־עלעמענט אינ דער באלויכטונג אויך פונעם דאָזיקנ נײַעם שטאָפ. נאָר צום פאָריקנ הומאָר, — וואָס ווערט דאָ מאכמעס פאר־שטענדלעכע טײַמימ אביסל אָפּגעשוואכט, — קומט דאָ צו די לירי ק פונ די ליכטיקסטע שאָלעם־אלייכעמשע קינדער־דערציילונ־גענ. אינדערעמעסנ: ווער איז מענדל — דער פאָרזיצער פונ דער קאָ־מונע — אויב ניט מאָטל פייסי דעם כאזנס, וואָס איז אויסגעוואקסנ, אָנגעגאָסנ זיך מיט האָרעפּאשנער קראפט אונ דערלאנגט אזש קײנ בי־רעבידזשאנ?! אונ צי דערמאָנט ניט דער פינאל מיט דער „שווייצארקע" דאָס קעלבל מעני, וואָס האָט אויך דערלאנגט קיינ „בירעבידזשאנ" אונ, צום באדויערנ, אומגעקומענ פאר דער צײַט?

הײַנט ווער איז סימע, אויב ניט בוזי פונ „שיר האשירים" (אונ ענ־לעכע קינדער־דערציילונגענ), וואָס איז אויך געוואקסנ, געשטודירט אינ פעדטעכניקום אונ צום סאָפ אויך אָנגעקומענ קיינ „בירעבידזשאנ"?

———

האלטנדיק פארנ וויכטיקסטנ אינ פראט פונ סטיל דעם שאָלעם-אליי־כעם-עלעמענט, האָבנ מיר אביסל אויספירלעכער זיך אָפּגעשטעלט דע־רופ, האגאמ די גאנצע צאָל נייטיקע איליוסטראציעס־ארגומענטנ פאר אונדזער גרונט־געדאנק, ווערכנ מיר האלטנ פאר אומבאשטרײַטבאר, האָבנ מיר מינאסטאמ ניט באוויזג צו ברענגענ. זײַנענ מיר דעריבער גע־צוווּנגענ צו פארקירצנ בענעגייע צו די אנדערע מאָמענטנ אינ די מערקווירדיקע „וועג־אײַנדרוקנ": „בירעבידזשאנ" וועט דאָך ניט אנט־לויפנ...

1. לירי ק: אינ א שטארקערער מאָס, ווי אינעם הומאָר, פילט זיך בא אלבערטאָנענ די לירישע אימפּרעסיע אונ די פייזאזש־שילדערונ־גענ. זי איז אָבער דאָ געלונגענ פארמאסקירט דורכנ עפּישנ אויפנ פונ שילדערנ.

שטיקער פלאסטישע ליריק, וואָס בעטנ זיך אפּנ לײַוונט!

אויך ניט צו־עליק שליסט אלבערטאָנ א ריי קאפּיטלעך מיטנ ריט־מישנ בי־רע־ביד־זשאנ...

2. די לאָגיק, די אָביעקטיווע לאָגיק פונעם אָביעקטיוונ שטאָפ, האָבנ דעטערמינירט א ריי עקזאָטישע מאָמענטנ: „דאָס שטיבל אינ דער טײַגע"; „די מײַסע וועגנ דעם בײַקאל" א. ד. גל. צי שטאמט אָבער

ניט דידאַזיקע עקזאָטיק פון א טיפערן "סוביעקטיוון קוואל? צי האָבן מיר דאָ ניט צו טון מיט א געוויסן, האגאם וויַיטן ר ע מ ע ז אף באשטימטע ראָמאנטישע עלעמענטן אינעם קינסטלערס געמיט?!

3. פ ס י כ אָ ל אָ ג י ע. בענעגייע צו דעם הערשט נאָך א היפשער פלאָנטער. ס'איז יעדנפאלס קלאָר, אז איַינשטעלן א טהאָם — ווי איט־לעכער בריק איז אויסגעשלאָסן — צווישן קינסטלערשער א י מ א נ ע נ ט ע ר (אינערלעכער) פסיכאָאנאליטיק און „אויסערלעכער" ש ט י י ג ע ר־שילדערונג איז זיכער א טאָעס. מע קאָן זיך פאָרשטעלן א שילדערונג פון פסיכאָלאָגישע צושטאנדן, איבערלעבונגען און האנדלונגען, ווי די ב א וו ע ג ־ק ר ע פ ט נ און פרוזשינעס זייַנען פון ד ר ו י ס נ, אינעם שטייגער. יאָ: די ש ט י י ג ע ר י ש ע א נ ט פ ל ע ק ו נ ג פ ו נ ד ע ר פ ס י־כ אָ ל אָ ג י ע איז פונקט אזוי געזעצלעך, ווי די „פסיכישע". אין אלבער־טאָנס בוך, באזונדערס אינעם איַינפיר־קאפיטל — „נאָך אינדערהיים" — זייַנען פאראן געלונגענע פרווון אין דעם פראט: מיכל דעם מוליערס שטי־מונגען און איבערטראכטענישן זייַנען אין א גרויסער מאָס באווירקט דורכן שטייגער פונעם „ענגן געסל".

4. ד י ק אָ נ ס ט ר ו ק צ י ע. די אופגאבע צו געבן פארצייכענונגען האָט דעטערמינירט (באשטימט) די קאָנסטרוקציע. דאָס איז ניט קיין ראָמאנמעסיקע סיוזשעטיק, ניט קיין סיפער־האמיַיסע, נאָר א „סיפער" אָן א מיַיסע, אָדער מיט אסאך מיַיסעס. א ריי בילדלעך איז אָבער נ אָ־וו ע ל א ר ט י ק פארענדיקט, אשטייגער, דאָס ווינ דערמאָנטע ערש־טע קאפיטל. ס'פילט זיך זייער די אינערלעכע מאָס, די שפּאָרעוודיקיַיט, דער קינסטלערישער „סאָד־האצימצעמ".

5. פ ע ל ע ר נ: „פישקע פאָרט אויך" געהערט צום ציקל „נאָך אינ־דערהיים", פיגורירט אָבער צווישן די לעצטע קאפיטלען. ווידער, וואָלט מען געקאָנט ערטערוויַיז קירצן. די שפראך איז ניט אומעטום גלייַכמע־סיק געשליפן. ס'זייַנען פאראן אומבאארבעטע שטיקער, אפאָנעם, אויס איַילעניש.

## אויספירן:

1. „ב י ר ע ב י ד ז ש א נ" א י ז א מ ו ס ט ע ר ־ וו ע ר ק פ א ר „וו ע ג־א יַ י נ ד ר ו ק נ". א פ וו י פ ל ע ס א י ז א י נ ד ע ר נ אָ כ אָ ק ט י א ב ע ר־ד י ק ע ר י י ד י ש ע ר ל י ט ע ר א ט ו ר ד אָ ס ע ר ש ט ע וו ע ר ק פ ו נ ד ע מ מ י נ, א פ א ז ו י פ י ל א י ז ע ס א ה י ס ט אָ ר י ש ע ד ע ר ש יַ י נ ו נ ג.

ס'איז צײַט אײַנצובירגערן דעמדאָזיקנ זשאנר אויכ בענעגייע צום פראָדוציר־לעבנ. אינ דעם פראט איז דאָכ די לאגע א שענדלעכע!

2. „בירעבידזשאנ" האָט צו טונ מיט די ערשטע טריט פונ א וויכטיקער אונטערנעמונג. וועט עס מיט טיפנ אינטערעס אונ דאנקבארקײַט אופגענומענ ווערנ דורכ די קינפטיקע דוירעס...

3. „בירעבידזשאנ" איז א ווערק, וואָס זײַנ קינסטלערישער אונ ליטעראטור־היסטאָרישער ווערט איז ברייטער פאר זײַנ זשאנר־פארמעסטונג.

4. „בירעבידזשאנ" איז א ווערק פונ גרויסנ באדײַט פאר דער ווײַטערדיקער קינסטלערישער עוואָליוציע פונ זײַנ מעכאבער.

5. „בירעבידזשאנ" איז א מוסטער־ווערק פונ א „סאָציִאלער באשטעלונג" אונ אפ אזויפיל — א גלענצנדיקע דעמאָנסטראציע פאר די גרויסע, זיגרײַכע קרעפטנ פונ דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור.

1929.

# „הרעבליעס".

אָרלאַנדס „הרעבליעס" זײַנען ניט בלויז א „קרעפּטיקער אָנהייב", ווי עס פאָרמולירט דער כ׳ האָלדעס אין זײַן געלונגענעם קריטישן אַרטיקל („פּראָליט" נומ. 12־11 פאַרן 1929 י.), נאָר בעפּיירעש א קרעפּטיק ווערק, האגאם ניט קיין „מוסטער פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור", ווי אייניקע כאַווײרים האַלטן.

איינצײַטיק דערמיט איז כ׳ אָרלאַנדס בוך אויכעט א גאַנץ בוילעטע איליוסטראַציע פאַר יענע גרויסע שעפערישע מעגלעכקײַטן, וואָס זײַנען פאַרבאָרגן אין די טיפעניש פון דער גאַנצער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. קורץ: אָרלאַנדס בוך איז פון יענער קאַטעגאָריע קונסט־ווערק, וואָס גייטיקן זיך ניט אין קיינע רעקלאַמעס — זיי רעדן פאַר זיך.

דערדאָזיקער אומשטאַנד פאָדערט פון אונדז די מאַקסימאַלע קריטישע שטרענגקײַט בענעגייע צו יענע שוואַכע ערטער און גאַנצע דורכפאַלן אין אָרלאַנדס „הרעבליעס", וואָס זײַנען, אפּאָנעם, ניט קיין צופעליקע באַגלייט־דערשײַנונג באַם „ערשטן אַרויספאָר". ביפּראַט, דאָס פּאָזיטיווע, וואָס איז צעוואָרפן איבערן גאַנצן בוך, זאָגט איידעס דערוף, אַז אָרלאַנד פאַרמאָגט קראַפט גוויוער צו זײַן דאָס, וואָס מיר רופן אָן דאָס „גאָרנישע"... אינעם קינסטלערס געמיט.

אַלס א סימען, אַז אין די „הרעבליעס" איז ניט אַלץ „קעשורע", ווײַזן אייניקע כאַווײרים אָן דאָס, וואָס אינעם בוך פעלט די פּאַרטיי, דער קאָמיוג א. ד. גל. אוואַדע איז עס א בלויז, און טאַקע אַן ערנסטער. די פאַרטיי איז באַ אונדז דער אוואַנגאַרד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, ביכלאַל דער אוואַנפּאָסט פון דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, און קינסטלעריש ווײַזן דעם אוואַנגאַרד אין אַלע זײַנע געשטאַלטן איז אוואַדע א היסטאָרישע דירעקטיוו פאַר אונדזער גאַנצער נײַער ליטעראַטור. דוכט אונדז אָבער, אַז מע דאַרף אורטיילן וועגן די שאַפונג־מעגלעכקײַטן און וועגן דעם סאָציאַלן כאַראַקטער פונעם ווערק דעריקער לויט דעם, וואָס אין אים איז פאַראַן, און ניט לויט דעם, וואָס

אין אים פעלט. מע דארף פעסטשטעלן דעם מעטאָד פונעם קינסט־לער בענעגייע צו א באשטימטער קאטעגאָריע געשטאלטן, וואָס ער האָט יאָ באוויזן צו פארקערפערן, און דאָס וועט שוין דערלויבן צו מאכן די אָדער אנדערע קאָנקרעטע אויספירן.

פארן שווערפונקט פון אָרלאנדס „הרעבליעס" האלטן מיר ניט גאָרנען, ניט מארקען,—נאָר די מאסע שטעטלשע ייִדן בא דעם שווערן ארבעט־פראָצעס, און דידאָזיקע מאסע איז אָרלאנדן געלונגען.

ניאָכע דער באלעגופ, די פאָלישוקעס, דער פייזאזש און נאָך און נאָך (אויספירלעך וועגן דעם אין האָלדעסעס דערמאנטן ארטיקל), דאָס אלץ איז אינעם בוך קרעפטיק געשילדערט. און דער מעטאָד איז דאָ אין אלגעמיין גענומען א ריכטיקער: אינדיווידועלע אופירונג און האנדלונג ווערן סאָציאַל מאָטיווירט; דאָס קאָנקרעטע איז געגעבן דורכן קלאסעווון. ניט בילדנדיק אָבער דעם פאָקוס פונעם ווערק (מע דארף ניט צונויפמישן דעם פאָקוס פונעם ווערק מיט זייַנע סיוזשעטי־שע אקסן), האָבן פאר אונדז גאָרן און מארקא מאכמעס א ריי טייַמים א באזונדערן ווערט אלס באשטימטע פרווו־געשטאלטן פאר אָרלאנדס שעפערישע קרעפטן. ווייַלן מיר דעריבער אויס בלויז זיי פאר אונ־דזער אנאליז, האָבנדיק, נאטירלעך, אין זינען באם ענדגילטיקן בא־לאנס די קרעפטן־פארהעלטענישן אינעם גאנצן בוך.

## ווער איז גאָרן?

ס'וואָלט געווען קעגן דער ווירקלעכקייַט, קעגן גאָרנען און אלע גאָרנס, אלס א סאָציאַלע קאטעגאָריע, צו באהויפטן, אז אָרלאנדס גאָרן איז אין געזעלשאפטלעכן זינען דורכויס אידייענלאָז, אָדער, בעסער געזאָגט, אידעאלנלאָזיק, ניין: די פערספעקטיוו אויסצוטריקענען פאר די פאָלישוקעס טויזנט דעסיאטינ באָדן און שאפן ארבעט פאר 179 ייִדי־שע מישפּאָכעס באגייַסטערט אים אפילע. צוקוקנדיק זיך, ווי די טשער־נאָבילער גראָבערס רייַסן קונציק די הרעבליעס, דערפילט ער, אז „מיר ברענגען פריש פעלד און גערעטעניש אין אן אָפגעשטאנענעם סאָוועט־טישן קאנט". ס'איז קיין צווייפל ניט, אז עטוואָס כאָוועטישעס איז אין גאָרנען געוויס פאראנען. וואָס אָבער האָט געטריבן גאָרנען דאפ־קע צו די פאָלעסישע זומפּן, ווו עס קומט אויס „צופיל נעמען אפ זיך"? זאָל דאָס זייַן דער דראנג צו גרויסע געזעלשאפטלעכע אופטוען דאפקע

אין די שווערסטע באדינגונגען, דער אפעטיט צו גרויסע נאטור־געראנג־לען און נאטור-ניצכוינעס?

אונדז דוכט, אז מיר וועלן ניט האָבן קיין טאָעס, אויב מיר וועלן מאסקים זײַן דערמיט, ווי גאָרן אליין פארענטפערט פאר זיך דידאָזיקע פראגע, דעהײַנע: „ס'האָט געצויגן קיין פאָלעסיע... גענארט האָט דער אומבאוווסטער קאנט און טויבע וועלדער"...

געוו'ס איז פאר זיך גענומען דער עצעם אינטערעס צו „אומבאוווסטע קאנטן און טויבע וועלדער" פאר קיין פאל ניט קיין נעגאטיווער שטריך. פארקערט: וואָס קולטורעלער ס'איז דער מענטש, וואָס ברייטער ס'איז זײַן האָריזאָנט, אלץ ווײַטער איז זײַן אויג־פארנעם, אלץ פארשיידנ־ארטיקער זײַנען זײַנע וויסנ־אינטערעסן. אין דער אופקומענדיקער סאָ־ציאליסטישער געזעלשאפט, ווו דער מעכטיקער ארסענאל לעבנס־מיטלען וועט דינען בלויז צו דעם שאפנדיקן מענטשן און ניט דעם פריוואטן אייגנטום, וועט דער אינטערעס צו די „אומבאוווסטע קאנטן און טויבע וועלדער" זײַן אוואדע שטארק. דער דראנג צו דערקענען און צו באַ־זיגן איטלעכ ווינקל פונעם ערד־קײַלעך, און ניט בלויז פונעם ערד־קײַ־לעך, איז אוואדע מעכטיק.

איין זאך אָבער איז ראציאָנעלער, קאָמוניסטישער וועלט־צוגאנג, און גאָר אן אנדערע איז עקזאָטישע ראָמאנ־טיק, די לײַבלעכע שוועסטער פון מיסטיק, וואָס זיי ביידע טרײַבט זיי־ערע אייגענע „טויבקײַט" צו „טויבע וועלדער"...

אלזאָ: מיר צווייפלען ניט אין דער אופריכטיקײַט פון יענע גוטע סאָוועטישע געפילן, וואָס פלעגן אופלאקערן אין גאָרנס אופגערירטן געמיט. אונדז דוכט אָבער, אז געקומען איז ער גיכער צוליב די „טוי־בע וועלדער", איידער ווי צום „אָפגעשטאנענעם קאנט"... ווי צום בײַ־שפיל, דער העלד פון קופרינס „Олеся":

„Я поехал даже с радостью Полесье.. глушь.. лоно природы.. простые нравы.. первобытные натуры—думал я сидя в вагоне—совсем незнакомый мне народ, со странными обычаями, своеобразным языком, и уже наверно, какое множество поэтических легенд, преданий и песен",

אלזאָ: גאָרן, דער סאָוועטישער אינזשענער, דער אָנפירער פון א גרויסער סאָוועטישער אונטערנעמונג, איז דערווײַל ניט מער ווי א טיפישער „שיינער" ראָ־

מאנטיקער, א „באַלדימיענ״ פונ קופּרינס שניט. אויס־פּיר נומער איינס.

אז מיר האָבנ צו טונ, אינ גרונט גענומענ, מיט א טיפּיש קליינביר־גערלעכנ אינטעליגענטל, וואָס פאַרמאָגט אויסער ראָמאַנטיק א היפּשע פּאָרציע עגאָיזם, איבערצייגט אונדז גאָרנס גאַנצע אופירונג אונ איבער־טראַכטענישנ.

ווענ ער טרעפט זיכ צום ערשטנ מאָל פּאָנעם על פּאָנעם מיט זיינע ארבעטער, דערינ אויכ שוואַכע יידנ, דערמאַנט ער זיכ, אז טראַכטנדיק „פונ זיינ ערשטער באגעגעניש מיט די ארבעטער, האָט ער זיכ פּאָר־געשטעלט „גאָר אנדערש״... אינדערעמעסנ: דידאָזיקע שוואַכע מענטשנ „וועלנ עס דארפנ גראָבנ זיינע*) קאנאַלנ״. צי פילט זיכ דענ דאָ ניט, אז דער שווערפּונקט איז דאָ דערינ, וואָס עס האנדלט זיכ וועגנ „זיינע קאנאַלנ״? אז „די פינפ טויזנט העקטאַר ווארעמענ״ אונדזער אינ־זשעניער דערפּאַר, וואָס „די פּאָלישוקעס וועלנ אים יאָרנ געדענקענ אינ לוטשינקער קאַנט, אזש ביז דער פּוילישער גרענעצ״.

געוויס זיינענ ניט אלע מינימ אייגנליבע אָביעקטיוו גלייכוועדטיק. אינ דער מעכטיקער באוועגונג פונעמ סאָציאַליסטישנ געוועט, וואָס איר גוואַלדיקנ פּאָזיטיוונ עפעקט איז ניט אויסצומעסטנ, איז דאָס פּערזענ־לעכע ניט בלויז קיינ פאקט, נאָר אויכעט א פאקטער. מארקס אונ לע־נינס טאַלמידימ זיינענ ניט קיינ ראָמאַנטיקער, אזנ מישנ ניט צונויפּ דעמ פולנ קאָמוניזמ מיטנ איבערגאנג־פּעריאָד. אז אינ גאָרנענ איז אָבער מער עגאָיזמ, איידער געזעלשאפטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאראנטוואָרט־לעכקייט, באשטעטיקט אינגאנצנ דאָס פארברעכערישע ספּעקולירנ דע־רופ, וואָס די קרייזישע רעוויזאָרנ וועלנ זיכ „ניט כאפּנ״, אז די קאַ־נאלנ זיינענ סיסטעמאטיש ניט צעגראָבנ אפּ א היפּשער שטרעקע, וואָ־רעמ ווי קאָנ מענ עס דערלאָזנ, אז זיינ, גאָרנס, נאָמענ זאָל פארפלעקט ווערנ? ער פארשטייט אויכ, אז אָוורוצקי, אשטייגער, אפּ זיינ אָרט וואָלט געזוכט אנ אנדער אויסוועג: ער וואָלט זיכ געשטאדלט, מע זאָל פארגרעסערנ די סמעטע א. ד. גל. ווי קאָנ אָבער ער, גאָרנ, זיכ מודע זיינ, אז די סמעטע איז איבערגעפוצעוועט?

אלזאָ, גאָרנ איז ניט בלויז קיינ ראָמאַנטיקער, נאָר אויכעט אנ עגאָיסט. צוליב אייגענעמ נאָמענ איז גאָרנ

---

*) אונטערגעשטרייכט פונ אונדז, ס. זש.

קאפאבל צו ריזיקירנ מיט דער גאנצער אונטערנע־
מונג. אויספיר נומער צוויי.

סאמע אינ מיט פונ דער ארבעט, אינ מיט פונ די שווערקייטנ, איז „דער פלײַס פונ די ערשטע וואָכנ ארבעט בא אימ אָפּגעפאלנ, דער אימפּעט זײַנער האָט זיכ בא אימ צוביסלעכ אויסגעוועפּט". ער האָט זיכ אָנגעהויבנ באציִענ צו אלצ אונ צו אלעמענ גלײַכגילטיקער. ער גייט אײַנ אפ ניט דערגראָבנ א לאָפּעטע ערד. אונ ווענ ס'האלט שוינ זייער ווײַט אינ דעמ פּראַצ, איז אונדזער „סאָוועטישער אינזשענער" גאָרנ „שוינ מיד, ער האָט ניט קיינ האָר ווילנ, איז פויל". אָט טאקע: מיד אויס ווילנלאָזיקײַט! אויס פוילקײַט... אנ אויסגעצייכנטע זעלבסט־כאראקטעריסטיק! דערמאָנט זיכ אלפּי קאָנטראַסט די לערערקע— אויכ א קאטעגאָריע סאָוועטישע אינטעליגענצ — אינ כאריקס „לײַב אונ לעבנ". זי דערפילט זיכ צײַטנווײַז אויכעט מיד, אָבער ניט אויס ווילנלאָזיקײַט אונ פוילקײַט. זי ווערט אײַנגעמאטערט אינעמ ווילנפולנ, פלײַסיקנ קעמפנ קעגנ די אויסערלעכע שווערקײַטנ. כאָטש ס'וואָלט געווענ א טאָעס צו באהויפּטנ, אז אינ אידעאָלאָגישנ זינענ איז בא איר „אלצ אינ אָרדענונג": אביסעלע פאָלקיסטישער ראָמאנטיזמ איז בא איר דאָכ פארבליבנ. אנדערש אָבער איז מיט גאָרנע. ער ווערט מער אײַנגעמאטערט פונ דער אייגענער „פוילקײַט אונ ווילנלאָזיקײַט"... כאריקס לערערקע איז דעריבער טאקע סאָוועטישע אינטעליגענצ, אונ גאָרנ? א וואריאנט פונ בערגעלסאָנס א פארשוינ, מיט „אנ אראָפּגעלאָזטער אונטערשטער קאפּריזער ליפּ, מיט טונקעלע אײַנגעצויגענע באקנ אונ דינע קנייטשנ־אָדערלעכ ארומ די אויגנ, קנייטשעלעכ געקומענע פונ פריצײַטיק אויסגעבראכטער ענערגיע, אָדער פונ אנ איבעריקנ האלב־צענדליק יאָרנ, אפ וועלכע זײַנ הויכער יונגער שטערנ וויל ניט אײַנגיינ".

דאָ בעט זיכ א פאראלעל מיט דער אינזשענער־פּראָבלעמ אינ אנא קאראווײַעוואס „געהילצ־זאוואָד". דאָ האָבנ מיר דעמ אָנפירער מיט דער בויונג פונעמ געהילצ־זאוואָד אָגניעוונ, דעמ אינזשענער מעדיאַיעוונ אונ דעמ טעכניקער בוטשעלסקי. בענעגייע צומ אינזשענער (די אָגניעוו־פּראָבלעמ איז פונ אנ אנדער מינ, אונ זי אינטערעסירט אונדז ניט אינ דעמ קאָנטעקסט) איז די איבערגעבורט באוויזנ: מיר האָבנ פאר זיכ א סאָוועטישנ אינזשענער פונ א באשטימטער קאטעגאָריע; נאטירלעכ, ניט אלע סאָוועטישע אינזשענערנ זײַנענ פונ איינ טייג אונ „פּראָבע".

דערפאר איז דער טעכניקער בוטשעלסקי א דורכויס נעגאטיווער טיפ, א רעשטל פון יענעם טייל אלטע אינטעליגענץ, וואָס איר אומקום איז א פולשטענדיק געזעצמעסיקע דערשיינונג.

בוטשעלסקי איז, פארשטייט זיך, „אויסער־קלאסנדיק". ער איז איבערגעפולט מיט „מענטשלעכער ווארעמקייט", ער איז „הומאניסטיש", „עטיש", פאַלקיסטיש־ראָמאנטיש:

...„בוטשעלסקי האָט, ווי א פארקיטעפטער, געהערט דער זאָגערנס מייסעס. זי האָט געקאָנט דערציילן וועגן וואָס דו ווילסט נאָר אליין. אלע אירע מייסעס האָבן אפ איין־און־דעמזעלבן אויפן דעם אויער געלאשטשעט, אירע ווערטער זיינען זינגעוודיק געווען, ווי דער געזאנג פון ווייטן פייפל, קלעפיק און זיס, ווי האָניק. אירע ווערטער זיינען אָנגעזאפט געווען מיט א פארעלטערטן דופט און מיט א ליבער ווארעמקייט.

מיט פאמעלעכע טריט איז אנטקעגן די אויגן געקומען די ליבהארציקע פוילע רוס. זי האָט געקוקט אפ בוטשעלסקין מיט דער שטייגנדיקער טיפ פון אירע שלעפעריקע טייכן און סאָכע־פעלדער און געשעפטשעט צו אים: „איך לעב, וואנדערל דו מיינער". בוטשעלסקיס אינדיווידועלער טויט איז א היסטאָרישע דערשיינונג: ס'איז א טויט פון א שיכט, וואָס האָט סאָציאל דעגענערירט. און וואָלט אינעם „געהילץ־זאוואָד" פיגורירט בלויז בוטשעלסקי, וואָלט עס אוודע דעמאָנסטרירט אפ א באשטימטן אויפן קאראווייעוואס שעפערישע מעגלעכקייטן. ס'איז דאָך אָבער ניט אזוי: באגלייך מיטן סאָציאלן דעגענעראט איז דאָ ארויסגעפירט מעדיאיעוו—א סאָוועטישער אינזשענער פון א באשטימטן מין, און דאפקע דער קאָנטראסט האָט דאָ פיל וואָס צו זאָגן.

אָרלאנד־זשע האָט אפאָנעם ניט געהאט אינזינען די בוטשעלסקי־פראָבלעם: פארקערט, ער האָט מינאסטאם געוואָלט געבן א סאָוועטישן אינזשענער. אָבער אייניקע בוטשעלסקי־שטריכן: „ראָמאנטיזם" א. דגל. האָבן אופגעפרעסן דאָס „סאָוועטישע" אין גאָרנען. דער לעצטער וועט נעמען געקאָמען...

אויספיר. אפ דער פראגע: ווער איז גאָרן? ענטפערן מיר: ניט קיין סאָוועטישער אינזשענער, אלס א ספּעציפישע היסטאָרישע קאטעגאָריע, נאָר א בערגעלסאָניש אינטעליגענט פון „דאָוואָיענע ווערמיא", וואָס איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער שפיץ פון אזא וויכטיקער סאָוועטישער אונטערנעמונג, ווי באַ־

קעמפּן „אָפּגעשטאַנענע קאַנטן און טויבע ווענדער". כ׳וואָלט געוועגן א טאָעס צו האַלטן, אז די גאָרנס און אַלע ענלעכע טיפּן פון דעם מינ זײַנען שוין פארשוואונדן געוואָרן פון אונדזער ווירקלעכקייט; ניין, זיי לעבן נאָך (סײַ אין דער פולער מאָס, סײַ עלעמענטנווײַז אין אנדערע געשטאַלטן אלס „גילגולים"), און אָרלאַנד קען זיי, אפּאָנעם, אויסגע־צייכנט. און פון דעם שטאַנדפּונקט איז ניטאָ קיין קינסטלערישע פעל־שונג אין גאָרנס געשטאַלט. קונסט איז אָבער ניט קיין מעכאַנישער פאָטאָגראַפיר־פּראָצעס; אַלץ, וואָס עס איז אינדרויסן—אינע־ווייניק. קונסט איז אַן אינסטרומענט פון קלאַסנקאַמף און קלאַסן־פּראָבּ־לעמעס. די פּראָדוקטיוויזירונג פון די שטעטלשע מאַסן איז אַ וויכטיקע סאָציאַלע פּראָבלעם, און אייניקע אירע פאָרמען זײַנען זייער געלונ־גען באַוויזן אין די „הרעבליעס". אָבער די אויספורעמונג פון אַ סאָ־וועטישן אינזשעניער, אָנפירער פון גרויסע סאָוועטישע אונטערנעמונגען, איז אויכעט אַ וויכטיקע פּראָבלעם סײַ פאַר זיך, סײַ פאַר דער קונסט. האָט זי אָבער אָרלאַנד ניט באַנומען. שטעלט זיך די פראַגע: צי איז גאָרן אַ פּאָסט אָרט, אָדער אַ דורכפאַל?

## ווער איז מאַרקאַ?

אז מאַרקאַ איז ראָמאַנטיזירט, „פּאַרפּאָלעסיעט", איז ניטאָ וואָס צו דערווײַזן: דאָס וואַרפט זיך גלײַך אין די אויגן. סאָפּקאָלסאָפּ איז אָבער ניט דערינג אָרלאַנדס אידעאָלאָגישער הויפּט־דורכפאַל. פּאָלעסיע איז פּאָרט אַ „ווילדער קאַנט און טויבע ווענדער", און אזעלכע, ווי מאַרקאַ, זײַנען ניט אויסגעשלאָסן, און אביסעלע עקזאָטיק וואָלט דאָ געוועגן צו דערלײַדן.

ערגער איז, וואָס אויך בענעגייע צו דער צווייטער צענטראַלער געשטאַלט פונעם בוך האָט דער כ׳ אָרלאַנד ארויסגעלאָזט פון אויג, אז דאָ שמעקט אויכעט מיט זייער אַן אינטערעסאַנטער פּראָבלעם: ווײַזן אין מאַרקען ניט דאָס עקזאָטישע און בּיאָלאָגישע פאַר זיך גענומען, אלס זעלבשטענדיקע, אומאָפּהענגיקע סטאַמ מענטשלעכע קאַטע־גאָריעס (אזוינס איז דאָך כאַראַקטעריסטיש פאַרן בורזשואזן מע־טאָד!), נאָר דאָס עקזאָטישע אין מאַרקען, ערשטנס, אלס אַ פּראָ־דוקט פון באַשטימטע סאָציאַלע פאַרהעלטענישן (נאַטיר־לעך, דורך קינסטלערישע מיטלען), און צווייטנס — ווײַזן די מאָדיפי־

צירונג (פאַרוואנדלונג) פונ דערדאָזיקער „עקזאָטיש-קײַט” אינ דער סאָוועטישער סוויווע. אינ דער צײַט, ווענ די בורזשואזע אָרדענונג לעשט אינעמ מענטשנ זײַנ פערזענלעכקײַט, האָט די פּראָלעטאַרישע דיקטאטור אָנגעצונדנ אינ די מויכעס פונ צענדליקער מיליאָנענ ארבעטלײַט דאָס באוווסטזײַנ פונ מענטשנ־ווערדע אונ מענטשנ־בארופ, אונ אויסגעפורעמט די נײַע פערזענלעכקײַט. דאָס רוקט אוודע ארויס פאר דער סאָוועטישער ליטעראַטור, ווי פאר איינעמ פונ די וויכטיקסטע אידעאָלאָגישע אינסטרומענטנ אינעמ קאמפּ פאר דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג די ערשטראנגיקע פּראָבלעמ פונ נײַע פסיכישע אויספורעמונגענ.

אינ מארקעס אופירונג האָבנ מיר אפילע א ריי אויסגעשפּראָכנ־סאָציאַלע אקטנ: מארקא צינדט אונטער דעמ קוילנ-קורינ פונ ניאָכענ, וואָס איר פאָטער מיכײַלע לאָדט אימ פאר א כויוו; מארקא אָרדנט אײַנ מיט בוזינ יאסליעס בא מיכײַלענ אינ שטוב; מארקא פויעלט באמ פּאָליִ־שוקישנ סכאָד קאָלעקטיווע הילפ אונ ראטעוועט אזויארומ די קאנאלנ. מיט איינ וואָרט: דאָס ווילדע מיידל הייבט אָנ אנטפּלעקנ אירע קלאסנ־וואָרצלענ; אינעמ „אָפּגעשטאנענעמ קאנט אונ די טויבע וועלדער” טוט א שמעק מיט פויער־שער סאָוועטישער יוגנט. אָרלאנד אָבער האָט עס, אפּאָנעמ, ניט באגריפנ, פונקט אזוי, ווי דאָס האָט פאסירט בא אימ מיט גאָרנעני. מארקעס גאנצע האנדלונג איז אינ אָרלאנדס קינסטלערישער אינטערפרעטאציע מאָטיווירט דורכויס ביאָלאָגיש: אָדער 1) אויס ליבע צו גאָרנענ, אָדער 2) מײַסע קאפריזנ פונ א ווילד פּאָלעסיש פויערימ־מיידל.

דאָ בעט זיכ ווידער טאקע א פארגלײַכ מיט אנדערע סאָוועטישע ווערק, ווו מיר טרעפנ זיכ אויכ מיט דער מארקא־פּראָבלעמ: מיט סייפולינעס „ווירינייע” אונ מיט דעמ שוינ דערמאָנטנ „געהילצ-זאוואָד”.

מע קאָנ ניט זאָגנ, אז אינ דידאָזיקע ווערק איז די פּראָבלעמ פולשטענדיק געלייזט. גראָד דעמאָלט ווענ „ווירינייע” איז ארופ אפנ ריכטיקנ וועג, צושטייענדיק צו איר מאנ, דעמ „באָלשעוויק”, קומט זי אומ איבער איר מוטערלעכנ אינסטינקט. בענעגייע קסעניענ פונ דעמ „געהילצ־זאוואָד” איז געגעבנ געוואָרנ נאָכ ווייניקער קינסטלערישער מאטעריאל פאר דער געזעלשאפטלעכער אנטפּלעקונג פונ אירע קרעפטנ אונ מעגלעכקײַטנ.

אָבער סײַ בענעגייע צו ווירינייענ, סײַ בענעגייע צו קסעניענ איז פאר אונדז קלאָר דער סאָציאַלער באָדנ, וואָס פאָרמירט זיי מיט זייער

גאנצער סטיכישער קראפט, און האָבנדיק צו טון מיט מארקען, מוזן מיר אָנקומען צו פּאָליעסיע...

אָנשטאָט אָנצווענדן דעם סאָציאלן מעטאָד, וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרן, פארשטייט זיך, אויכעט ניט אידעאל דורכ סייפולינען און קאראווייעווען, איז אָרלאנד אוועק אפן וועג פון ראָמאנטישע, ביאָלאָגיש־עקזאָטישע אויסטרוימעניש. און ס'ארא אומדאנקבארקייט: מארקא ראטעוועט גאָרנען צווייפאכ: אי פיזיש, ווען מע קלייבט זיך אים הארגענען, אי געזעלשאפטלעכ — בא די קאנאלן. און גאָרנס אקטיווקייט בענעגייע צו איר? — אינדיווידועלע באארבעטונג... דערביי פונעם ערשטן מאָמענט אָן, און סאָפּקאָלסאָפּ פאלן זיי ביידע א קאָרבן פונעם „גאָרנישן" עלעמענט אינעם קינסטלערס געמיט...

אויספיר: די פערספעקטיוו פון פראָלעטארישער שאפונג בא אָרלאנדן איז אָרגאניש צונויפגעבונדן דערמיט, אפ וויפל אים וועט זיכ איינגעבן אינגאנצן גוי־ווער צו זיין די „גאָרנישע" עלעמענטן: די עקזאָטיק, דעם ביאָלאָגיזם, די פראָבלעמלאָזיקייט דאפקע בענעגייע צום נייעם שטאָפּ, „ווילנלאָזיקייט און פוילקייט" אין זינען פון געברויכלעכ־עסטעטישע קאטעגאָריעס א. ד. גל. די היפשע פּאָזיטיווע רעזולטאטן, וואָס אָרלאנד האָט באוויזן צו דערגרייכן, אָנווענדנדיק דעם סאָציאלן מעטאָד אין דער שילדערונג פון דער מאסע און אזעלכע פיגורן, ווי יאָסי הויקער, ניאָכע א. א. וו. — זאָגן איידעס דערופּ, אז אָרלאנד פארמאָגט קראפט גוויווער צו זיין גאָרנען. די אויפגאבע פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור איז מיטהעלפן אָרלאנדן אפ דער שוועל פונעם נייעם העכערן עטאפ אין זיין שאפונג.

---

# די געבורט פון דער העלדן...

(„נינע און מאיאָרטשיק")

איידער מיר טרעטן צו צום אנאליז פון אראָנסקיס ראָמאן, מוזן מיר מאכן צוויי פאָלגנדיקע באמערקונגען:

באמערקונג נומ. 1.

די יידישע מארקסיסטישע קריטיק איז לעסאטע זייער שוואך.

צי קאָן מען אָנווייזן כאָטש אף איין זשאנר, וואָס זאָל מער אָדער ווייניקער צופרידנשטעלן?!

נאָר באזונדערס קלאָגעדיק האלט עס בא אונדז מיט דער, אזוי צו זאָגן, אנאליטישער קריטיק: אָדער מע דערמאָנט אינגאנצן ניט דעם אינהאלט פונעם ווערק, אזוי אז דער לייענער, וואָס האָט נאָך ניט באוויזן זיך דערמיט צו באקענען, ווייסט אינגאנצן ניט וועגן וואָס עס האנדלט זיך. קריטיק אָבער, די ביבליאָגראפיע מוזן דאָך האָבן אינזינען אויך דעם מין לייענער, קעדיי צו פארינטערעסירן און צוציען אים!

אָדער מע באנוגנט זיך מיט א נודנעם איבערדערציילן דעם אינהאלט פונעם ווערק אָנעם געהעריקן סאָציאל־פסיכאָלאָגישן און פאָרמעל-קינסטלערישן אנאליז. איז וועגן עס האנדלט זיך נאָך וועגן א פאָזיטיוו ווערק, איז נאָך א האלבע צאָרע: מע איז מאסקים מיטן קינסטלער, מע ליובט די „פרוכט פון זיין מי", און ער ארבעט ווייטער. קומען אָבער אָן ארגומענטן מיט א נעגאטיווער אָפּשאצונג, זאָל זיין אפילע ניט פונעם גאנצן ווערק, איז א אומפאראנטוואָרטלעך, פאָשעט אנטיגעזעלשאפטלעך, און פראקטיש איז דאָס אן ארויסגעוואָרפענע ארבעט. וויאזוי וועט דער שרייבער, דער מייסטער, זיך איבערצייגן, אז זיין ווערק אָדער טיילן פון זיין ווערק טויגן ניט? וויאזוי וועט ער קאָנען רעאגירן אין זיין ווייטערדיקער ארבעט?

טאָ זאָל עס נעמען א סאָף צו ריידן סטאם אין דער וועלט ארייַן! א סאָף צו דער באלעבעסלדיקער „ניגערישער" מעווינעס־זאָגערייַ.

ארגומענטן!

מיר וואָרענען (מע זאָל ניט אויסטײַטשן פאלש): מיר פארלאנגען ניט, אז די גאנצע קריטיק, אײַנגעשלאָסן די ביבליאָגראפיע, זאָל אוועקגיין אפּן אינדוקטיוון וועג. פריִער דער דעטאלער קאָנקרעטער אנאליז, און דערנאָך די סינטעטישע אָפּשאצונג און אויספירן. דאָס איז, פארשטייט זיך, אומעגלעך. אין די ראמען פון א פארצווײַגטער קריטיק זײַנען געזעצלעך און נייטיק אלע אנדערע זשאנרען: דירעקט סינטעטישע אָפּהאנדלונגען, פּאָרטרעטן א. ד. גל. אקלאל, דאָס מאָל האָבן מיר אינזינען איין באשטימטן זשאנר, וואָס אונדזער איצטיקע ליטעראטור מוז אים האָבן נייטיק, ווי אין לעבן. אָבער דער „זשאנר" פלויִדערײַ, אווטאָריטעטע, מעווינעסדיקע, ארגומענטלאָזיקע פלוידערײַ — דארף פון אלע זשאנרען ארויסגעטריבן ווערן!

די אנאליטישע אינדוקטיווע קריטיק שטויסט זיך אָבער אָן אפּ א ריי שוועריקײַטן, און דערינ—אפּ אן אייגנארטיקער „טעריטאָריעלער" פּראָבלעם: זי פּאָדערט אָן א שיר אָרט, ביפראט ווען די רייד איז וועגן ווערק, וואָס פארמאָגן אסאך אינעווייניקסטע צאָרעס. ס'בלײַבט אויסצוטיילן פונעם גאנצן סכום פּראָבלעמעט די צענטראלע, דעם מינימום— און אפּ זיי קאָנצענטרירן דאָס אנאליטישע פײַער. און אזוי האָבן מיר געטאָן. אנאליטיש פארנעמען מיר זיך בלויז מיט דער געשטאלט פון נינען. איר אינערלעכע לאָגיק, די לאָגיק פון אירע האנדלונגען און אופירונג, דעם אָביעקטיוון, דעם קלאסן־מעכאניזם פון אירע סוביעקטיווע איבערלעבונגען און מאָטיווירונגען פּרוּוון מיר אופדעקן. און דאָס איבעריקע—זאָלן די כאוויירים פארענדיקן. קריטיק, געזעלשאפטלעכע באלויכטונג און אָפּשאצונג איז דאָך א קאָלעקטיווע אונטערנעמונג, ווי דען אנדערש?!

באמערקונג נומ. 2.

באַם לייענען אונדזער אנאליז פון נינעס געשטאלט, באזונדערס, ווען זיי וועלן זיך באקענען מיט אונדזער אויספיר, אז נינע און מאַיאָרטשיק זײַנען געשטאלטן אווטאָגענע (אייגענע) פארן קינסטלער, וועלן אייניקע אומקריטישע כאוויירים „דערשמעקן" א פּערעוועוזוושן אָפּנויג. געפינען מיר פאר נייטיק צו מאכן א פּאָר מעטאָדאָלאָגישע באמערקונגען.

1. מע טאָר ניט אידענטיפיצירן דעם קינסטלער מיט זײַנע געשטאַלטן, אלס א כּלל, פּונקט ווי מע טאָר ניט אויסשליסן די מעגלעכקײַט פון אזא אידענטישקײַט בא באשטימטע באדינגונגען און אין א באשטימטער פּראָפּאָרץ. אלץ ווערט געלייזט קאָנקרעט.

2. דער שווערפּונקט איז בּיכלל ניט אין דער קאָנקרעטער געשטאַלט מיט אלע אירע אינדיווידועלע אייגנשאפטן. דער שווערפּונקט איז אין דער באלויכטונג פון דער געשטאלט, אינעם קינסטלערס באציִונג צו איר. אינעם קינסטלערס אספּעקט, אינעם קינסטלערס וועלטאָנשויונג. און דאָ אין דערדאָזיקער באלויכטונג דארף מען זוכן דעם „סאָציִאָלאָגישן עקוויוואלענט" פונעם גאנצן ווערק, די קלאסן־שטים, דעם קלאסן־אקצענט פונעם קינסטלער. און דאָס האָבן ניט שטענדיק געהאט אין אויג ניט פּערעווערזעוו, ניט זײַנע טאלמידים: מע האָט גלײַך אידענטיפיצירט, דערבײַ אָפט זייער קוריאָזיש, דעם קינסטלער מיט זײַנע אלע געשטאלטן.

נינע און מאיאָרטשיק זײַנען בא אונדז אווטאָגעניש ניט דערפאר, ווײַל „ס'דארף אזוי זײַן" לויט באשטימטע געבאָטן, נאָר דערפאר, ווײַל זיי זײַנען באלויכטן אפ א באשטימטן אויפן. וויִאזוי?

## נינע — „א באלעבאטיש־נעגידישע קאלע־מויד" — א שפּילערן.

נינעס פאָטער, איצי גוז, איז א לאנגע צײַט געוועזן א מעשאָרעס אין א קלייט, א פּאָשעטער כײַוועקײַעם, ביז „גאָט האָט אים געהאָלפן", און ער איז אפ א ציקאווע אויפן אופגעריכט געוואָרן. געוואָרן אליין בא זיך א באלעבאָס און א „שיינער" דערצו.

שעלטן און שלאָגן נינען, ווי ער האָט עס ליב געהאט טון ביזן רײַך ווערן, האָט ער אפילע אופגעהערט: די מאמע האָט פארזאָגט, און בּיכלל פאסט עס ניט פאר „לײַטן". אָבער קיין קולטור, קיין סימען אפילע פון א בורזשואזער קולטור, איז מיט דער רײַכקײַט ניט צוגעקומען, האגאם מע האָט נינען געהאלטן א העברייִשן „מוירע" און זי געלערנט אין גימנאזיע.

צוליב וואָס, אייגנטלעך, האָט עס נינען אויסגעפעלט דידאָזיקע בורזשואזע קולטור? געזונט און שיין און רייצנדיק איז זי געוועזן? „שפּילן האָט זי געהאט די מעגלעכקײַט? איז וואָס נאָך באדארף א „באלעבאטישע קאלע־מויד"?! (מאיאָרטשיק).

יאָ: „א הויכע, א שטאַלטנע, מיט גרויסע, שווארצע אויגן, מיט גרויסע ווײַסלעכער, איז נינע געוואקסן, און עס האָט איר נאָר געפעלט קאַדאָכעס"... (מאיאָרטשיק).

נאָך איידער נינע איז געוואָרן נינע, ווען זי איז נאָך געווען געכע, האָט זי שוין פארמאָגט אין זיך בוילעטע אייגנליבע. דערמאנט זיך די ערשטע באקאנטשאפט מיט מאיאָרטשיקן באַם טײַך. מיט דער צײַט, ווען געכע האָט אָנגעהויבן פארוואנדלט ווערן אין נינען, האָט דידאָזיקע אייגנליבע גענומען שטײַגן. א קליינקײַט: אלע גימנאזיסטן לויפן איר נאָך! און נינע—שפּילט מיט זיי. דאָס זײַנען אָבער צוזאמענשטויסן צווישן מענטשן פון איין געזעלשאפטלעכן גראַד. קיין קלאסן־דיפערענץ איז דאָ ניט פאראן: נינע און די גימנאזיסטן זײַנען דאָך פון איין סאָציאַלער אָפּשטאמונג.

גאָר עפּעס אנדערש נעמט זיך וועבן באַ נינען, ווען זי הייבט זיך אָן צונויפשטויסן מיט מענטשן פון אַן אנדער קלאס, אשטייגער מיט מאיאָרטשיקן. (דאָס, וואָס זיי שטאמען ביידע פון איין גאס—פון די נאַקעטקעס—קאָן דאָ קיין אנטשיידנדיקע ראָליע ניט שפּילן, האגאם אייניקע סיטואציעס אינעם בוך זײַנען געבויט גראדע דערויף).

דאָס קלאסעווע אין איר מוז וואקסן. צו דער אייגנליבע אויס נאַטירלעכער שיינקײַט קומט צו קלאסן־גײַווע.

נינע מיט מאיאָרטשיקן וויגן זיך ביידע אינעם גאמאק. דאָס נאַקעטקער באָכערל קוועלט אָן פון די „ווילע שטריקלעך". נינע האָט זיך אָן עפּעס דערמאנט און א זיפץ געטאָן.

מאיאָרטשיק האָט זיך אונטערגעהויבן.

„— דו זיפצסט אויך? ס'פעלט דיר קאַדאָכעס?

זי איז אוועק פון גאמאק, פארביסן אַן עק ליפּ. די אויגן—טרוקענע און שלעכטע.

... מאיאָרטשיק: וואָס איז?

זי האָט א ביס געטאָן זײַן האנט:

— מערדער!" (ז. 22).

א צווייטער פאַל:

מאיאָרטשיק שטיפט מיט נינען. האָט א שלעפּ געטאָן איר ברייטן גימנאזיסטישן באנט... זי איז בערויגעז געוואָרן:

„— גיב אָפּ!

— וויל איך ניט!

— איך קאָן ניט גיין אָן קיין באַנט!

— א פריצע געוואָרן! אמיי טראָגן אונדזערע מיידלעך קלענערע באנטן, און ס׳שאדט זיי ניט!

— דיינע מיידלעך זיינען „נאקעטקער", גלייך מיך ניט צו זיי!

— זיי זיינען ליטישער פון דיינע צעקראָכענע „נאָגידקעס"!—און ער האָט א ריס געטאָן דעם באַנט.

זי האָט זיך מיט קאס צו אים א לאָז געטאָן. ער איז אנט־לאָפן און אומגעוואָרפן הינטער זיך א בענקל. מע איז געבליבן שטיין פוןביידע זייטן בענקל. ער האָט נאָך געשמייכלט. זי האָט גע־פייערט:

— דו מיינסט ניט, דו ביסט בא זיך אין דער באָד־גאס? גרוב־יאנו!" (ז. 27).

זייער א געלונגען בילדל, ווו דאָס אינדיווידועלע איז אזוי קלאָר מאָטיווירט דורכן סאָציאלן.

דערמיט האָט זיך די קאָליזיע: נינע—מאיאָרטשיק ניט פארענדיקט. זי וועט זיך ערשט נעמען צעוויקלען. צייטווייליק האָבן מיר דאָ אָבער אן איבערייס, אן „אנטראקט", און ניט בלויז צוליב קאָמפּאָזיציאָנעלע טיימים. ניין: האָבן צו טון א לענגערע צייט בלויז מיט איינעם איז פאר נינען אומעטיק. זי מוז שפילן. זי איז בעטעווע א שפילערן. אפ דער בינע—דער ראָמאן מיט ליאליעווסקין.

ווער איז ליאלעווסקי?

ספּעציעל וועט נאָך עפּשער אויסקומען צו ריידן וועגן אים ווייטער. איינס נאָר איז דאָ נייטיק פעסטצושטעלן, אז פאר נינען איז עס גראָד א „פארטיע". א שיינער, א פייקער, א געפוצטער, פון אן „אריס־טאָקראטישער" שטוב, מיט א שעם און „פּאָלאָזשעניע" אין שטאָט. האקיצער — א „צאר". און ווען ליאליעווסקי קומט צו די גוזס אין שטוב, ווערט דאָרטן טאקע א שטיקל בעהאָלע, און נינען טוט עס אלץ האנאָע.

די מייסע איז אָבער, וואָס ליאליעווסקי איז אין אייניקע פּראָ־טים געראָטן אין נינען: ער איז אויך א שפילער. איינציייטיק שפּילט ער מיט טאמארען, דער „פרימאדאָנע" פון דער היגער טרופּע. און טאמארע איז דאָך אוואדע א פויגל! בּרעכט אויס דער שיינער סקאנדאל אפן אָוונט. ס׳איז דאָך א „העלדישקייט": א טראסקע טון אין אזא „פיינער" אָפּטשעסטווע!

# נינע איז אין גרימצאָרן אפ ליאליעווסקין.

נינע וועט אים נאָך באצאָלן.

די שטאָט איז בא א פעטליורישן טייל.

ס'איז ערעוו פאָגראָם. אפ די נאקעטקעס איז פאראן א זעלבסט־שוצ בעראָש מיט מאיאָרטשיקן. כעוורע „פרווונ" די ביקסלעך. ליאליעוו־סקי דער „קלאלטוער" קומט כיטן ראָוו בעטן בא די יאטן „אין נאָמען פון דער נאציע" א. דגל., מע זאָל זיך אנטוואָפענען. כעוורע כויזעקן. ליאליעווסקי איז אויסער זיך. נינע לייגט צו א קנייטל:

— „צעזאר ארנאָלדאָוויטש, אייַך צונייען דעם גרא:אטעווע ארבל?" און פאר זייַן אָפפאָרן (מיט ליידיקע הענט, גאָרנישט געפויעלט).

— „צעזאר ארנאָלדאָוויטש! איר האָט זיך פארגעסן געזעגענען. ס'איז ניט דזשענטעלמעניש"...

ס'איז קלאָר: ס'איז מייַסע נעקאָמע און גאָר. קיין רעוואָליוציאָנערישקייַט שטעקט דאָ אפילע אפ קיין האָר ניט.

דער פינאל פון דער גאנצער געשיכטע: נינע שיסט ליאליעווסקין. בא די קאָנקרעטע אומשטענדן, בא וועלכע עס האָט פאסירט, האָט מען אזוינס געקאָנט דערווארטן פון נינען: א שפיל געטאָן מיטן בראונינג און גאָר. אַבער הארגענען א לעבעדיקן מענטשן איז ניט אזוי גרינג, מע דארף מיט עפעס פארענטפערן.

איז וויאזוי־זשע?

ליאליעווסקי דער קאָנטרעוואָליוציאָנער, רער שיינער אויסוורף, האלטנדיק נינען פאר אן אייגענעם מענטשן, דערציילט איר מיט פרייד וועגן דעם נאָענטן צוריקער פון די ווייַסע. איי, וועט מען די באָלשעוויקעס, די נאקעטקער, געבן: צענדליקערווייַז וועט מען זיי צעשיסן דאפקע אפ זייערע נאקעטקעס, לעמ לייע דער פודלמאכערנס וואנט. דאָ האָט אָבער נינע געשפילט זיך קליינערהייט מיט לייעס צען קינדער. אליין, הייסט עס, א נאקעטקער! ניין, זי וועט ניט דערלאָזן: א קוועטש דעם בראונינג, ליאליעווסקי איז טויט... אזוי פארענטפערט פאר זיך נינע, „די באלעבאטיש־נעגידישע קאלעמויד", דעם בלוטיקן טאט, אזוי מאָטיווירט עס אויך דער קינסטלער אראָנסקי. צי איז עס אָבער לאָגיש פון קלאסן־שטאנדפונקט? בעשומויפן ניט. נינע איז קיין רעוואָליוציאָנערקע ניט געוואָרן, ניין. אופגעבראכט אפ ליא־

ליעווסקין איז נינע געוועו! זײַן יאָרעג זי (זשיוועבס „וווריד זשענא") האָט זי נאָך מער דערצאָרנט. א בראונינג אין האנט האָט זי געהאלטן (ער האָט דאָך אַליין אים אין האנט אַרײַנגעלייגט), האָט זי אויסגע־שאָסן, א שפּיל געטאָן! און בא אראָנסקין קומט אויס, אז זי האָט עס געטאָן, ווײַל זי האָט זיך דערפילט פאר א „נאקעטקער", ליאליעווסקיס א קלאסנפײַנט. הייסט עס, אז אראָנסקי האָט ניט פארשטאנען דעם סאָציאלן מעכאניזם פון סוביעקטיווע אײַנבילדונגען, אידענטיפיצירנדיק די „אנטפּלעקונג־פאָרמ מיטן מעהוס". פּאָשעט גערעדט, גלייבנדיק נינען, איז דער קינסטלער פארוואנדלט געוואָרן אין נינעס אדוואָ־קאט.

ניין: גערעכט איז מאיאָרטשיק, וואָס האָט, אפּאָנעם, געקאָנט נינען ניט ערגער פאר אונדז מיטן שרײַבער צוזאמען:

„זי האָט אים געהארגעט, ווײַל ער האָט זי אוועקגעוואָרפן"...

———

בעשאסן פּאָגראָם, ווען די שטאָט איז טויט, ווײַזט נינע א העלדישקײַט: זי גייט ארויס פון קעלער און גייט זיך דורך איבער דער שטאָט. דאָ דערקענט מען זי, נאָר עס גיט זיך איר אײַן זיך ארויסצודרייען.

וואָס האָט געטריבן נינען צו אלעם דעם?

די אייגנליבע. מע גלייבט ניט, אז זי קאָן דאפקע אינעם היטעלע, און ניט אין דער פּויערשער כוסטקע, ארויסגיין, און זי גייט.

נינע דארף ווײַזן, אז זי איז נינע!

נינע שפּילט.

———

די באָלשעוויקעס זײַנען ווידער אין שטאָט. אפן טאָג־סיידער—א נײַער ראָמאן מיטן וואָיענקאָם זשיוועבן.

„נינע האָט נאָך געוואָרט, זי האָט ניט געוווּסט, וואָס פאר א ראָמאן וועט זי איצט האָבן, ווײַל זשיוועבר האָט קיין קראנצן קווייטן ניט געשיקט און קיין אָדעקאָלאָן ניט געבראכט און האָט קיין ראָזע ברי־וועלעך ניט געשריבן. נינע אָריענטירט זיך אָבער געשווינד. זשיוועבר מיט כאווירים הייבן אָן ארײַנקומען צו איר אהיים. ס'ווערט טומלדיק. פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ליאליעווסקי פלעגט ארײַנקומען. נינע איז צופרידן. ס'טוט איר האנאָע: אלץ צוליב אירעטוועגן.

די צײַט איז אָבער ניט קיין געװײנלעכע: ס'איז בירגערקריג. זשיװערס פאָלק טרעט אָפּ פון שנאָט.

און נינע? מע װיל זי ניט נעמען, װאָרעם װער איז זי, מע זאָל זי מיטנעמען אין שלאכט אַרײַן? מאָלע װאָס דער װאָיענקאָם האָט זיך גע־האָלובעט מיט איר! פאַרדריסט עס איר סאַקאָנעס! האָט זי דאָך ריזיקירט שוין מיטן לעבן בעשאַסן פּאָגראָם! ביפּראַט, אַז מיט דער שטוב איז זי אויך ניט איבעריק פאַרבונדן. ס'איז קלאָר: נינעס אַװעקגיין מיט די באָלשעװיקעס איז ניט קיין פּאָליטישער אַקט, אָדער בעסער: איז ניט קיין אַקט פון פּאָליטישער איבער־אָריענטירונג און שטאַמט ניט פון דערנעענטערונג צו די באָלשעװיקעס, פאַר קיין פאַל ניט.

װאָס טוט נינע אַפן פראָנט? זי נעמט אָנטייל אין די שלאַכטן, אָט אַשטייגער, װי א סלױװע? ס'פאַרשטייט זיך, אַז ניט. זי פּלאָנטערט זיך, און גאָר. אגעװ, איז דאָ פאַראַן א סימבאָליש בילדל, װי זי איז פאַרטריבן אַפן פערדל ערגעץ אין א װינקל.

אַלזאָ: נינע פּלאָנטערט זיך און פּלאָנטערט; אַפּ זשיװערן איז זי אופגעטראָגן, אַמײַ מע בעט זי אַרױס פון שטאַב, אַמײַ מאַיאָרטשיקן און סלױװען פאַרטרױט מען יאָ, און זי, נינען, טרײַבט מען. איז זי זיך װידער „נױקעם". מיינט איר, װיאַזױ? זי גייט אַװעק פון זשיװערן צו מישלעװון דעם קאַפּעלמײַסטער!

אָבער אויך מיט אים שפּילט זי, זי מאַטערט אים אויס און לאָזט צו זיך ניט צו.

גראָד דערדאָזיקער קאַפּיטל איז רײַך מיט א ריי עפּיזאָדן, װוּ ני־נעס שפּיל־פונקציע איז באַזונדערס בולעט, אַשטייגער דער „צוזאַמענ־שטויס" מיט זשיװערן, װעלכער ענדיקט זיך דערמיט, װאָס נינע גייט מאַכן א „פּרעזשעניצע מיט ציבעלקעלעך" א. ד. גל. אויס מאַנגל אין אָרט אָבער קאָנען מיר דידאָזיקע עפּיזאָדן ניט ברענגען. ס'איז אָבער קלאָר: נינעס „אָנטייל" אין די שלאַכטן איז ניט קיין פּאָ־ליטישער אַקט, מיט קיין באָלשעװיזירונג שמעקט אויך דאָ—אַפּן רויטן פראָנט—ניט.

װען מע דערפילט, אַז זי איז דאָ אינגאַנצן א פרעמדע, א מיס־פאַרשטייעניש, איזאָלירט מען זי (שפּעטער דערװיסן מיר זיך, טאַקע פון איר אַליין, אַז מע האָט זי פון פראָנט פאַרטריבן). ס'איז נאַטירלעך, אַז זי פילט זיך ניט איבעריק פויגלדיק, און לויט דער לאַגע, אין װעל־

כער זי איז אריַינגעפאלן, קומט טאקע אויס, ווי ליאליעוווסקי האָט געהאט איינמאָל געזאָגט ווענג איר: „От ворон отстала, к павам не пристала“. אין נינעס מויעב אנטשטייט דאן דיפראָבלעם „מיט וועמען איז זי?“. פונקט ווי א גאנצער סאָציאַלער שיכט איז געבליבן אפן שיידוועג: פון איין קלאס זיך אָפגעריסן, דער צווייטער נעמט ניט אוף... און, אפּאָנעם, אז דער קינסטלער איז דערמיט מאסקים.

ס'פרעגט זיך אָבער: וועמען דארף עס ארן? יעדנפאלס, וואָס פאר א שײַכעס האָט עס צו א שרײַבער, וועלכער וויל אופריכטיק ווערן א פראָלעטארישער שרײַבער?

ס'איז ביטער, אז מע איז מאסקים מיט נינען.

———

נאָך זשיווערן הייבט זיך אָן דער ראָמאן מיט הערשלמאנען: נינע שטייט ניט, קענאָרע, ליידיק!

אין דער סעריע ראָמאנען, וואָס נינע האָט געהאט, אָדער ריכטיקער—געשפילט, איז עס דער סאמע אומגעלומפּערטער (פון „עססטעטישן" שטאנדפונקט). ליאליעוווסקי, זשיווער, מאיאָרטשיק — זײַנען מענטשן, און פאוויאן גריגאָריעוויש הערשלמאן — עפּעס א מאָדנער מענגוול.

נינע—הערשלמאן—א גראָטעסקירטע קאָליזיע!

אָבער גראָד דידאָזיקע גראָטעסקיש־פארשארפטע קאָנטראסט־רונג האָט אָפּגעשפּילט א ביטער שפּיצל מיטן שרײַבער.

וואָס האָט פארבונדן די „שיינע שטאָלענע" נינע מיט כאוויאנען? דערוף ענטפערט זי אליין גענוג קלאָר און גענוג ציניש:

— „כ'ווייס, כ'ווייס: איך האָב דאָך כאסענע געהאט פאר דײַן פאר־טיי־בילעט"... „א קאָמוניסט איז זיכערער, א קאָמוניסט איז באהיט פון מוירע".

גראָד הערשלמאנס נישטיקייַט, זײַן אויסערלעכקייַט, זײַנע מײַסים מיטן גאסנמיידל א. ד. גל. שטרײַכן אונטער אפּ א באזונדער אויפן נינעס קאריעריזם: מײַסע סטראכאָווקע איז זי גרייט זיך צונויפגיין אפילע מיט א מענגוול. זי איז גרייט צו באצאָלן אזוי טײַער! אנט־פּלעקט עס פאר אונדז איר צווייענדיקע געפאלנקײַט: אי איר סאָציאַלע געפאלנקײַט, אי איר געפאלנקײַט אלס א מענטש, א פרוי. ניט דאָס איז אָבער דעם קינסטלערס, נינעס קינסטלערס, קאוואָ־

אנע. דעראבעי: ער האָט גראָטעסקיש פארשפיצט די גאנ־
צע קאָליזיע נינע — הערשלמאנ, ביכדיי צו וויַזנ, ווי
ס׳ליַדט די „גרויסע, שיינע, מיט צעלאָזטע האָר, זעלטנ
שיינע האָר“, נינע!

א יאשערקויעכ דעמ גראָטעסק!... קעגנ דעמ ווילנ פונעמ קינסט־
לער האָט זיכ צופעליק באקומענ דאָס, וואָס מיר באדארפנ האָבנ:
דעמאסקירונג.

———

נינע זיצט מיט פאוויאנענ אונ הערט אויס מיט א פארביטערט
הארצ, ווי מע האָט אימ ארויסגעוואָרפנ פונ פארטיי א. ד. גל. — איר
גאנצע „פאָסטרויקע“, ווי מע זאָגט, איז פארפאלנ, דערביַי מיט אזא
באלאנס: פאוויאנענ פאר א מאנ! זי איז פארצאָרנט. צוליב וואָס האָט
זי עס אלצ באדארפט האָבנ?! ס׳איז אָבער געווענ גענוג, זי זאָל דער־
הערנ מאיאָרטשיקס נאָמענ (איבער אימ איז עס ארויסגעפלויגנ פאוויאנ),
ווי זי האָט א פרעג געטאָנ, צי איז ער א באוויַבטער?.. דאָס בלוט
פונ א שפילערנ האָט אינ איר איבעראניַיס א קאָכ געטאָנ: אונ ווירר־
קלעכ, דער „עמעסער“ ראָמאנ שטייט ערשט איצט פאָר. אפנ קאָנ —
מאיאָרטשיק. נינע זיצט ניט ליידיק.

צי ליבט נינע מאיאָרטשיקנ? מעגלעכ, אז יאָ. ער איז דאָכ אויכ
ניט קיינ מיִעסער יאט. אונ סאָפקאָלסאָפ איז עס שוינ ניט אזוי שווער
בא אזא פאָרל. אָבער גלאט ליבנ אזוי, ווי ס׳ליבנ אנדערע „געוויינ־
לעכע“ מיידלעכ: אופריכטיק, אָרנטלעכ, אָנ קונצנ, — איז ניט אינ נינעס
גוסט. זי דארפ שפילנ, אונ דאָ גראד „אימפאָנירט“ איר, אָדער ריכטי־
קער, ס׳אינכריגירט זי, רייצט זי, וואָס מאיאָרטשיק, האגאמ ס׳ציט
אימ צו איר, האָט זי סאָציאל ניט ליב:

— „האָסט פיַינט איצי גוזס טאָכטער, נאָר דו ווילסט נינענ“...

יאָ, דאפקע דערדאָזיקער ווידערשטאנד בא מאיאָרטשיקנ, וואָס נערט זיכ
בא אימ פונ פראָלעטארישע קלאסנ־קוואלנ, פארשארפנדיק די באציִונ־
גענ צווישנ נינענ מיט מאיאָרטשיקנ, שאפנדיק א באָדנ פאר קאָנ־
פליקטנ צווישנ זיי, שאפט די מעגלעכקיַיט פאר נינענ צו שפילנ אויכ מיט
מאיאָרטשיקנ. אונ זי שפילט טאקע, אונ ניט שלעכט. ס׳איז גענוג געווענ,
זשיווער זאָל אראָפּקומענ אינ שטאָט, נינע זאָל וויַזנ, וואָס זי קאָנ.

דער קינסטלער הערט אָבער ניט אופ צו זאָרגנ פאר איר: ער באַ־
זעצט זי איינינעמ מיט צוויי כאווײרימ: מיט מאיאָרטשיקנ

און מינאָרן! נינע מיט צוויי יונגע באָכערימ אינ איינ צימער — וואָס פאר א בעסערנ פלאצדארמ מע דארפ עס נאָכ האָבנ פאר נינעס שפיל־אפעטיטנ! שפילט זי. שפילט זי מיט מאיאָרטשיקנ, שפילט זי מיט מינאָרנ. זי מאטערט אויס מאיאָרטשיקנ, מאטערט אויס מינאָרנ. נאָר „מע דארפ" — ווער ס'דארפ עס, דאָס הייסט, וואָס פאר א קאטעגאָריע לייענערס, וועלנ מיר זענ שפעטער, — ס'זאָל זײַנ פיקאנטער, פעפערדיקער, פארלירט מינאָר די פיס בעשאס אנ אוגראָזיסק־אָפּעראציע, אָבער דער אפעטיט צו נינענ — בלײַבט דאָכ בא אימ. איז עס ביכלאל טרויעריקע פאטאָלאָגיע, און מע האָט עס אינגאנצנ ניט באדארפט האָבנ! מע דארפ דאָכ האָבנ עלעמענטארע מיטלײַד צו מענטשנ, ביפראט נאָכ, ווענ די רייד איז ניט וועגנ סטאמ בירגער, נאָר וועגנ קעמפערס!

נאָר אויכ דאָס אלצ איז נאָכ ניט גענוג פאר נינעס שפיל־באדערפעניש. סלוווע, מאיאָרטשיקס מיטקעמפערנ אפנ פראָנט, זײַנ געוועזענע געליבטע, ווערט אויכ ארײַנגעצויגנ אינ קאָנ.

ווער איז סלוווע? א באָלשעוויטשקע. א פריילעכע, א בארעדעוודיקע, א נאקעטקער ארבעטער-מיידל. זי האָט צוזאמענ מיט מאיאָרטשיקנ געקעמפט, מע איז איינ קלאסנ־בלוט, האָט מענ זיכ ליב געהאט, און געזונט, אָנ נינעס קונצנ. יאָ: סלוווע איז פונ מאיאָרטשיקס גראד.

פונעמ שלאכט־פעלד האָט זי זיכ אָבער אומגעקערט א קראנקע, א צעבראָכענע. מאיאָרטשיק ווערט דאנ צו איר אָפּגעקילט, נינע קאָנקורירט!.. וואָס גלײַכגילטיקער ס'איז צו סלווענ מאיאָרטשיק, אלצ שטארקער ציט זי זיכ צו אימ (דערינ איז דאָכ די לאָגיק פונ א געבראָכענער, „איינזײַטיקער" ליבע) און ווערט פײַנטלעכער צו נינענ: דאָס איז דאָכ אויכ נאטירלעכ. ס'וועט אָבער זײַנ א טאָעס צו דערקלערנ סלוועס פײַנטשאפט צו נינענ בלויז „ביִאָלאָגיש". ניינ: סלווע האָט פײַנט נינענ, ווי א נאקעטקער באָלשעוויטשקע קאָנ עס פײַנט האָבנ א „באלעבאטיש־נעגידישע קאלעמויד", איצי גוזס טאָכטער, און נינע פילט עס, און פארשטייט עס אויסגעצייכנט.

דארפ „פּאסירנ" (אינ א קונסט־ווערק פאסירט אלצ, ווי ס'איז באוווסט, ניט אָנעמ וויסנ פונעמ מעכאבער), אז סלווע נעמט צאנקענ. טוט א שפיל נינע, אוי, טוט זי א שפיל! אינדערעמעסנ: וויפל נידעריקײַט שטעקט עס אינ נינעס ציניש־אויסגערעכנטנ הלומענ זיכ

איבער די פּרויענ־אינסטינקטנ פונ א קראנקער, גויסעסדיקער באַלשע־וויטשקע? אונ דער פינאַל פונ דער קאָליזיע נינע — סלוּווע:

„— ער (מאיאַרטשיק, ס. זש.) איז מיט איר (נינענ) איבערנ פעלד, אפ סלוּוועס קייווער איז מענ דעמאָלט געגאַנ. נינע האָט א בוקעטל קווייטנ אוועקגעלייגט, אפ א קני זיכ אוועקגעשטעלט, דעמ קאָפּ צומ שטיינ צוגעלייגט, נאָכדעמ אופגעשטאנענ, דעמ קאָפּ א טאָפּ געטאָנ:

— ס'האָט מיר, מאיאַרטשיק, אָנגעהויבנ וויי טאָנ דער קאָפּ!"

———

נינע מיט מאיאַרטשיקנ שוינ אינ דער גרויסער שטאָט: ער — אינ ארבפאַק, זי — אינ מעדינסטיטוט. וואָס קומט פאַר מיט נינענ אינ אינס־טיטוט? זי ווערט איבערגעבאָרנ, ווי ס'וויל פאַרשטעלנ די זאַכ דער מעכאַבער? ניינ! זי שפּילט ווײַטער: ערשט בא אזא מינ אאודי־טאָריע איז דאָ ווו א שפּיל צו טונ:

„— נינע ווייסט דאָ אינ אינסטיטוט נאָר צוויי קאטעגאָריעס סטו־דענטנ: אזוינע, וואָס זי שמייכלט צו זיי, אונ אזוינע, וואָס זי קוקט אפ זיי מיט גאַדלעס, אונ מיט טרוקענער גאַדלעס".

ערשט דאָ האָט מיט איר פאַסירט אנ אומאנגענעמע געשיכטע: מע האָט זי, ווי די „העכסטע קאטעגאָריע" ארויסגעפּעקלט פונ אינסטי־טוט: פּאַוויאַנ האָט זיכ ארײַנגעמישט.

צי עס איז אָבער „דערלאָזבאַר", מע זאָל זי, נינענ, ארויסטרײַבנ? אונ כוצ דעמ, וואָס הייכט עס קאפּיטולירנ פאַר פּאַוויאַנענ? ניינ, זי וועט זיכ נעמענ דאָס לעבנ!.. זי האָט דאָכ בא זיכ סלוּוועס בראַו־נינגל, אונ מאיאַרטשיק, דער קלאסנציכטיקער, אויסגעהאלטענער, אָבער פאַרליבטער מאיאַרטשיק, גלייבט טאקע אפ אנ עמעס, אונ אפ אימ קוקנדיק — נאָכ עמעצער...

אָבער אזא, ווי נינע, איז ניט פייִק צו שיסנ אינ זיכ! אינ ליאַליעוו־סקינ — יאָ. אונ אויכ — בא אויסטערלישע באַדינגונגענ, האַגאַמ ס'גלייבט זיכ דאָכ ניט איבעריק... אָבער אינ זיכ?

בעשומויפנ ניט. דעמ גאַנצנ „גאַרניטער" האָט זי באַדאַרפט האָבנ, קעדיי צו מאַכנ דעמ נייטיקנ אײַנדרוק אפ מאיאַרטשיקנ. אונ ווירקלעכ: אינ אינסטיטוט איז זי שוינ געבליבנ... אונ די גאַנצע „קאַשע וועט דאַרפנ אויסכלעבעטשענ" גאָר פּאַוויאַנ.

מיר ווייסנ ניט גענוי, אינ וואָס עס איז באַשטאַנענ מאיאַרטשיקס פאַרברעכנ קעגנ דעמ קלאַסנ־פּרינציפּ. אָבער צו פּאַוויאַנענ איז ער גע־

גאנגענ אָנזאָגנ אים, ער זאָל גייִנ אינ קאָמיסיע אונ מעלדנ, אז אלצ וואָס ער, פּאוויאנ, האָט דאָרט אָנגערעדט, „איז גלייַכ, ווי געבילט״ ?

קורצ, מיר וויסנ ניט, וויַאזוי איז עס נינע, איצי גוזס טאָכטער, צוריק אופגעשטעלט געוואָרנ. אז דאָס איז אָבער פאָרגעקומענ, איז א פאקט. אונ אז עפּעס א שייַכעס דערצו האָט געהאַט די מייַסע מיטנ בראונינגל, איז אויכ נאָענט צומ עמעס. אונ דער ווילער, אָבער דאָסמאָל נאיִוּוער מאיאָרטשיק:

— „ליובאָוו ניע קארטאָשקא!״

צוזאמענ מיטנ קינסטלער האָט ער געמיינט, אז ס׳איז אפּדער־עמעסנ! ניינ, ס׳איז אנ אָרדנטלעכע שפּיל בא דער ניט־נארישער „קאלע־מויד״, אונ גאָר! א שפּיל, אונ א געלונגענע, מיט פּערספּעקטיוונ, אונ ווירקלעכ: נינע רעאליזירט זיי גאנצ גיכ.

אינ דעמ פּראט איז איר ארויסטרעטונג אונ איר אופירונג אפּנ באריכט פונעמ פּראָפקאָמ א מוסטערשטיק פונ דעמאגאָגיע! נינאָטשקע קאָנ! אונ ס׳ארא דריי פּוועמ רעדל: ערשט איז זי געווענ אויסגעשלאָסנ, אונ איצט אזא טריִומפ! מע איז איבעראשט, מע לויבט זי אינ טאָג אריינ, מע כאנפּעט איר. נינע אהער, נינע אהינ. נינע אפּנ פערד. קומט זי צומ אויספיר:

„עפּעס איז דאָ אינ מיידלש קליידל אזוינס, וואָס ניט די זודיקע יאָרנ, ניט די גאלאָפּירנדיקע טעג קאָנענ עס ניט פארטרייַבנ... זייַנענ אמאָל סאָוועטישע סטיפּענדיַאטנ אינ פויערשע פעלצלעכ קימאט די אייגענע, וואָס פראנט פינ פייַגס גימנאזיע — זיי לויפנ נאָכנ קליידל, ווי הינט נאָכ א צויג״...

נינע ווערט „מאָראליש״... אָבער ווער ניט מאָראליש בא א זעלכע צויגישע געדאנקענ...

דער פינאל פונ דער גאנצער מייַסע: נינע „שפּילט״ אויס מא־יאָרטשיקנ.

עס באגייט זיכ אפּילע ניט אָנ אגמעסנעפּעש: וואָס פאר א טאמ האָט א ליבע אָנ „סטראדאניעס״ ?

„האָב איכ עפּשער מאיאָרטשיקנ שוינ ניט ?

אונ עס באווייַזט זיכ, וואָס ס׳האָט זיכ שוינ לאנג ניט באוויזנ. זי האָט געזאָגט, אז אפּ איר פּאָנעמ וועט עס קיינמאָל ניט זייַנ. סע באווייַזט זיכ די פּרוויִשע טרער, אנ איינציקע טרער.

..."ווען יאוועט זיך א טרער אפ נינעס פּאָנעם? איין מאָל אין יאָרן..."

———

Какой ужас, כאוועט אראָנסקי. א טרער אפ נינעס שיינעם פּאָ־נעם!... אָבער ווי פארענטפערט עס פאר זיך נינע?

— אפּאָנעם, אז ס'איז דאָ אפ דער וועלט עפּעס אנדערש כוצ ליבע?

נינע האָט זיך אליין איבערגעוואקסן! אויס באַלעבאטיש־נעגידישע קאלע־מויד! סאָציאַלער איבערגעבורט!

אזוי מיינט אויך אפּאָנעם דער כ' אראָנסקי.

פּונקט.

———

מיר האָבן זיך פארהאַלטן אזוי אויספירלעך אפ נינעס געשטאלט, קעדיי צו דערווייַזן קאָנקרעט אנאליטיש, אז נינע איז ניט קיין פּראָבּ־לעם־פיגור, אז זי פארקערפּערט מיט זיך בעשומויפן ניט די ווייַטערדיקע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע איבער־געבורט פון א באשטימטן שיכט (בורזשואזע יוגנט אוי־כעדוימע). ניין, נינע, אינדיווידועל גענומען, לויט איר גאנצער אופירונג און פּסיכישער אייגנשאפט, איז אן איינפאכע שפּילערן. אויב ניט מער... נינע, סאָציאַל גע־נומען, איז ניט די אויסדריקונג פון א שיכט, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון איר בורזשואזן שטאם און האָט אויס־צושטיין פיל שוועריקייַטן אפן וועג צום נייַעם קלאס — העגעמאָן. ניין: נינע איז א פּיצל, אן אָפּשפּליטער פון א פרעמדן קלאס, וואָס פּלאָנטערט זיך און פּלאָנטערט צווישן אונדזערע רייען. דארפן עכטע פּראָלעטארישע קינסטלער — (פּראָלעטאריער, רעוואָלוציאָנערן אין דער קונסט) זיי אנטפּלעקן, דעמאסקירן, אראָפּרייַסן פון איר די מאסקעס לויט לענינס געבאָט. דאָס איז אָבער דערגרייכבאר נאָר בא דער אָנווענדונג פון עם דיאלעק־טיש־מאטעריאליסטישן, מארקסיסטישן מעטאָד, וואָס איינער פון זייַנע גרונט־פּרינציפּן איז: ניט גלייבן מענטשן אפן וואָרט, אורטיילן וועגן זיי ניט לויט דעם, וואָס זיי לעבן איבער סוביעקטיוו, ווי אופריכטיק דאָס זאָל ניט זייַן, נאָר לויטן קלאסן־מעהוס פון זייער אופירונג.

אראָנסקי גלייבט אָבער נינענ, ער שפירט, אונ שפירט נאָכ געטריי, נאָכ אלע זיגזאגנ פונ איר קאפריז געמיט אונ רעגיסטרירט זיי מיט גרויס פינקטלעכקייט. ער איז געפלעפט פונ איר שיינקייט אונ שטאלט־נעקייט, ער איז פארליבט אינ איר, ס'קימערט אימ איר גוירל. די קלאסנ־דיסטאנצ פארשווינדט. ער ווערט אפאָלאָגעטיש... דער „סאָציאָלאָגישער עקוויוואלענט" פונ אזא מינ „ראָמאנ" צווישנ דעמ קינסטלער אונ זיינ העלד איז קלאָר.

אלזאָ: נינע האָט אומגעבראכט ליאליעווסקינ, געזיגט איבער סלו־וענ, געפלאָנטערט מיט זשיווערנ, הערשלמאנענ, מינאָרנ, מאיאָרטשיקנ, פארפלאָנטערט דעמ קינסטלער... אינגאנצנ פארפלאָנטערט?

צומ גליק — ניט. ס'איז דאָ דאָכ מאיאָרטשיק אפ דער וועלט, אונ ער האָט אויכ א שייכעס צומ קינסטלער...

## מאיאָרטשיק.

מיט מאיאָרטשיקנ וועט אונדז אויסקומענ ווייניקער צו פארנעמענ זיכ. אונ ניט דערפאר, פארשטייט זיכ, וואָס נינע „געפעלט" אונדז מער, אדעראבע! אונ אויכ ניט איבער דעמ, וואָס לויטנ מעכאבערס קאָנצעפּ־ציע שטייט ער אפנ צווייטנ אָרט... ניינ: מאיאָרטשיק איז א פאָזי־טיווע פיגור, אונ מיר האָבנ ניט וואָס אָפצופרעגנ: ער געפעלט אונדז... אונדזערער א יאט, נאשבראט, האגאמ ער האָט זיכ ניט געוואָלט לערנענ.. קורצ: מיר האלטנ פאר מעגלעכ זיכ באנוגענענ מיט סינ־טעטישער, פאראלגעמיינערטער כאראקטעריסטיק.

אלזאָ: מאיאָרטשיק איז א נאקעטקער באָלשעוויק, א סטאָליער־יונג. נאקעטקער פארשייטקייט אונ פראָלעטארישע קלאסנ־עמאָציעס זעענ מיר בא אימ שוינ ייִנגלווייז נאָכ.

קומט די רעוואָליוציע, הייבט זיכ אָנ מאיאָרטשיק קאָכנ אינעמ זור־דיקנ קעסל פונ די שטייגנדיקע קלאסנ־שלאכטנ. ער ווערט א באָלשע־וויק, נעמט אָנטייל אינעמ בירגערקריג. ענדיקנ זיכ די שלאכטנ, זעענ מיר אימ אפ ארבעט בא זיכ אינ שטאָט.

מאיאָרטשיק איז אקטיוו, אפילע טעמפעראמענטפול. האגאמ ניט גראד, אביסל אימפולסיוו.

פונוואנענ בא אזא, סאָפקאָלסאָפ, קולטור־אָרעמענ נאקעטקער יאט אויסרעכענונג, ראציאָנעלע אופירונג?!

יאָ, מאיאָרטשיקן פעלט פּאָליטישע קולטור, האגאמ די קלאסנ-עמאָציעס זײַנענ בא אימ גאנצ פעסטע. בא א גאנצער ריי סיטואציעס שמעקט אפילע מיט גאנצ קלאָרנ קלאסנ־באוווסטזײַנ.

די צײַט אָבער איז א שטורמישע, דער איבערפלעכט א קאָמפּליציר־טער. מאיאָרטשיק שטויסט זיכ צונויפ מיט אסאכ סיטואציעס, פּראָבלע־מעס, מענטשנ: סלוווע, נינע, מינאָר, פאבריק, ארבפאק, קנעלונג...

אנ ערנסטער פרווושטיינ איז פאר אימ קוידעמקאָל נינע, די „שיינע נינע מיט די גרויסע שווארצע אויגנ", איצי גוזס טאָכטער. איז ניט שלעכט באוויזנ אָט דער קאָנפליקט צווישנ דעמ אינדיווידועל־ביאָלאָגישנ מיטנ קלאסעוונ אינ מאיאָרטשיקס נאקעטקער געמיט. דערזעלביקער קאָנפליקט, האגאמ אנדערש קאָנקרעטיזירט, זעענ מיר אינ צוזאמענהאנג מיט דער קאָליזיע מאיאָרטשיק — סלוווע.

אינטערעסאנט זײַנענ די קאָליזיעס אינ דער פאבריק, פאָנעמ על פּאָ־נעמ מיט דער באסע. מאיאָרטשיק איז שטאנדהאפטיק, פעסט, אונ די ארבעטער פילנ עס אונ האָבנ אימ ליב...

אפנ ארבפאק קומט אויס מאיאָרטשיקנ אויסצושטיינ ניסיוינעס, אונ קוידעמקאָל גויוער צו זײַנ די אינערציע פונעמ בירגערקריג, צו נעמענ זיכ פארנ בוכ. שווער קומט עס זײַנ מאיאָרטשיקנ, אָבער אינעמ לעצטנ מאָמענט זיגט ער: ס'איז א ביזויענ פאר א באָלשעוויק, וואָס האָט גע־קעמפט מיט דער ביקס אינ דער האנט, צו קאפּיטולירנ פאר דער פענ...

מיט איינ וואָרט, מאיאָרטשיק איז א נאקעטקער באָלשעוויק, א סטאָ־ליער־יונג, א ווילער יאט, א נאשבראט. ער געבעלט אונדז, ווי ער געפעלט, אפאָנעמ, אויכ דעמ קינסטלער...

ס'וואָלט אָבער געווענ נאָכ בעסער, ווענ ניט נינע, נאָר ער, מאיאָר־טשיק, זאָל שטיינ אינ צענטער פונעמ בוכ... אזוי האָט זיכ באקומענ א צעבערקלטע געשטאלט, א סטאטישע:

מאיאָרטשיק וואקסט ניט אינעמ גאנג פונעמ ראָמאנ.

ניט מיר זעענ, ווי דאָס נאקעטקער באָכערל ווערט א באָלשעוויק: דער מאטעריאל, וואָס איז יאָ פאראנ אינעמ בוכ, איז זייער קנאפּ. די סיטואציע אינ דער ארבעטער־סוויווע אינ יענע יאָרנ, די פּראָבלעמעס, די שטרײַטנ זײַנענ אינגאנצנ ניט באוויזנ, פּונקט ווי מאיאָרטשיק זאָל וואקסנ ניט אפ נאקעטקעס, נאָר אפ פוטילאָווס זאוואָד! עפּעס אזוי פאר־בײַגייענדיק ווערט דערמאָנט, אז טעג מיט נעכט האָבנ געשטריטנ צווישנ זיכ „בונד", „ס. ס." א. ד. גל.

וואָס איז שײַעכ די פאלן, ווען מאיאָרטשיק ווײַזט ארויס זײַן קלאסנ־אקטיווקײַט, איז עס קימאט שטענדיק פארבונדן מיט רעאגירן אפ באַשטימטע סיטואציעס, פאר וועלכע ער ווערט געשטעלט אינעם גאנג פון די געשעענישן.

אפילע אפן ארבפאק פאלט מאיאָרטשיק ארײַנ צוליב נינען: ער פאָרט איר נאָכ.

מיט איינ וואָרט: ס׳איז א שאָד, וואָס נינע האָט פארטונקלט מאיאָרטשיקן. דאָס מינערט אָבער אינ קיינ אויפן ניט דעם ווערט פון מאיאָרטשיקס פאָזיטיווער פיגור.

אזויארום, קומען מיר צום אויספיר, אז אויסער נינען איז אויכ מאיאָרטשיק נאָענט דעם קינסטלער: ביידע האָט ער ליב, ביידע זײַנען פאר אים פאָזיטיווע געשטאלטן. ביידע זײַנען העלדן, ביידע פארקערפערן שטיקער פון זײַן וועלט־אָנשויונג, „ביידע וווינען אין זײַן ברוסט״. א צווילינג. א קלאסנ־צווילינג.

ווי וואָלט אופגעלייזט געוואָרן דער ווידערשפרוכ צווישן אָט די ביידע קלאסנ־ליניעס בא דער ווײַטערדיקער פאָרזעצונג פונעם בוכ, ווייסן מיר ניט, אָבער אז דער ראָמאן מוז האָבן זײַן ווײַטערדיקע געצמעסיקע פאָרזעצונג אינעם קינסטלערס געמיט — איז דאָכ א זעלבסט־פארשטענדלעכע זאכ. נינע מיט מאיאָרטשיקן וועלן זיכ נאָכ ניט איינ־מאָל צונויפשטויסן. איינער דארפ איבערוועגן.

מיר, די פראָלעטארישע ליטעראטור, זײַנען פאר מאיאָרטשיקן. זייער אינ א היפשער מאָס איז זײַן דערפאָלג געווענדט דערפון, אפ וויפל און וויאזוי ער וועט זיכ ווײַטער לערנען. די צײַט איז א הארבע. פראָבלעמעס — גוואלדיקע. אפן ארבפאק איז ער געבליבן! טאָ ווײַטער צו נײַע אָנשטרענגונגען און ניצחונעס! די טויערן צו דער הויכשול זײַנען ניט פארשלאָסן...

## צוויי ליניעס.

אלזאָ, ביידע צענטראלע געשטאלטן אינעם בוכ, נינע און מאיאָרטשיק, זײַנען געשטאלטן אוטאָגענישע (אייגענע פארן קינסטלער). דרינגט דערפון, אז עס האנדלט זיכ שוין ניט בלויז וועגן צוויי קאָנקרעטע געשטאלטן, נאָר וועגן באשטימטע סטיכיעס אינעם קינסטלערס

פסיכאָ־אידעאָלאָגיע, וועגנ באשטימטע פרינציפנ; דידאָזיקע פרינציפנ זייַ־
נענ אפילע קעגנזועצלעכע.

אפ קיינ ווידערשפרוכנ פרעגט מענ אָבער קיינ קאשעס ניט: וויפל
נאָכ שארפערע ווידערשפרוכנ זייַנענ צומאָל פארייניקט?! ליבט דאָכ
מאַיאָרטשיק נינענ! טאָ פארוואָס זאָלנ זיי ניט קאָנענ צוזאמענוווינענ —
זאָל זייַנ צייַטווייַליק — אינעמ קינסטלערס געמיט?!..

קורצ: נינע אונ מאַיאָרטשיק, צוויי קאָנקרעטע קינסטלערישע גע־
שטאלטנ, פארקערפערנ איינצייַטיק צוויי סטיכיעס אינעמ
קינסטלערס וועלטאָנשויונג, צוויי שעפערישע ליניעס.
באמ אנאליז פונ די איבעריקע געשטאלטנ אונ סטרוקטור פונעמ ראָמאנ
איבערצייַגט מענ זיכ דערינ גענוג קלאָר.

מיר הייבנ אָנ פונ נינעס ליניע, דערבייַ געפרעסט, פאראלגעמיי־
נערט: דער ארטיקל האָט שוינ אזוי אויכ זיכ צעצויגנ.

וואָס איז נינעס ליניע? נינע, ניט אלס א קאָנקרעטע געשטאלט
(מיר האָבנ זי שוינ אנאליזירט אינעמ ערשטנ קאפיטל), נאָר אלס ביל־
דערישע פארקערפערונג פונ באשטימטע עלעמענטנ אינעמ קינסטלערס
וועלט־אופנעמונג?!

מיטלשטאנד, באלעבעסלדיקער מיטלשטאנד. דער קלאס איז אָבער
קימאט שטענדיק ברייטער, האָט א גרעסערנ ארומכאפ, איידער זייַנע
איינצלנע פאָרשטייערס אונ בילדערישע פארקערפערונגענ. א מוטער קאָנ
האָבנ פיל קינדער אונ פארשיידענע, אָבער א קינד — נאָר איינ מוטער.
אויסער דער „שיינער, שטאלטנער" נינענ, (מיר האָבנ זי געהאט כאראק־
טעריזירט אלס א „שפיל"־נאטור), פארמאָגט איר מוטערשיכט נאָכ גע־
נוג פארשיידנארטיקע „באלעבאטיש־נעגידישע קאלעמוידנ"... נייַגיר צו
קאָלעמינע אויסטערלישקייַטנ, אוואנטיוריזמ א. ד. גל.

הערשלמאנ „פאוויאנ גריגאָריעוויטש" איז א מענוויל, א בוזאָטיאָר,
א דעמאגאָג.

אגעוו, צי דענ האָט די „שיינע, שטאלטנע נינע" ניט געקאָנט געפינענ
קיינ שענערנ קאָמוניסט? צי דענ איז ווייניק באלאָנימ געוועזנ אפ איר
אויכעט צווישנ די קאָמוניסטנ?! ס'ארא שלעכטער דער כ' אראָנסקי
איז צו זייַנ העלדנ!..

אלזאָ: פאוויאנ איז א בוזאָטיאָר. אָבער אינ זייַנ יאָגעניש נאָכ נע־
גאטיווע שטריכנ האָט דער קינסטלער איבערגעפוצעוועט, אונ עס האָט
זיכ באקומענ א גראָטעסק, ווו די פאָרמ האָט אלאָגיזירט די געש־

שטאלט, ניט טיפיזירט, ניט דערהויבן זי צו דער מאדרייגע פון סינטעטישן בילד, וואָס דינט צו אונדזער צוועק, נאָר דעסטרוקטירט (דעזאָרגאניזירט) עפּעס אין א מאָדנעם קריפּל. פונוואנען איז עס?

עפשער פון איבעריקער נעטיָע צו נעגאטיווע שטריכן סטאמ?

דעמזעלביקן „אומגלייכגילט” צו עטוואָס פאטאָלאָגישע, אויסטערלישע סיטואציעס האָבן מיר אינעם דרייַעק: נינע, מאיאָרטשיק, מינאָר, און אפ צווייערליי אויפאנים.

ערשטנס, אין דער קאָליזיע: נינע—מינאָר אָן די פיס, און צווייטנס, נינע מיט צוויי מאנצבלען אין צ׳מער.

מע קאָן דערווידערן, אז אין לעבן כרעפט אזוינס. אָבער מאלע וואָס עס טרעפט אין לעבן! צי דען איז קונסט א מעכאנישער פאָטאָגראפיר־אפּאראט פאר אלץ, וואָס איז פאראן אינעם לעבן?! נארישקייטן. קונסט איז א קלאסן־אינסטרומענט, און דערביַי זייער א טייערער, א זעלטן, זעלטן טייערער. און באם ברויכן דעמדאָזיקן אינסטרומענט דארף מען אויסוויילן און פארגעשטאלטן דאָס, וואָס דער קלאס, די געזעלשאפט באדארף האָבן. אונדזער מיינונג איז, אז דער דרייַעק: נינע, מאיאָרטשיק און מינאָר דער באלמום—איז א פאטאָלאָגישע קאָנסטרוקציע, דערבייַ דיקטירט דורך נינעס אינטערעסן!...

און צום סאָף: די געשיכטע מיטן אוגראָזיסק. דאָס איז א „שפּאַבענדיקע” געשיכטע אין בעני קריקס גוסט, א שטיקעלע שאָמעריזם... געוויס: דינאמיק, שפּאנענדיקייט, פאר זיך גענומען, זייַנען אוואדע אָנגעלייגטע זאכן, אָבער פון וואָס פאר א זשאנר?

אזויארום, האָבן מיר אין ווערק, אויסער „הומאניזם”, אָביעקטיוויסטישן הומאניזם בענעגייע צו דער צענטראלער געשטאלט, עלעמענטן פון פאטאָלאָגיזם, שאָמעריזם. דאָס איז „נינעס ליניע” אינעם קינסטלערס שעפערישן געמיט, און א גאנץ כאראקטעריסטישע פאר דער סאָציאַלער וועלטאָנשויונג פון נינעס מוטערשיכט.

מיר גייען אריבער צו מאיאָרטשיקס ליניע. דאָס איז קוידעמקאָל (אויסער מאיאָרטשיקן, וועלכן מיר האָבן שוין אנאליזירט) די מאסע, די פאבריק, די נאקעטקעס, דער ארבפאק. קיין זעלבשטענדיקע, וויפל ס׳ניט איז פארגאנצטע בילדער האָבן מיר דאָ ניט. דאָס זייַנען פלעקן, עפּיזאָדן, שטריכן,—ס׳ווייַזט אָבער דערויף, אז אראָנסקי קען יאָ דידאָזיקע וועלט. און פונדאנען דארף ער שעפן, דערפון דארף ער אָנהייבן אפן וועג צו ברייטערע לייַוונטן.

צו מאיאָרטשיקס ליניע געהערן אויך די געשטאַלטן: איצי גוז, דער „מוירע", ליאַליעווסקי, אָבער „פאַרקערטערהייט". מאיאָרטשיק דער נאַקע־טקער באָלשעוויק האָט זיי אַלעמען פּײַנט מיט אַן אָרגאַנישער, געזונטער קלאַסנפּײַנטשאַפט. איז אים געקומען צוהילף דער קינסטלער און האָט זיי אוועקגעשטעלט אין דער געהעריקער שײַן און אויף געהעריקן אָרט: מע זאָל קאָנען אין זיי טרעפן! און דאָס איז גוט. אָן פּײַנטשאַפט, אָן האַס און עקל צו דער בורזשואַזער וועלט אין אַלע אירע פאָרמען און געשטאַלטן איז אוממעגלעך וועלכע ניט איז רעוואָליוציאָנערע וועלטאָנ־שויונג. אָבער האַס צו דער אַלטער וועלט אָן דער הייסטער ליבע צו די טרעגערס און בויערס פון דער נײַער וועלט איז נאָך ווייניק. מע דאַרף פאַרמאָגן „אַלע ביידע", דערבײַ דאַרף איינס שפּײַזן דאָס צווייטע.

דערמאָנט זיך אָן מאַוקסן!

דערמאָנט זיך אָן לענינען!

אגעוו, מיר שליסן קלאָר ניט אויס קיין נעגאַטיווע פּערסאָנאַזשן: זיי זײַנען נאָך פאַראַן אין דער ווירקלעכקײַט. צום באַ־דויערן, וועלן זיי נאָך זײַן אַ לענגערע צײַט: ס'ניט גרינג פאָטער צו ווערן פונעם „שימל פון דוירעס".

דאַרף מען זיי אַנטפּלעקן און באַקעמפן, בייז, מיט גאַל און טעמפּעראַמענט, דורך דער קונסט. דער פּרינציפּ, די טרײַב־קראַפט דאַרפן דאָ אָבער זײַן פּאָזיטיווע — די ליבע צו די מאַ־יאָרטשיקעס אַן אַנדערע. מיט איין וואָרט, מע דאַרף אַ קוק טון אויף לעבן, אויף אונדזער וווּנדערלעכן צײַט־אָפּשניט מיט „הײַנטיקע אויגן", ווי ס'זאָגט איציק פעפער.

א פּאָר ווערטער וועגן דער קאָמפּאָזיציע פונעם ווערק.

פון אַלדעם אויבנגעזאָגטן איז שוין געוויס קלאָר: זי איז אַ דעס־טרוקטיווע, אַן אַנאַרכיסטישע. דאָ האָבן מיר ניט איין פּאַבולאַ־רע ליניע, און ניט צוויי, און ניט עטלעכע; בכלל — קיין פּאַראַ־לעלע ליניעס, נאָר אַ מײַסע אין אַ מײַסע קימאַט אין איטלעכן פון די 14 קאַפּיטלעך. דערבײַ אַ היפּש ביסל „וויצע־דויפנס" — זײַטיקע „מאַנסעס": אוגראָזיסק א. ד. גל. פאַרפלאַכט עס, פאַרמינערט עס דאָס געוויכט אַפילו פון יענע קאַפּיטלעך און ערטער אינעם בוך, וווּ דער שטאָף איז יאָ וואָגיק, און בכלל פאַרוואַנדלט עס דאָס בוך אין לייענ־שטאָף פאַר צײַט־פאַרטרײַב. ערטערווײַז איז דאָס בוך פּיקאַנט, ערטער־

ווײַז שפאנענדיק, און אין אלגעמיין נישקאָשע... און בא דער קאָליזיע נינע־מאיאָרטשיק אינעם קינסטלערס שעפערישן געמיט, איז עס פולקום געזעצמעסיק, פולקום לאָגיש: אנדערש קאָן עס ניט זײַן. אינהאלט און פאָרם זײַנען אָרגאניש פארבונדן צווישן זיך. ווײַל דער קינסטלער אויסבויען א גאנץ, אן אײנהײַטלעך ווערק, מוז ער פארמאָגן א מאָניסטישע וועלטאָנשויונג. אָבער אזא צווילינג אין קאָפּ, ווי נינע־מאיאָרטשיק, איז דערצו א קנאפּע טרופּע. דער קינסטלער מוז זיך אָפּגעטן מיט נינען.

ווערט מאיאָרטשיק, אונדזער מאיאָרטשיק, קאָנען וואקסן.

פאר מאיאָרטשיק־אראָנסקיס וווּקס!

---

אינעם בוך זייַנען פאראַנ היפּשע קינסטלערישע (און קונסט איז אידעאָלאָגיע) בלויזנ, און ווייַטער וועלנ מיר זיך אָפּשטעלנ אפ זיי גאנצ אויספירלעך. די אונטערשטע שורע אָבער איז: ס'איז א הייס ווערק, ס'איז א רעוואָלוציאָנער ווערק און האָט געקאָנט אָנגעשריבנ ווערנ נאָר דורך א קינסטלער, וואָס פארמאָגט א „צאפּלדיק הארצ, יונגע הענט און ברייט צעעפנטע אויגנ" פאר אונדזער זאך. פונ די ערשטע לירישאָנגעזעטיקטע קסיוועדיקע שורעלעך ביזנ סאָפ לייענט זיך עס אינ אייַנ אָטעמ. הייַנט מיט וואָס פאר א צאפּלדיק הארצ וועלנ עס לייענענ (נייַנ: ניט לייענענ, נאָר שלינגענ!) אונדזערע כאוויירימ פונ יענער זייַט גרענעצ?!

## „דער וועג צו „יוליסנ" — א וועג צו דאניִעלנ.

אינ דער פראגע וועגנ די אזויגערופענע אומיטלבארע אייַנדרוקנ הערשט א היפּשער פּלאָנטער ניט בלויז בא ליבעדינסנקינ. און איינע פונ די הויפּט־סיבעס, וואָס איז גוירעמ דעמדאָזיקנ פּלאָנטער, איז, דאכט זיך, דאָס, וואָס מע קלייַבט זיך ניט געגוג פּינקטלעך פאנאנדער דערינ, וויִאזוי אנטשטייענ אייַנדרוקנ ביכלאל גענומענ, אומאָפּהעניק דערפונ, צי דאָס זייַנענ אומיטלבארע, צי מיטלבארע.

ווענ מע באהויפּטעט, אשטייגער, אז קונסט בויט זיך אפ שטארקע לעבנס־ און וועלט־אייַנדרוקנ, איז עס אוואדע ריכטיק, האגאמ קיינ נייַס איז אינ דערינ ניטאָ, די וויסנשאפט ווייסט עס שוינ פונ לאנג. ס'איז אָבער א קארדינאלער טאָעס צו מיינענ, אז שטארקע, עכטע, אָרגאנישע אייַנדרוקנ קאָנענ זייַנ בלויז יענע, וואָס קומענ אומיטלבאר אינטויִטיוו, אלס א סטיכיישע רעאקציע פונעמ באוווסטזייַנ אפ דעמ, וואָס קומט פאָר אויסער אימ.

נייַנ: אומדירעקטע אייַנדרוקנ, אלס א רעזולטאט, אָדער בעסער, אלס באַגלייטונג גפונ דער באוווסטזיניקער, אָרגאניזירטער, אינטעלעקטועלער אָנשטרענגונג, קאָנענ זייַנ צומאָל אויך שטארקער

אפילע פון די אומיטלבארע איינדרוקן. און איינע פון די וויכטיקסטע אופגאבעס, וואָס שטייען אינעם שעפערישן געביט, איז ד א פ ק ע  ד י ר א צ י אָ נ א ל י ז י ר ו נ ג  פ ו נ ע ם  כ א אָ ט י ש נ  איינדרוקן־אפאראט. און ליפערינסקיס טעאָריע איז, אָפּיעקטיוו גענומען, זיכער קעגן דעם.

אָבער אומאָפּהענגיק דערפון, מיט וועלכע איינדרוקן מיר האָבן צו טון, איז אומבאשטרייטבאר, אז זיי זיינען אין אלע פאלן ג ע ז ו ע צ מ ע ס י ק ע דערשיינונגען. וואָס עס באווירקט דעם קינסטלער פונעם אומגע־הייערן אויצער דערשיינונגען, האָבנדיק זיך אָפּגעזעצט אין זיין שעפערישן זיקאָרן; וויאזוי עס צעוויקלט זיך זיין ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע  ד ע ר ־ מ אָ נ ו נ ג אין זעונגען — אָט וואָס מע מוז פינקטלעך און גענוי קלאָר מאכן, קעדיי צו פארשטיין ווי געהעריק די אייגנארטיקייט פונעם קינסט־לערישן ווערק. האקיצער: מע דארף פעסטשטעלן די דינאמיק, די פּרו־זשינעס פונעם קינסטלערס אסאָציִיר־מעכאניזם, וואָס איז, נאטירלעך, סאָ־ציִאָלאָגיש זיִעטערמינירט. וויאזוי דערגרייכט מען צו דעם?

אין דער מערהייט קונסט־ווערק איז דערדאָזיקער מעכאניזם טאקע טיף פארהוילן, און מע קאָן צו אים צוקומען נאָר דורכן אנאליז פונעם גאנצן געוועב פונעם ווערק.

עס זיינען אָבער פאראן ווערק, ווו דער מעכאניזם איז באוווסט־זיניק אנטפלעקט, און צו דעם מין געהערט אויך דאניעלס „יוליס".
אינעם ערשטן קאפּיטל „דער וועג צו יוליסן" דערציילט אונדז דער קינסטלער, וויאזוי ער איז געגאנגען צו יוליסן... ס'בלייבט דעריבער צו אויסנוצן די דאנקבארע מעגלעכקייט און נאָכצוגיין נאָכן קינסטלער טראָט בא טראָט פון איין בילד צום צווייטן, פון איין שטימונג צו דער צווייטער, פון איין געדאנק צום צווייטן...

דער קנויל פונעם קינסטלערס דירעקטע און אומדירעקטע איינדרוקן וועט זיך פאר אונדז צעוויקלען אף זייער אן אייגנארטיקן אופן. און אז ד אָ ס  א י ז  א  ס אָ צ י אַ ל ע  ג ע ז ו ע צ מ ע ס י ק י י ט, וו אָ ס  ג י י ט  ד ו ר כ ד ו ר כ ן  ק י נ ס ט ל ע ר ס  ש ע פ ע ר י ש נ  א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ן  ג ע מ י ט, א י ז  פ א ר  מ א ר ק ס י ס ט ן  ש ו י ן  ל א נ ג  ק ל אָ ר.

געוויס דעקט ניט דער ערשטער קאפּיטל דאָס ג א נ צ ע בוך. ער איז אויכעט ניט דער בעסטער אינגאנצן גענומען: ס'זיינען פאראן איינהייט־לעכערע, שטארקערע. דאָך דאכט זיך אונדז, אז די וויכטיקסטע סטיל־אייגנשאפטן זיינען פאָרט אין אים אויסגעדריקט גענוג בוילעט, און סטיל־אייגנשאפטן, ס ט י ל ן  ב י כ ל א ל  ז י י נ ע ן  ד אָ ך  ק ל א ס ן ־ פ אָ ר מ א צ י ע ס!

1. דער קינסטלער זיצט באַם ברודערס פּרוי און קינד און שרײַבט אַ בריוו צום פאַרשווּנדענעם ברודער־רעוואָליוציאָנער. דער קאָמפּלעקס איז אַ פ אַ מ י ל י ע ד י ק ע ר, דערבײַ מיט אַ באַשטימטער א ו י ס ט ע ר־ ל י ש ק ײַ ט: ס׳איז פאַראַנג אַ לעבעדיק קינד, נאָר די מוטער, ניט ווינס־דיק, צי דער פאָטער לעבט ערגעץ, צי ניין, ווייסט ניט ווי אָנצורופן דאָס קינד. דאָסגלײַכן איז דעם ברודערס געשטאַלט אויכעט צונויפגע־בונדן מיט אַ באַשטימטער אויסטערלישקײַט: קליינווײַז האָט דער קינסט־לער בלויז געהערט וועגן אים:

„פון מײַנע ייִנגסטע יאָרן אָן ביסטו מער מײַן בענקשאַפט נאָך אַ ברודער, איידער אַווירקלעכקײַט"... (ז. 7).

אלזאָ: א ו י ס ט ע ר ל י ש ק ײַ ט, אָדער בעסער די אָנוועזנהײַט פון באַשטימטע אויסטערלישע שטריכן סײַ באַם קינד, סײַ באַם פאָטער.

2. קעגן די פענצטער פון דער שטוב, ווו דער בריוו ווערט גע־שריבן, איז אַ וואַלד רעשטאָוואַניעס פון אַ ריזיקן בנין. אסאָציִירט עס זיך באַם קינסטלער; דערמאָנט עס אים אינעם „ווילדן פאַנטאַסטישן געוועב אַף די שויבן פון אונדזער אַלטער היים" א. ד. גל.

און וואָס איז זי, ווער איז זי, אָט די אַלטע היים?

צום אַלעם ערשטן — די אָרעמע שטוב, די גרויע, די טרעגערשע; פאַרהאָרעוועטע, דערשלאָגענע טאַטע־מאַמע.

אגעוו, דער עפּיזאָד מיט יוליסן, ווען די אויסגעווייטעקטע מוטער האָט אופגענומען פאַר איר לאַנג פאַרשווּנדענעם זון שמוליקן, ביכלאַל אירע און איר מאַנס איבערלעבונגען זײַנען געגעבן מײַסטער־האַפטיק, מיט פיל פאַרשטאַנד פאַר מענטשן־ליידן! אָבער די שײַן, דער אַספּעקט איז דאָ אַ ט ר אַ ג י ש ע ר.

דאָסגלײַכן טראַגיש, צאַנקענדיק איז געגעבן געוואָרן די טרעגערשע שול, ווו ס׳פּלעגן פאַרקומען די געהיימע פאַרזאַמלונגען. מע דאַרף אָבער קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז זאַכן ווערן דורכן קינסטלער באַ־פאַרבט אַף אַ געוויסן אופן. דער קאָלאָריט פון דער „אַלטער היים" איז אַ טראַגישער. מע קאָן דערווידערן: „אומיטלבאַרע אײַנדרוקן" פון די ווײַטע, שווערע קינדער־יאָרן. אוואַדע — אומיטלבאַרע, און דערצו נאָך שטאַרקע, שאַרפע, טיף אײַנגעקריצט אינעם ווייכן קינדערשן געמיט. אָבער דעם עצעם פאַקט ענדערט עס ניט: די אַלטע היים אין די גע־שטאַלטן פון דער שטוב און שול זײַנען באַם קינסטלער ט ר אַ ג י ש ע קאָ מ פּ ל ע ק ס ן.

3. פון דער היים און שול איז לאָגיש דער אריבערגאנג צו יוליסן, וואָס איז דאָך אויכעט דאָ אויסגעוואקסן. אָבער איידער דער מעכאבער וועט אונדז נעמען באקאנען מיט אים — מיט דער צענטראלער געשטאלט, — דערציילט ער אונדז וועגן אנא באָגדאנאָוויטש.

שפעטער וועט אויסקומען צו ריידן וועגן אנען אויספירלעכער, דערוויַל אָבער, פאָרשנדיק, ווי מיר האָבן עס געזאָגט טכילעס, די מאָטיוון־דינאמיק, די געזעצמעסיקײַט פון דאניִעלס שעפערישן „וועג צו יוליסן", מוזן מיר פעסטשטעלן, וואָס האָט געמאכט אפן קינסטלער דעם שטארקסטן אײַנדרוק.

בעשאס דער צווייטער באגעגעניש מיט אנען, — דערציילט זי דעם קינסטלער וועגן אירע קינדער־יאָרן, דערבײַ איז דער עפיזאָד אפ דער פריצישער סימכע, ווען זי, די קליינע אנע, האָט „פארביטן" דאָס פריצישע קינד, טאקע א שוידערלעכער, טאקע אזא, וואָס האָט געמוזט לאָזן טיפע שפורן אין אנעס אופגערירטן קינדערשן געמיט. יאָ: אזעלכע א. ד. גל. איבערלעבונגען, אזא מין קייט מענטשן־ליידן, מאכמעס סאָציִאלע אופשטאנדן זײַנען אוואדע וויכטיק פאר דער פאָרמירונג פון א רעוואָליוציִאָנערן געשטאלט. און דאָס איז אן עלעמענט פון יענעם שילדערונג־מעטאָד, וועלכן די פּראָלעטארישע ליטעראַטור זוכט אזוי לײַדנשאפטלעך! אונדז דוכט אָבער (אויספירלעך שפעטער), אז ניט דאָס האָט צוגעצויגן דעם קינסטלערס אופמערקזאמקײַט: אנטפלעקן די סאָציִאלע אויספורעמונג פון אנעס אינדיווידועלקײַט, אנעס אויסטערלישער, הינטערוויגיקער ראָמאן מיט לידוויגן — אָט, וואָס עס האָט לויט אונדזער מיינונג, פארינטריגירט דעם קינסטלער.

4. פון אנען גייט אריבער דאניִעל צום היסטפארט. ווי איז ער געשילדערט?

„פארנאכט, ווען זון בלײַבט שטיין אין די ברייטע פענצטער בלוטיק־רויט, און נאכט הייבט אָן פארהילן די שטאָט, פינקלען דורכזיסקע גלעזער אפ לאנגע טישן, ווי שארפע מעסערס, און דער גאנצער צימער ווערט ענלעך אפ אן אָפעראציע־זאל.

— פארשטאָרבענע רעוואָליוציִאָנערן קאָנען מער דעם לאנגווײַל פון צימער ניט פארטראָגן, רײַסן זיך פון די שווערע באגילדעטע ראמען, און ווידער לעבט דער היסטפארט־מויער אין אָפהילכן פון אמאָל, ווידער שרײַען אויסגעגלעטע דאָקומענטן אונטערן גלאָז פון פארשיקטע יאָרן און געוועזענע שלאכטן".

וואָס איז עס? ראָמאַנטיזירטער סימבאָליזם, זאָל זײַן רויטער.

5. אינעם היסטפּאַרט צערעדט זיך דער קינסטלער מיט פּאַרוואָלטער. דער טראָפּ פונעם שמועס איז די באַרעכטיקונג פון יאַנקל מאַראַטס געשטאַלט, האַגאַם עס פעלן די נייטיקע דאָקומענטן. שפּעטער וועלן מיר זיך נאָכ־אָפּשטעלן אַף יאַנקלס געשטאַלט, דער געלונגענסטער, לויט אונדזער מיינונג, צווישן אַלע קאָמונאַרן (נאַטירלעך, אין קינסטלערישן זינען) אָבער וואָס האָט דאָ געמאַכט דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק אַפן קינסטלער?!

אויכעט די אויסטערלישקײַט: אַ טרעגער — אַן אַנאַרכיסט, אַ דענקער.

6. פונעם היסטפּאַרט פאַלט דער קינסטלער אַרײַן אינעם מוזיי־שטיבל, ווו עס איז פאַרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי:

— „אָפּט באַפאַלט מיך אַזאַ פאַרלאַנג, טרײַבט מיך אַרום שאָענלאַנג אין גאַס־שפּאַלטן, אין פאַרוואָרפענע אומבאַקאַנטע פאַרשטעקט און ווינקלעך"...

ווי איז געמאָלט דאָס היסטאָרישע שטיבל? — קאָנקרעט גענומען, נאַטירלעך, אַנדערש פאַרן היסטפּאַרט, אָבער מעטאָדאָלאָגיש, אין פּראַט פון כטיל — פּונקט אַזוי ראָמאַנטיש־סימבאָליסטיש:

„די נײַנ מענטשן אין די שוואַרצע העמדלעך, אין די סטודענטישע קורטקעס זײַנען אָט ערשט אַרויס פון אונטערערד, פון באַהעלטעניש און קאָנען זיך אַלץ ניט צוגעוווינען צום פרײַען הענגען דאָ"... אד"גל.

7. דער אַקאָרר — רינגאַרטיק, ליריש: די באַהאַרצטע, קסיוועדיקע שור־רעלעך, וואָס דינען אַלס אַ מאָטאָ פאַרן גאַנצן בוך.

———

אונטערסאַכאַקלענדיק אונדזער נאָכשפּירן נאָך דער מאָטיוון־דינאַמיק אַפן קינסטלערס „יונג צו יוליסן", קומען מיר צום אויספיר, אַז די גרונט־אײַנדרוקן אין דאַניִעלס קינסטלערישער אַסאָציִאַציע, אין זײַן וועלטאָנשויונג זײַנען טראַגיזם, אויסטערלישקײַט (אייגנאַרטיקע עקזאָטיק), ראָמאַנטיק, סימבאָליזם, ליריק, דערבײַ היפּש סטימולירט דורך אַווטאָ־ביִאָגראַפישער אײַנפלעכטונג אינעם גאַנצן ווערק־געוועב.

וואָס באַטײַטן טראַגיזם, עקזאָטיק, ראָמאַנטיק *) אינעם קינסטלע־רישן געמיט?

*) דאָ רעדט זיך וועגן דאַניִעלס ראָמאַנטיק און ניט סטאַם.

וואריאַנטן פון אימפּרעסיאָניזם, פון אימפּרעסיאָניסטישער וועלט־שפּירונג, פון אינדיווידואַליסטישער וועלטאַנשויונג? איז דער סאָציאַלער ייִכעס דאָ אינטעליגענץ, נאַטירלעך, מיט־גייעריש. די אַלע אויסגערעכנטע עלעמענטן טרעפן מיר אַגעוו אין פאַרשיידענע פאָרמען, געראָדן אין דאַניִעלס פּאַריקע ווערק.

וואָס באַטײַטן די רעאַליסטישע עלעמענטן, וואָס זײַנען פאַראַן אינעם ווערק?

עלעמענטן פון מאַטעריאַליסטישער וועלטאַנשויונג, און דאָס איז פון פּראָלעטאַרישער באַהעפטונג. ס'קומט אויס, אַז מיר האָבן צו טון פּסיכאָיִדעאָלאָגיש און קינסטלעריש־מעטאָדאָלאָגיש מיט אַ געמיש פון צוויי סטילן, מיט אַ מין קינסטלערישן שאַטנעז?

אפּאָנעם, אַז אַזוי. דער אַנאַליז סײַ פון די געשטאַלטן אינעם בוך, סײַ פונעם גאַנצן געוועב איבערצײַגט אונדז אין דער דאָזיקער צווייענדיקער סטרוקטור פון דאַניִעלס סאָציאַלער נאַטור.

## געשטאַלטן.

### יוליס.

יוליס שימעלעוויטש, דער לעבעדיקער יוליס, איז געווען אַ זעלטענע פּערזענלעכקײַט: אַ באָלשעוויק אַ קעמפער, אַ פײַערדיקער, עט־וואָס עקסצענטרישער טעמפּעראַמענט, אַן עכט לירישע געמיט, אַ רירנדיקער כאַוער, דערצו איז די רייד וועגן אַ באָלשעוויק אין דער ייִדישער סוויווע אָנהייב אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אַ דערשײַנונג, וואָס האָט מאַכמעס פיל סיבעס אַ באַזונדערן אינטערעס.

וואָלט אונדזער קינסטלער פאַרמאָגט אַ פּראָלעטאַרישע, מאָניסטישע דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישע לעבנ־אופאַסונג, וואָלט פון אָט דעם דאַנקבאַרסטן היסטאָרישן שטאָף אויסגעוואַקסן אַ גרויסאַרטיקע קינסטלערישע געשטאַלט, אַ טיפּ! אַזוי אָבער האָט זיך באַקומען בלויז העלע שטריכן, דערבײַ פון פאַרשיידענעם קינסטלערישן ווערט.

1. עטלעכע טעג פאַרן אומקום האָט זיך יוליסן געבאָמבלט עפּעס אַ ניגון, און ער האָט גענומען זיך דערמאַנען וועגן זײַן קינדהײַט און יוגנט. ניט געבנדיק די קינדהײַט און די יוגנט, ווי זיי זײַנען געווען, אינעם געהעריקן קאָנטעקסט, זיך באַגרענעצט מיט זייער אַן ענגן צײַטשעטעכ, האָט דאַניִעל געמוזט אָנקומען צו דער הילף פון דער דער־

מאָנונג. באקומענ האָט זיכ אָבער אנ „אייבּיקער" מאָטיוו: פארנ אומקום שווימט עפּעס ארויס די ווײַטע קינדהײַט...

אויסער דער קינדהײַט, יוליסעס שטוב, טרעגערישער שול (מיר זײַנענ מיט איר שוינ באקאנט), — וואָס ווייסנ מיר וועגנ דעמ, וויאַזוי ס'האָט זיכ פאָרמירט דער שפּעטערדיקער יידישער באָלשעוויק יוליס?

אינ דער דערמאָנונג פיגורירט א סאָציאַלער כאָלעמ: יוליסנ כאָלעמט זיכ, ווי ער נעמט אָנטייל אינ די יאנוואר־געשעענישנ פונ 1905 יאָר. אָבער א ציקאווער פראט: די זעונג איז דאָ א מ א ר ט י ר ע ר י ש ע.

2. די מײַסע וועגנ דעמ, וויאַזוי יוליס האָט צעלאָזט די ארמיי, איז א טיפּ אינטערעסאנטער שטריכ, אומאָפּהענגיק דערפונ, צי ס'איז „ווארהײַט", צי „דיכטונג"; ס'פעלט אָבער די ארומרינגלונג, דער גרויזאמער ברויז פונ דער סאָלדאטנ־סטיכיע, אלס א פאָנ אונ דערקלערונג פאר יוליסעס לעניניסטער האנדלונג.

3. דער עפּיזאָד מיט מאקסימאָווו איז כאראקטעריסטיש פאר די ביידע אייגנשאפטנ פונ יוליסעס נאטור: אינטויציע אונ טעמפּעראמענט, אונ באקומענ האָט ער זיכ לעבעדיק, אָנשוילעכ, מאסנהאפטיק — אנ עלעמענט פונ מאטעריאליסטישנ סטיל.

4. יוליסעס האנדלונג אינעמ ארומגערינגלטנ ראט איז געזעצמעסיק מאָטיווירט, איז אָביעקטיוו אנטפּלעקט פונעמ ערשטנ שאָס אינעמ פײַנט ביזנ ערשטנ אינ זיכ: מיר דערפילנ יוליסנ...

5. יוליסעס ראכמאָנעס אפ די קריגס־געפאנגענע: יוליסעס רירנדיקסטע באציִונג צו ליודוויגנ (ווענ ער לייגט אימ פאָר לויפנ, ביכדיי זיכ צו זענ מיט אנענ), יוליסעס באציִונג צו יאנקל מאראטנ פאר זײַנ גרויסנ עטישנ פײַער, פאר זײַנ עכטער רעוואָליוציאָנערער אָרנטלעכקײַט — דאָס אלצ איז מאָטיווירט איבערצײַגנדיק, בא דער שײַנ פונ יוליסעס נעשטאלט. וויאַזוי אָבער האָט זי זיכ פאָרמירט? דאָס ווײַזט אונדז דאָניעלס בוכ ניט. אונ אלצ מאכמעס דער אויבנפעסטגעשטעלטער צווייִקײַט פונעמ קינסטלערס שעפערישנ מעטאָד. ס'קומט אויס צו מאכנ דעמ אויספיר, אז יוליס שימעלעוויטש (קינסטלעריש גענומענ) איז אינ דאָניעלס „יוליס" ניט אנטפּלעקט.

### א נ א ב אָ ג ד א נ אָ ו י ט ש.

זי איז פונ דער אלטער גווארדיע, דאָס ווייסנ מיר פונ איר אנקעטע, דאָס דריגגט פונ איר אופירונג אינ א ריי פאלנ.

דער שטאָפּ, וואָס דאַרף עס קינסטלעריש דערוויַיזן:

1) אַן עפּיזאָד פון די קינדער־יאָרן.

2) אַנע אין טפּיסע.

3) די אָרגאַניזירונג פונעם אָטריאַד אַפּ ווילנע.

4) אַנעס באַשיידנקייַט.

צי איז עס געגוג פאַר דער אויספירעמונג פון אַנעס פּערזענלעכ־קייַט?

וועגן אַנעס הינטערזיגיקן ראָמאַן מיט ליודוויגן, — דאָס געהערט שוין צו איר צווייטער אינטימער ביִאָגראַפיע, און ס'איז אַ מאָמענט אַוואַדע אַ ציקאַווער, אַ שאַרפער, אַ פאַרשאַרפטער, און וואָלט געגעבן געוואָרן די גאַנצע אַנע, וואָלט דערדאָזיקער מאָמענט לאָקאַליזירט געוואָרן פאַרנעמענדיק, זייַן באַשטימט אָרט, באַלויכטנדיק אפילו די גאַנצע געשטאַלט אַפּ אַ באַזונדערן אויפן. אָבער, ווי מיר ווייסן שוין, איז אַנעס קינסטלערישע געשיכטע פול מיט בלויזן, פּונקט ווי יוליסעס. דאָס איז אומפאַרמיַידלעך, דערין איז די לאָגיק פון דער דיספּראָ־פּאָרצ אינעם קינסטלערישן מאַטעריאַל, אַז דער אויכ־טערלישער פּראַט אין אַנעס אינטימען לעבן זאָל פאַר־נעמען דעם אויבנאָן...

און זייער ריכטיק האָט באַמערקט דער כ' מאַקאַהאָן אין זייַן אַר־טיקל („רויטע וועלט" 8־9), אַז עס באַקומט זיך דער איַינדרוק, אַז די הויפּט־סיבע, וואָס האָט געטריבן אַנען קיין ווילנע, איז איר דראַנג צו ליודוויגן! ס'אַרא אומדאַנקבאַרקייַט דאָס איז מיצאַד דעם קינסטלער בענעגייע צו זייַן העלדן, וועלכע האָט אים פאַרטרויט אַזאַ עניק פון איר „צווייטער ביִאָגראַפיע"...

## יאַנקל מאַראַט.

אויך וועגן דערדאָזיקער געשטאַלט מוז מען זאָגן, אַז עס פעלט איר קינסטלערישע אויספירעמונג; דער העכסט אינטערעסאַנטער פּראָצעס, דער קנויל סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, וואָס פורעמט אויס אַ טרעגער — אַ רעוואָליוציאָנער, אַ וועלט־צעשטערער מיט אַ היפּשן אַנאַרכיסטישן פּלאָנטער אינעם היציקן קאָפּ — איז ניט באַוויזן. אָבער פאַר זיך, אַלס אַ באַשטימטע געשטאַלט, אין איר פּראַט אַ פאַרגאַנצטע, איז יאַנקל מאַ־ראַט זייער געלונגען. מיר זעען, מיר פילן אָט דעם טרעגערישן בונ־טאַר מיטן גרויסן עטישן פייַער און זויבערן רעוואָליוציאָנערן געוויסן.

און דאָס האָט גלײַך דערשפּירט אין אים יוליס, זײַן הערלעכער מיט־קעמפער. און דערגרייכט האָט עס דאניעל דעריקער דורך פּובליציס־טישע מיטלען: דורך יאנקלס ארויסזאָגונגען וועגן מעלוכע־מאכט, רעוואָליוציע א. ד. גל.!

מיר זעען ניט בלויז די ווידערשפּרוכן, וועלכע צערײַסן א באַ־שטימטן האָרעפּאשנעם שיכט, וואָס יאנקל מאראט איז זײַן אויסדריקער, נאָר דערפילן זייער לעבעדיק, זייער בוילעט דעם אימפּעטפולן טרעגער, וואָס פאַרמאָגט אגעוו א גאנצ קרעפטיקן אינטעלעקט, האגאמ א צע־פלאָנטערטן. מיט איין וואָרט, אונדזער מיינונג איז, אז יאנקל מאראט האָט זיך דאניעלן אײַנגעגעבן און, אפּאָנעם, ווידער טאקע דערפאר, ווײַל דאָס אינדיווידועלע אין אים, דאָס איינצלנע איז קינסטלעריש אנטפּלעקט געוואָרן דורכן סאָציאַלן, דורך די סאָציאַלע ווידערשפּרוכן אין זײַן אינדיווידו־על געמיט. אויסטערלישקײַט, „עקזאָטיק" איז אָבער אין יאנ־קלען דאָך פאראנען, און דאָס אנטשפּרעכט א געוויסער „באדערפעניש", אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן, אינעם קינסטלערס געמיט.

## די איבעריקע קאָמונארן.

די איבעריקע דרײַ קאָמונארן זײַנען לוידוויג, סטאניסלאוו דער זע־צער, כאימקע סייבל.

לוידוויג איז א מין צוגאָב, אָדער בעסער א מין וואריאנט פון אנען. דערבײַ ווייסן מיר וועגן אים נאָך ווייניקער, ווי וועגן איר. אייניקע עפּיזאָדן זײַנען אפילע זייער טרעפלעך, פּסיכאָלאָגיש, ריכטיקער, סאָ־ציאַל פּסיכאָלאָגיש — געוויס געזעצמעסיק, אשטייגער דאָס גאָלן זיך אינמיטן דרינען אין דער טראגישער ארומרינגלונג, האגאמ פון מאָ־טיוון־שטאנדפּונקט ניט נײַ: טראדיציאָנעלע „פּאראדאָקסאלע" קאפּריזן אין די לעצטע מינוטן. אין אלגעמיין אָבער קאָן מען ניט ריידן וועגן א טיפּ, נאָר וועגן קאָנטורן פון א באָגדאנאָוויטש־וואריאנט. דערבײַ זײַנען ביידע וואריאנטן פארבונדן צווישן זיך דורך אן אויסטערלישער הינטערוויגיקער ליבע־געשיכטע.

סטאניסלאוו איז לעבעדיקער, „פלײשיקער", אָבער איינזײַטיקער אופגענומען. דורך די אומרויִקע זעצער־פינגער שמעקט עס מיט אים־פּרעסיאָניזם. בענעגייע צו כאימקען האָבן מיר בלויז איין עפּיזאָד, וואָס ווײַזט אונדז דאָס באָכערל.

אונטערפירנדיק דעם געשטאַלטן־באַלאַנס, קומט אויס צו קאָנסטאַטירן, אַז דאַניעלס בוך פאַרמאָגט ניט קיין איין פאַרגאַנצטע געשטאַלט, ס'איז אַ ווערק ניט וועגן יוליס שימעלעוויטש, נאָר וועגן דעם העלדישן אומקום פון זעקס קאָמונאַרן, און די גרונט־סיבה איז דאָ, לויט אונדזער מיינונג, די צווייִקייט פון דאַניעלס קינסטלערישן מעטאָד, וואָס שטאַמט, ווי מיר האָבן עס שוין אויבן פעסטגעשטעלט, פון עם צוזאַמענשטויס צווישן צוויי סאָציאַלע ליניעס אינעם קינסטלערס פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע.

## פון יענער זייַט ראַט.

דעם גאַנצן איבעריקן קינסטלערישן שטאָף אינעם בוך קאָן מען איינטיילן אין צוויי טיילן: די געשעענישן אינעם אַרומגערינגלטן ראַט („אין אַרומרינגלונג", ווי ס'הייסט בא דאַניעלן) און די געשעענישן פון יענער זייַט ראַט. טכילעס וועגן דעם צווייטן טייל.

דאָ האָבן מיר עפּיזאָדן פון דער אָקופּירטער ווילנע; דעם אופשטאַנד פון די ספּאַרטאַקיסטן, דעם מאַרש פון עם אָטריאַד אַף ווילנע; די לעווייַע, דאָס אויסגראָבן די אָרנס.

די אָקופּירטע ווילנע איז שוואַך געגעבן. דער איקער אָבער איז דאָס, וואָס עס פעלט די אַרבעטערשאַפט, די מאַסע, דער אָנגעשטרענגטסטער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע פאַרטייען א. ד. גל. און דאָס איז אַ גרויסער בלויז.

דער אופשטאַנד פון די ספּאַרטאַקיסטן איז אַ פאַרגאַנצט בילדל, קינסטלעריש אַ בוילעטס, און עס גיט עפּעס צו צום רעוואָלוציאָניזירונג־פּראָצעס אין דער דייַטשישער אַרמיי יענע שטורעם־יאָרן. אַ וואַריאַנט דערפון, האַגאַם מיט אַן אַנדער פאַרנעם, איז דאָס אויסגראָבן די אָרנס. צו קיין בונט קעגן די פּוילישע אָפיצערן קומט עס ניט, אָבער דעם באָדן פאַרן אָנוווקס פון באָלשעוויסטישע, אַנטימיליטאַריסטישע שטימונגען צווישן דער פּוילישער סאָלדאַטן־מאַסע אַנטפּלעקט עס אין אַ געוויסער מאָס.

די לעווייַע פון דער ווילנער אַרבעטערשאַפט איז געגעבן זייער וואַרעם, ווי ביכלאַל דאָס גאַנצע בוך, אָבער אַ דיספּראָפּאָרצ אינעם געמעל איז יאָ פאַראַן: יאַנקל מאַראַטס ווייַב מיטן קינד פּילט מען מער, ווי דעם טויזנטקעפּיקן עולם.

לעבעדיק, מאסנהאפטיק, ערטערווײַז זײער עפיש פילט מענ דעמ מארש פונעמ אָטריאַד אפ ווילנע.

די מײַסע מיט לאָפאטיעווס רעזאָליוציע איז אָבער צוגעשטוקעוועט.

אויספירנ: קײנ צעוויקלטע עפישע שעטעכס האָבנ מיר דאָ ניט, אָבער דאָס, וואָס איז דאָ יאָ געגעבנ געוואָרנ עפיזאָדנווײַז, זאָגט, אז דאניִעל קאָנ געבנ מאסנ־פראָצעסנ.

## „אינ ארומרינגלונג“.

דער שעטעכ אונ צײַט־אָפשניט פארנ לויפ פונ די געשעענישנ אונ איבערלעבונגענ זײַנענ דאָ זײער באגרענעצטע: סאכאקל 2—3 טעג אי־נעמ באלאגערטנ ראט. די אָביעקטיווע אומגעבונג, דער פלאנ זײַנענ געפערלעכ פאר א קינסטלער: עס פראָוואָצירט אפ פסיכאָלאָגיסטישע עקסקורסנ, ביפראט, ווענ די ליטעראטור־טראדיציע, סײַ די רוסישע, סײַ די אײראָפּײישע ווײסט פיל ענלעכע סיטואציעס אונ וואריִאנטנ. אונ מע קאָנ מיט צופרידנקײַט פעסטשטעלנ, אז דאניִעל האָט אויסגעהאלטנ דעמ ניסויענ; אינ קײנ ספעציפיש־פסיכאָלאָגישער גריב־לערײַ איז ער ניט ארײַנגעפאלנ. אלע פאסירונגענ אונ איבער־לעבונגענ, וואָס פארפילנ דעמ קורצנ צײַט־אָפשניט אינעמ באגרענעצטנ רוימ פונעמ ארומגערינגלטנ ראט, זײַנענ געזעצמעסיק. פונ יוליסעס ערשטנ שאָס אינ דער נאכט ארײַנ (דער אָנהײב פונ דער שלאכט) איז אלצ מאָטיווירט. יאָ: פיל פארשטאנד ווײַזט דאָ ארויס דאניִעל פאר מענטשנ־באציִונגענ אונ מענטשנ־איבערלעבונגענ.

שליסנ שליסט זיכ דאָז בוכ מיִט א סימבאָליסטיש בילד: „די זעקס ק...נס אינמיטנ אונ צווישנ צוויי לענדער, דרײַ צו רוסלאנד, דרײַ צו פוילנ געווענדעט“. האגאמ ס'איז א פארעלטערט מיטל: דאָס מיטל איז גוט געווענ, ווענ גאָרקי האָט געשריבנ זײַנ „שטורעמ־פויגל“, אָבער רעוואָליוציאָנער־אָפטימיסטיש איז עס, אונ דאָס גײט ניט צופוס.

איצט קאָנענ מיר מאכנ דעמ סאכאקל: „יוליס“ איז א הײס ווערק, א רעוואָליוציאָנער ווערק, געשריבנ „מיט א צאפלדיק הארצ אונ יונגע הענט“: ס'רעגט, ס'פארכאפט, ס'דערהײבט אופ...

אָבער די סאָציאלע צווײיִקײַט אינעמ קינסטלערס געמיט, דער איבערפלעכט פונ אינטעליגענטישנ אימ־פרעסיאָניזמ מיטנ פראָלעטארישנ מאטעריאליזמ האָבנ

גוירעם געוועג דעם סטילן-געמיש און די קאָמפּאָזיצי-
אָנעלע מאָזאיִק אינעם ווערק! ס'איז א גרויסארטיקער,
ברייט, אָבער ניט גלײַכמעסיק צעוויקלטער קינסטלע-
רישער נעקראָלאָג אפּן העלדישן אומקום פון זעקס
קאָמונארן.

א קינסטלערישער נעקראָלאָג פון אזא מאסשטאב — ווער קאָן עס
קליינ שעצן?!

מע טאָר זיך אָבער ניט באַגרענעצן דערמיט: מיר דארפן גרויסע
העראָישע עפּאָפּייעס! ווי גרויס, ווי ריזיק, ווי עפּאָפּייִש ס'איז אונד-
זער אלוועלטלעכער קאמפ!

וועט דאניִעל קומען דערצו?

אָן היסטאָרישן וויסן, אָן דיִאלעקטישן מאטעריא-
ליזם — ניט. מיר גלייבן אין זײַנע קויכעס.

---

# „אפן שיידוועג״.

1

„אפן שיידוועג״ איז עליע שעכטמאַנס ע ר ש ט ע ר קינסטלערישער ארויספאַר. פאַדערט עס, מע זאָל זיך דערצו גוט, גוט צוקוקן: ס׳שמעקט דאָך מיט דער וויכטיקער קאדרען־פראָבלעם!

אלס א מאָטאָ פארן בוך האָט דער כ׳ שעכטמאַן אויסגעוויילט פאָלגנדיקע פערזן:

„בארג אראָפּ, בארג אראָפּ,<br>
א צעבראָכענע פור.<br>
אפן וועג איז געפאלן א ראָד.<br>
מיט פארלאָרענעם קאָפּ<br>
זיצט מײַן טאטע אין איר,<br>
פאָרט מײַן טאטע אין איר<br>
בארג אראָפּ, בארג אראָפּ״.<br>
(א. הובערמאַן)

און

„ליבע צו דעם, וואָס גייט אופ״.<br>
(ד. האָפשטיין)

אז שעכטמאַנען—דעם מענטשן, דעם יונגן ראטנבירגער, איז ניט פרעמד „די ליבע צו דעם, וואָס גייט אופ״, צווייפלען מיר אפקיין איין מינוט ניט. ס׳וואָלט נאָך געפאסט, אז אונדזער שרײַבעריש יונגוואלד זאָל זײַן ס ו ב י ע ק ט י ו פײַנטלעך!

אָבער, אז שעכטמאַן דער קינסטלער, דער אידעאָלאָג, דער ק י נ ס ט־ ל ע ר י ש ע ר א י ד ע אָ ל אָ ג, שמעקט דערוויַיל נאָך אפן טאטנס „צע־בראָכענער פור״, וואָס קײַקלט זיך „בארג אראָפּ״, דרינגט, צום באַ־דויערן, פונעם גאנצן בוך. און דאָס מוז געזאָגט ווערן מיטן פ ו ל ן מויל, און צוליב כ׳ שעכטמאַנס טויווע וועגן א י ן ד ע ר ע ר ש ט ע ר ר יי, ווי „אכזאָריעסדיק״ דאָס זאָל ניט קלינגען פאר די צארטע אויער־ערן פון אונדזערע ליטפילאַנטראָפּן.

אין דער דערציילונג „שניטצײַט“ (פון סטיל־שטאנדפונקט — א געמיש פונעם „שטעטלשן“ אשנ מיט באבעלן) פיגורירט א קאָמוניסט פון בירגערקריג — לידוויג. די עקזאָטישע סטרוקטור פון דערדאָזיקער געשטאַלט זאָגט אָבער איידעס גיכער אפ עסטעטיש־אימפּרעסיאָניסטישע שטימונגען, איידער אפ רעוואָליוציאָנער־קלאסעווע אימפּולסן בא אונדזער קינסטלער.

אין „צווישן די דאָרפישע וועגן“ האָבן מיר א ייִדישע פּויערשע קאָמיוגיסטקע, וואָס רודערט אין דאָרף, קלערט אוף, אָרגאניזירט די אָרעמשאפט, א. ד. גל. אָבער ווײַטער ווי צו קיין סכעמע קומט עס ניט. דאָסגלײַכן שווינדלען דורך אין די איבעריקע דערציילונגען יוגנטלעכע, קוסטארן (פאלעק דער שוסטער, אשטייגער), אָבער דאָס אלץ אזוי, פארבײַגייענדיק. דערפאר אָבער איז דאָס בוך איבערגעפילט מיט... גווירים־יאָרדימ, מיט זייערע איבערלעבונגען, איבערטראַכטענישן, „זיסע“ דערמאנונגען וועגן די „אמאָליקע גוטע צײַטן“; טײַנעס און געפאלנקײַט בילדן דעם צענטראלן מאָטיוו קימאט פונעם גאנצן בוך.

שמועל שטיינבערג, מוישע ייִדלס, יאָסעף־בער („בא א זײַט פון וועג“); ארנ־מוישע („פארן זוניקן טאָג“); הילעל אייזלס („אונטער שטילע סאָסנעס“) און נאָך און נאָך ענלעכע און סאָציאַל־קרויווישע געשטאלטן („שלוימע“, איציקס פאָטער) — דאָס זײַנען אלץ געוועזענע גווירים, מאנופאקטוריסטן, פעלהענדלערס אוכעדוימע, „שיינע באלעבאטים“, פיאווקעס, וואָס זײַנען איבער דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אזוי „נידעריק“ געפאלן און גויסעסן איצט „שטילערהייט“. דערצו קומען צו פאמיליען־„טראגעדיעס“: ארנ־מוישעס איידעם איז א „גוי“, דאָס אייניקל — „א שייגעצל“; הילעל אייזלס איידעם איז א ייִד, אָבער א „פאליהאַווע שוסטער“, און דאָס אייניקל — אויך ניט קיין געמאלעטס. מיט איין וואָרט: „ייִעווס פון אונדזער צײַט, וואָס ברענען ליכטיק!“

ס'פרעגט זיך: צוליב וואָס איז עס נייטיק געווען קינסטלעריש צו פארקערפּערן אָט דאָס גאנצע „בראָכווארג“, אָט די סאָציאלע דעגענעראטן, וואָס זייער פולער אונטערגאנג איז א היסטאָרישע געזעצמעסיקײַט, א היסטאָרישער פאָרבאדינג פאר דער נײַער וועלט? וואָס וואָלטן דער פּראָלעטאריאט, די סאָוועטישע געזעלשאפט־לעכקײַט, די ליטעראטור פארלאָרן, ווען אָט די אלע „ייִעווס“ זאָלן ניט זײַן, כאָלילע, פארייביקט?!

צי דען פעלט אויס וועגן וואָס צו שרײַבן?!

אָבער ניט בלויז דער פּערסאָנאַזש פונעם בוך איז א נעגאטיווער — בא א באשטימטן מארקסיסטישן (אין קינסטלערישן זינען) צוגאנג קאָן עס אויך געבן פּאָזיטיווע רעזולטאטן. פיל טרויעריקער האלט עס מיטן קינסטלערישן מעטאָד: אָביעקטיוויסטישער (דערביי נאטוראליסטישער) פסיכאָלאָגיזם; געטרייע נאָכשפּירונג נאָכן דער געפילן־דינאמיק פונעם יאָרדישן טיפּאַזש, דערביי אָן דער מינדסטער קריטישער דיסטאנץ מיצאד דעם קינסטלער!

„מידאס האָראכמים!...“

פּונקט ווי די קלאסן־שערבלעך האָבן עס אומיסנע באשטעלט דעם כ' שעכטמאן, ער זאָל רעגיסטרירן זייערע „לעצטע טעג“! א טייערע שליכעס פאר יונגע סאָוועטישע שרייבער! דערביי זיינען ערטערווייז פאראן „פארצייכענונגען“ מאמעש סקאנדאליעזע, אשטייגער, דער דיאַלאָג צווישן די סאָכרים (ז. 97) אין דער דערציילונג: „אונטער שטילע סאָסנעס“ א.ד.גל.

א טריבונע פון קלאסנפיינט אפ די שפּאלטן פון א סאָוועטישער אויסגאבע!

בלויז ווי־ניט־ווי ווערט די „איזיליע“ צעשטערט דורך דער אנטפּלעקונג פון דער „צווייטער זייט פון דער מאטבייע“. צום ביישפּיל, אין „פון מיינע טעג“.

דאָס יידל, וואָס האָט פּריטוליעט איציקן אין כארקאָוו, דערמאנט זיך אין די „גוטע צייטן“, וואָס ער האָט אָפּגעלעבט אינעם אוקראינישן דאָרף, ווו ער פלעגט אזוי קונציק אָפּנארן די פּויערים: דערפאר אָבער „האָבן זיי אים אָפּגעדאנקט, ווי א טאטן“... די לירּיק פונעם יידנס דערמאנונגען איז איבערגעגעבן ניט־געפעלשטערהייט: זי איז צום אָרט. אָבער דאָס „אָפּדאנקען“ איז דאָ אויך א געזעצלעכע זאך. און דאָס איז דיאלעקטישער אָביעקטיוויזם, דאָס איז א רעוואָליוציאָנערער און ניט קיין בורזשואזער אָביעקטיוויזם, דאָס איז אָבער אן איינצלפאל אין שעכטמאנס בוך.

נאָך הילעל אייזלס לעווייע גייט נאָך א הונט, דער איינציקער פריינט זיינער די לעצטע טעג. צו קיין סימבאָל אָבער קומט עס ניט: דאָס הינטישע איז אין הילעלן ניט באוויזן געוואָרן.

דערמאנט זיך מארקס צאָרנדיקע ווערטער אין זיין וווּנדערלעכן בריוו צו קוגעלמאנען אין צוזאמענהאנג מיט די בלוטיקע רעציכעס פון

די בורזשואזע הענקערס איבער די באזיגטע קאָמונארנ: „הינט, וועלב, כאזיירימ!“

אלזאָ: די צענטראלע געשטאלט פונ שעכטמאנס „שייד־וועג“ איז דער גווירישער יוירעד. דער קינסטלערישער מעטאָד — אָביעקטיוויסטישער. פּאָשעט גערעדט: שעכטמאנס בוכ איז בורזשואזע ליטעראטור. אונ ווענ? אינ 1930 יאָר, אינ מיטנ פונ די אָנגעשטרענגטע שלאכטנ פאונ „פינפיאָר“! לוריעס „ראָד“ דרייט זיכ.

ס׳פרעגט זיכ: ווער רעדאקטירט עס אונדזער קינסטלערישע ליטעראטור?

אָדער עפשער איז עס א מינ הילפ בענעגייע צו אָנפאנגנדיקע שרייבער?

היט אונדז אלעמענ, אונ דערינ די יונגע כאוויירימ, פונ אזעלכע ברישע טויוועס!

2

אז אונדזער כאראקטעריסטיק — בורזשואזע ליטעראטור — איז א ריכטיקע, באשטעטיקט דער באלאנס פונ די פּאָזיטיווע געשטאלטנ, וואָס זיינענ צעוואָרפנ, אָדער ריכטיקער שמוגלענ זיכ דורכ אינעמ בוכ. ניט לידוויק פונ „שניטצייט“, ניט אניוטע פונ „צווישנ דאָרפישע וועגנ“, ניט אָקסנהאָרנ, דער פּאָרזיצער פונעמ לעדער־פאריינ אינ „בא א זייט פונ וועג“; ניט פאלעק דער שוסטער, דער „קוסטארישער אקטיוו“ — קיינער פונ זיי האָט אינ זיכ ניט קיינ קינסטלערישע מאמאָשעסדיקייט, אגעוו, זיינענ דאָס סכעמאטישע פיגורנ.

אינ פארגלייכ אָבער מיט זיי איז אווראָמ־לייב, דער פויער פונ די „סטעפּ־מאָטיוונ“ אָנ אנ ערעכ בוילעטער, האגאמ ער איז אויכעט ניט פונ יענעמ מינ געשטאלטנ, וואָס „מאכנ דאָס וועטער“.

פריער איז אווראָמ־לייב אויכעט געווענ א פעלהענדלער. ער האָט שטארק מוירע געהאט פאר א רעגנ, כאָלילע זיכ ניט צו פארקילנ. ער איז ביכלאל געווענ א שוואכער. אונ איצט, אפ דער ערד איז ער געזונט, ארבעטפייִק. ער פארמאָגט א פעסטע באלעבאטישקייט אונ איז שטארק צופרידנ. ער איז צונויפגעוואקסנ מיט דער נאטור, האָט זי פויעריש ליב אונ איז איבערגעפילט מיט פויערשע זאָרגנ, ס׳זאָל גיינ א רעגנ א.ד.גל.

מיט איינ וואָרט, ס׳ווערט דאָ געמאָלט א פּאָזיטיווער טיפּ פונ א באַ־לעגופ, אידיליש, מיט ליבע געצייכנט. צי שטעקט ניט דער סאָד פונ דערדאָזיקער פּאָזיטיווקײַט אינ דעמ, וואָס דאָס איז א גילגל, אינ די ראמענ פונ איינ אונ דעמזעלביקנ עקספּלואטאטערישנ קלאס, פונ אנ אונטערגייענדיקנ פעלהענדלער (ווענ ער זאָל ניט שטיינ פאר דער גע־פאר אונטערצוגיינ, וואָלט ער דאָכ ניט אריבערגעגאנגענ צו ערד־ארבעט) אינ א פעסטנ, אײַנגעאָרדנטנ, צופרידענעמ פויער־באלעגופ? צי איז עס ניט קיינ ענטפער אפ די ליידנ פונ אלע יאָרדימ, אמאָליקע גווירימ?

3

אלס א צוגאָב־ארגומענט פארנ בורזשואזנ כאראקטער פונ שעכט־מאנס ביז־איצטיק שאפנ, אפ וויפל עס איז פאָרגעשטעלט אינעמ „שייד־וועג", קאָנענ דינענ די סטיל־אייגנטימלעכקײַטנ פונ דער דערציילונג „אינ שניט־צײַט".

דאָס ערשטע קאפּיטל גיט אונדז דאָס שטעטל, ביז „א לאנד איז אינ פײַער אונטערגעגאנגענ", אינ אידילישע אשישע פארבנ, ראָ־מאנטיזירט.

אונ וואָס איז סאָציאל אשס ראָמאנטיק?

דערנאָכ קומט דער פּאָגראָמ, וואָס וועט פארטיליקנ דאָס שטעטעלע. איז דער שוידער דאָ פארקערפּערט דורכנ פײַנלעכ־שטילנ אומקומ פונ די „צענ יידנ, צענ זקיינימ, (וואָס) דער יינגסטער פונ זיי איז אלט פינפ אונ זיבעציק יאָר". מיר ווייסנ, מיר האָבנ עס אלע איבערגעלעבט אונ ווייסנ: די שכיטעס זײַנענ געווענ שרעקלעכע. גרויזאמע, ניט אי־בערצודערציילנ. אָבער צענ זקיינימ, טאנצנדיק פארנ טויט, געטריבנ פונ טאליענ,—שמעקט מיט קידעש-האשעמ, אסאָציִירט זיכ מיט גאָר אנדערע פסיכישע מאטעריעס. דערבײַ געפינט זיכ עס אינ איינקלאנג מיט דער עקזאָטיק פונעמ יידישנ „טאָטער", דעמ באָלשעוויק לידוויק, וואָס זינגט אינעמ קאָרנ: ישמחו וישמחו במלכותך". די יידישע נעשאָמע בענקט נאָכ איר שוירעש!?

מע קאָנ דערווידערנ: דאָס זײַנענ קלייניקײַטנ. אוודע זײַנענ עס „קלייניקײַטנ". אָבער דאפקע דורכ זיי רעדט זייער אָפּט ארויס אזא וויכטיקע ניט קיינ קליינע „זאכ", ווי דער קלאסנ־מעכאניזמ פונעמ שאַ־פונג־פּראָצעס. נאציאָנאליסטישע מיסטעריעזע זעונגענ גייענ ניט צופוס...

ווי מיר האָבן פעסטגעשטעלט, איז די הויפּט־געשטאַלט אין שעכטמאַנס „שיידוועג" דער גוויר דער יוירעד. ער איז ניט די איינציקע געשטאַלט: פּאַראַלעל האָבן מיר דעם קליינהענדלער און די אַרבעטלאָזיקע יוגנט.

געוויס טאָר מען ניט צונויפמישן דעם קליינהענדלער, דעם קאַפּצן מיטן גוויר. פאַר אונדז אָבער האָט א באַזונדערן אינטערעס די קינסט־לערישע פּראָבלעם פון דער אַרבעטלאָזיקער יוגנט, וועלן מיר דעריבער ווענדן אונדזער אויפמערקזאַמקייט אַהערצו, ביפראַט, אַז די רייד איז עפּשער וועגן דער רייפסטער זאַך אינעם בוך.

איציקל דער קאָמיוגיסט פון „מײַנע טעג" איז ניט געגליכן צו די אַרנס, מוישע־ייִדלס אוכעדוימע גווירים—יאָרדים. אויכעט גלײַכט ער זיך ניט מיטן אַלטן טאַטן. ער איז אַן אַרבעטלאָזיקער קאָמיוגיסט און געהערט צו אַן אַנדער קרײַז—צו דער שטעטלשער אַרבעטער־יוגנט. אָבער דער סאָציאַלער שטאַם זײַנער איז אַ קרענקלעכער: אַן אונטער־גייענדיקער קליינהענדלער, צו וועמען איציקל מוז אָנקומען בעשאַס אַרבעטלאָזיקײַט; איז ניט בלויז, וואָס דאָס פאַרשאַרפט זײַנע ליידן, נאָר עס פּראָוואָצירט אים, פון קלאַסנשטאַנדפּונקט גענומען. ס'רופט אַרויס בא אים מיטלייד · צום פאָטער, ציט אים אַליין אַרײַן אין קרײַז פונעם פאָטערס איבערלעבונגען: איציקל לײַדט פאַר צווייען... אוואַדע זײַנען די ליידן פון איציקל און פון זײַנע כאַווײרים אונדז נעענטער פאַר די ליידן פון די קאָלערליי גווירים־יאָרדים: מע קאָן זיי אפילו ניט שטעלן אפּ איין ברעט פאַשעט מאַכמעס דעם, וואָס פאַר „אונדזעריקע" אנערקענען מיר בלויז די אַרבעטנדיקע—און גאָר. און ווען אַרבעטנדיקע מענטשן הונגערן, לײַדן, איז עס אונדזער ווייטעק. ס'פרעגט זיך נאָר, צי דען זײַנען אַלע מינים שוועריקײַטן, וואָס די מאַסן האָבן נאָך בא אונדז אויסצושטיין איבער פיל סיבעס—גלײַכ־ווערטיק פאַר דער קינסטלערישער פאַרקערפּערונג דורך אונ־דזערע פּראָלעטאַרישע שרײַבער?!

אנערקענט מען ניט דעם בורזשואַזן פּרינציפּ „קונסט צוליב קונסט", שטייט מען אפּן שטאַנדפּונקט, אַז פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור איז אַ קאַמף־אינסטרומענט אין אונדזערע גרויסע וועלט־היסטאָרישע שלאַכטן פאַרן קאָמוניזם, קורץ, איז מען פאַר אַקטועלער, פונקציאָנעלער, רעוואָליוציאָנערער קונסט, מוז מען,

ווען מע האָט שוין יאָ צו טון מיט שווערִיקייטן, וואָס די מאסן האָבן אויסצושטיין, אויסווײַלן בלויז יענע, וואָס זייער קינסטלערישע פאַר־קערפּערונג קאָן אזוי אָדער אנדערש מיטהעלפן פּאָטער צו ווערן פון די שווערִיקייטן. פון אָט דעם שטאנדפּונקט דאַרף מען געבן די אַר־בעטלאָזיקייט אין פארבינדונג מיטן קאמף קעגן ביוראָקראטיזם, אשטיי־גער, אין די אנשטאלטן, וואָס שטערן שנעל צו געפינען ארבעט א. ד. גל. מיר וואָרענען: די פּראָבלעם איז זייער א קאָמפּליצירטע, און מיר נעמען זיך ניט אונטער גלײַך צו לייזן זי. די פאנאנדעראַרבעטונג פון די קונסט־מעטאָדן פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור הייבט זיך דאָך ערשט אָן. איינס אָבער איז פאַר אונדז אומבאשטרײַטבאַר: פּאסיווע ליידן, זאָל עס זײַן אפילו דער מאסעס, זײַנען ניט קיין געווינס פאַר דעם מין פּראָלעטארישע ליטעראטור, וואָס מיר כאָוועןאיצט מיט אזעל־כע שווערִיקייטן.

די לאגע, נאטירלעך, אין א קאפּיטאליסטיש לאנד איז אן אנדערע. דאָ קאָן די קינסטלערישע שילדערונג פון מאסן־ליידן, אפילו פון פּא־סיווע, דינען אלס א באשולדיקונג־אקט קעגן דער גאנצער עקזיסטירנ־דיקער בורזשואזער אָרדענונג, און אזויארום אויספילן א פּאָזיטיווע פונקציע. אָבער בײַ אונדז, בײַ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, אינעם לאנד, וואָס בויט דעם סאָציאַליזם, איז דאָך די קאָנפיגוראציע, די קרעפטן־צעשטעלונג, די פּערספּעקטיוו גאָר אן אנדערע. און דאָס דיק־טירט אונדז אן אנדער צוגאנג צו דער קינסטלערישער פאַרקערפּערונג פון שווערִיקייטן און מאסן־ליידן.

ס'איז קיין ספק ניט, אז מיט דער פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע פון ארבעטלאָזיקע קאָן מען בײַ אונדז קיין פּאָזיטיווע ווערטן פאַר דער פּראָלעטארישער ליטעראטור ניט שאפן. די לאגע בײַט זיך ניט דערפון, וואָס די זאך איז אָנגעשריבן געוואָרן דאן, ווען בײַ אונדז האָט נאָך עקזיסטירט ארבעטלאָזיקייט.

בענוגייע צו די יאָרדישע געשטאלטן איז שעכטמאנס זייער קינסט־לער; בענעגייע צו דער שטעטלשער ארבעטלאָזיקער יוגנט איז דער מעכאבער פון די קינסטלעריש־רײַפע „מײַנע טעג" אויכעט איר פאַר־שטייער. אָבער בורזשואזע יאָרדימ און... ארבעטלאָזיקע יוגנט — ווי־פאַרט זיך עס צוזאמען?

איז, ערשטנס, זײַנען ניט אלע מינים ארבעטלאָזיקע יוגנט איינס און דאָסזעלביקע. די שטעטלשע ארבעטלאָזיקע יוגנט איז נאָך געוועז

געווג פארבונדנ מיט איר „שטאמ״: ווי איציקל האָט ניט פײַנט זײַנ קאמצאָנישנ טאטנ, לײַדט ער סאָפקאָלסאָפּ פאר צוויי ע נ. און דער איקער: דער דעקלאסיר-פּראָצעס פארייניקט זייער אָפּט, דערבײַ אומגע־ריכטערהייט, נאָכ שארפערע ווידערשפּרוכנ. אײַ די פאָרמעלע לאָגיק איז דאָ „ניט מיט אלעמענ״, איז אלצ ערגער פאר איר. מארקסיסטנ מוזנ זײַנ דיאלעקטיקער.

אויספיר: עליע שעכטמאנס „שיידוועג״ איז ניט קיינ שיידוועג, נאָר א „בארג אראָפּ״. ס׳בלײַבט איינ אויסוועג פארנ יונגנ קינסטלער: צו פארלאָזנ, אראָפּצושפּרינגענ פונעמ „טאטנס צעבראָכענער פור״. עפּ־שער וועט אויסקומענ גיינ א שטיק צײַט צופוס, דערפאר אָבער — פּאָ־רויס. וואָרעמ, ווער עס גייט ניט פּאָרויס, קײַקלט זיכ צוריק.

אינ דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור איז כ׳ שעכטמאנס בוכ א נײַער דורכרײַס.

און דער קריטיק — א ווונטש: וואָס וויינקער פילאנטראָפּיע, און וואָס מער גלייבנ אינ די יונגע קויכעס!

---

# „קאָרנברויט“.

1

אין זײַן פּאָרטראַג אַף דער אַלוקראַיִנישער באַראַטונג פון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער האָט כ׳ ליטוואַקאָוו געמאַכט אַ פּרווו אײַנצו־טיילן דעם שטאָף פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור אין דרײַ אַרענעס: שטאָט, שטעטל, דאָרף. ווען מיר נעמען דידאַזיקע קאַטעגאָ־ריעס אין זייער סאָציִאַל־עקאָנאָמישן און סאָציִאַל־פּסיכאָלאָגישן באַטײַט, זעען מיר גלײַך, ווו ס׳איז די פּלאַץ פון כ׳ פערסאָווס קינסטלערישע באַלויכטונגען: דאָס שטעטל, ווי עס ברעכט זיך באַ די נײַע סאָוועטישע באַדינגונגען, די „שערבלעך“ פונעם ייִדישן מיטל־שטאַנד און דער קליינקרעמערישער דאַלעס.

אין דער ערשטער דערציילונג — אין די „שערבלעך“ — איז דער קינסטלערישער טאַמצעס אין די טפּיסע־איבערלעבונגען פון די פאַר־שיידנאַרטיקע קלאַסן־שערבלעך: „אַ פּאַלקאָווניק, מיט קאַליע לונגען, מיט אַ שינעל — דאָס איינציקע, וואָס איז אים פאַרבליבן פון די אַמאָ־ליקע פריילעכע יאָרן“, אַ גאַלעך, וואָס „ציילעמט דעם גענעצ“, אַ שניט־קרעמער, גינזבורג, וואָס קאָן בעשומויפן ניט דערלאָזן, אַז „אַ וועלט זאָל זיך פירן אָן אַ סיידער“; אַ לײַטישער סויכער מיטלמאַן, וואָס האַלט אין איין טײַנען, אַז ער איז ניט שולדיק; „שערבלעך פון פאַר־שיידענע פעלקער“, אַרײַנגעשלײַדערט אין טפּיסע דורך איין האַנט. „שערבלעך פון פּריִער־הערשנדיקן קלאַס — שטייען זיי איצט אַלע אַף איין פּלאַטפאָרם“. מע האָפט טכילעס אַפן „ברויט־געבערישן דאָרף, וואָס וועט דערווײַזן, ווו יושער איז“, און אַז דערפון קומט גאָרנישט ניט אַרויס, דערמאָנט מען זיך אין עפּעס אַ נאָענטער אַמניסטיע...

די קינסטלעריש געלונגענסטע „שערבלעך“ אין דער דערציילונג זײַנען די ייִדישע.

אין „אימפּעט“ צינדט זיך אָן אַ וואַלד. מאָביליזירט מען די הראָ־מאַדע (דאָס דאָרף) צו לעשן. ס׳האַלט דערבײַ, מע זאָל אויך מאָבילי־זירן די מאַנצבלען פונעם „כאָרעוו געוואָרענעם קאָרפּוס קלייטן“. וואָרעם

„זינט טאַלאַליי (דער פּאַרזיצער, א היטל־שטעפּער — ס. זש.) האָט זיך אהער פארקליבן, האָט זיך איבערן צעטריבענעם און פארשראָקענעם מארק־פּלאַץ פארשפרייט א מאָרעשכוירע". דערשמעקט וועגן דער „גזיי־רע", באַשליסט דער „כאָרעוו געוואָרענער קאָרפוס, אז זאקס ווייַב (דעם וואלד־סויכער זאקס ווייַב — איצט שטייט זי מיט א ברויט־טישל) זאָל פּרווון דאָס מאזל דורך טאַלאַלייַס מוטער: אַלטע באקאנטשאַפט און א מאטבייע גייען ניט צופוס. גייט מען און מע כאפּט א פסאק: „די מאמע איז ניט בעסער פארן זינדל". דער שווערפּונקט פון דער דערציילונג איז אָבער אינעם אונטערשייד צווישן צוויי מינים איםפּעט: בא דער פּויערשער הראָמאדע און בא די „שערבלעך". טכילעס האָט אויך די הראָמאדע געהאט זיך אונטערגעגעבן אונטער דער אגיטאציע פונעם באַלעגופישן מילנער: אומקערן זיך אהיים דרעשן. נאָר דער געדאנק, אז מע וועט פּאטערן געהילץ, טוט א יאָג די הראָמאדע מיט א גוואַלדיקער קראַפט צום וואלד צו לעשן. און אינעם „אופגערודערטן וואלד האָט אימפּעט צוזאמענגעשמאָלצן טולער שטאָטישע שקאָצים און שווארצערדישע דאָרפישע פּויערים". און דער אימפּעט באם כאָרעוו געוואָרענעם קאָרפּוס, צו וואָס האָט ער א שטויס געטאָן? געבן אין יאד ארייַן טאַלאַלייַס מוטער... דער „קאָרפּוס" איז ארויס זייער בוילעט.

אינעם געוועזענעם קאבינעט פונעם צוקער־סויכער אסארקאן („העפּ־קער") איז דער „שטאב פונעם .וואפּניארקער ראיאָן"; פּאָליטקאָם איז דאָ זייַן טאָכטער אסיע. די נאכלע, דעם זאוואָד, די גאנצע פּריצישע באַ־לעבאטישקייַט, וואָס עטלעכע דוירעס מעיוכעסדיקע אסארקאנס האָבן זי אופגעזאמלט, די טאָכטער — אַלץ האָט אסארקאן פארלאָרן. טכילעס איז נאָך געווען א שטיקל האָפענונג: דער מאנדאט פון גובצוקער. נאָר סאָפּקאָלסאָפּ פּאקט זיך אסארקאן ארייַן, דערבייַ באפוילט אסיע פּאָליט־קאָם, זייַן אייגענע טאָכטער:

— „אין האָלץ־קעלער, ארונטער צו די אָרוועס־לייַט".

אויסער אסארקאנען האָבן מיר אין „העפּקער" א ריי טיפּן פון זייַן שניט: דער אפּטייקער ניעמטשיק, ניעמטשיקס מוטער אוכעדוימע; און קעגנזעצלעכע — אסיע דער פּאָליטקאָם, דער פּויערישער פּאָרזיצער, פּויערטעס א. א. וו. דער קינסטלערישער שווערפּונקט אָבער פון דער גאנצער זאך איז אסארקאנס אומקום.

די קאוואָנע פון „פּאָליעסיע" איז געבן א מין סאָוועטישן מעשולעך כאראָנען. אָבער בוילעטער איז דאָ דאפקע קאַלמענען קרוגליאק. „דער

איינציק רויקער און געלאַסענער מענטש, מיט די אַלטבאָכערישע וואַנ־צעס אין דער טעמפּ־מעוולוועלער שטאָט". ער האָפּט אויך אָפּן דאָרף.

דער שווערפּונקט פון דער לעצטער דערציילונג „טאַכלעס" (גע־שריבן אין 1927 יאָר) (לויט אונדזער מיינונג, איז עס די אמערסטן זעלבשטענדיקע זאַך) איז דער פּסיכאָלאָגישער קאָנפליקט באַם שטעטלשן פינאַנגענט האָז צווישן זיינע פּאָרמעלע פליכטן אַלס אַגענט און זיין קאָמוניסטישן באַוווסטזיין. פון פאָרמעלן פליכט־שטאַנדפּונקט דאַרף מען אָפּשרייבן שראַגע־פּייוועש שובס שטוב. וואָס קאָן מען אָבער מאַכן מיט אַזעלכע קאַפּצאָנים?.. סאָפּקאָלסאָפּ ווערט דער קאָנפליקט אויפגעלייזט דורך ערד־איינאָרדענונג. די קינסטלערישע קרעפטיקע זייטלעך זיינען די, ווו עס ווערט געשילדערט דער שטעטלשער מאַרק־שטייגער, דער „קאָרפּוס כאָרעוו געוואָרענע קראָמענ".

אונטערפירנדיק דעם סאַכאַקל בענעגייע די שטעטלשע פיגורן אין ב־כל (פונעם מעיוכעסדיקן צוקער־סויכער אַסאַרקאַן ביז די קליין־קרע־מערשע קאַפּצאָנים שובס), קאָן מען פעסטשטעלן, אַז זייער קינסטלערי־שע שילדערונג סאַמע בעשאַסן ראַדיקאַלן בראָך פונעם דוירעסדיקן שטייגער (דער מיטלשטאַנד גייט אונטער; דאָס קליינבירגערטום פּראָ־דוקטיוויזירט זיך טיילווייז) — געלינגט זייער דעם מעכאַבער.

2

אויסער נייע סיטואַציעס פאַר אַלטע שטעטלשע טיפּן, האָבן מיר אין „קאָרנבערויט" אַ ריי נייע געשטאַלטן.

ווי האַלט עס מיט זייער קינסטלערישער שילדערונג?

אַן אינטערעסאַנטער פּרווו אין דעם פּראַט איז אַסיע אין „העפקער". יענע יאָרן נאָך, לערנענדיק אין קיעוו, האָט זי זיך אָנגעשמעקט מיט רעוואָליוציאָנערישקייט. דעם שירעך מיטן נעגידישן ניעמטשיקן מאַכט זי צונישט. נאָר דער „סקאַנדאַל" האָט אויסגעבראָכן דאַן, ווען אַסיע האָט אַרויסגערופן אַ שטרייק אָפּן צוקער־זאַוואָד: מע האָט זי אַרעס־טירט און פאַרשיקט. און, פונקט ווי איר פאָטער, וואָס האָט אין איר פאַרגעסן, ווי אין אַן „אָפּגענוצעוועטן כייפעץ", האָט זי פאַרגעסן איר נעגידישע מישפּאָכע. דער בירגערקריג האָט זיי איבעראַנייס צונויפגע־פירט. די קאוואָנע פונעם מעכאַבער איז אָפּאָנעם געווען צו ווייזן פּאַ־ראַלעל מיט אַסאַרקאַנס אומקום־ליידן דעם טיפּ פון אַ פרוי אַ רעוואָ-

ליוציִאָנערקע, וואָס קיינ מישפּאָכע־פּעדעמ זײַנען ניט בעקויעכ אָפּצור־
סוואכנ איר שטײַפע אונ אויסגעהאלטענע אופירונג. איר שטאב איז
באמ פאָטער אינ שטוב; טאָג מיט נאכט איז זי פארטאָנ אינ די פּא־
פּירנ; ווענ זי דערקענט צווישנ די איבערגעכאפּטע פּאפּירנ א מעלדונג
וועגנ א געהיימער פארזאמלונג, געשריבנ מיט ניעמטשיקס קסאָוו, טוט
א פלאַקער בא איר אינ מויעכ א הויפנ זיכרוינעס אונ זי רעאגירט דע־
רופ מיטנ באפעל: „פארהאלטנ די גאנצע אסיפע, דערינ איר פאָטער";
דערבײַ טוט א ציטער אינ אירע ליפּנ־ווינקלענ דאָס יערושע־שמייכל.
ווענ מע דערוויסט זיכ, אז אסארקאנ איז נעלעמ געוואָרנ פונ שטאָט,
באפוילט אסיע צו פארהאלטנ אימ אפנ צוקער־זאוואָד. ווענ די בא־
וואָפנטע מיט הייגאָפּלענ פויערטעס ברענגענ אימ צו פירנ אינ שטאב
ארײַנ, באפוילט זי: אינ „קעלער, ארונטער צו די אָרוועס־לײַט". קורצ,
אסיע, דעמ צוקער־נאָגידס טאָכטער, האנדלט רעוואָליוציִאָנער־אויסגע־
האלטנ. קיינע מישפּאָכע־פּעדעמ זײַנענ ניט אימשטאנד אראָפּצופירנ זי
פונ וועג. אָבער קיינ לעבעדיקע, קינסטלעריש־בלוטפולע געשטאלט האָט
זיכ דערפונ נאָכ ניט באקומענ. ס'קומט אויס גיכער צו ריידנ וועגנ א
געלונגענער סכעמע... יעדנפאלס, אפילע ניעמטשיקס מוטער, וואָס קומט
צו איר מישטאדל זײַנ זיכ פאר איר אמאָליקנ כאָסנ, איז מײ־יעדייע
קינסטלעריש מאמאָשעסדיקער פאר אסיענ. דער כ' פערסאָוו האָט
מינאסטאמ געהאט בעדייע צו געבנ א קינסטלערישע פאראלעל
(אסארקאנ אונ אסיע), באקומענ האָט זיכ אָבער א צענטראלע פי־
גור אסארקאנ מיט א ריי צוגאָב־פיגורנ, אונ דערינ אסיע, וואָס איר
סיוזשעטישע פונקציע איז נאָכ בוילעטער מאכנ די איבערלעבונגענ פור־
נעמ פארקלעמטנ צוקער־סויכער דורכנ פאָטער—קינדער־קאָנפליקט...

די קאוואָנע פונ „פּאָליעסיע" איז געבנ א טשעקיסטישנ קוריער כא־
ראָנ, וואָס איז דורכגעדרונגענ מיט איינ געדאנק: אויסשפּילנ די שליכעס.
באקומענ האָט זיכ אָבער א מינ סאָוועטישער ווארִיאנט פונ פּערעצעס
„מעשולעכ"... טראָגנדיק דאָס „פאנאנדערטראָג־ביכל" (א גרילצנדיק
וואָרט...) האָט כאראָנ מוירע א טראכט צו טונ, עמעצער זאָל כאָלילע
ניט אונטערהערנ זײַנע געהיימע געדאנקענ. אונטערוועגס צו פיליפּ־
טשוקנ אינ אָרטשעקא יאָגט אָנ כאראָנענ מאקסימ, וואָס דער פארטקאָמ
האָט אימ אויסגעטיילט אפ דער זעג־מיל צו מאָביליזירנ דאָרטנ די אר־
בעטער. מאקסימ לייגט פאָר דעמ איינפוסיקנ כאראָנענ אונטערצופאָרנ
אפ זײַנ דראָזשקע. פאראקשנט זיכ כאראָנ: אינ קאָפּ פײַניקט דער גע־

דאנק, אז ער וועט מיט דעמ מעגאלעסאָד זײַן. אומקערנדיק זיך צוריק אינ שטאָט אַרײַן, שטויסט זיך אָנ כאראָנ עפּעס אפּ א פּאַרדעכטיק קופּקעלע מענטשנ. ווערט אימ טכילעס קאלעמוטנע אפנ הארצנ, נאָר גלײַך צעשמייכלט ער זיך פונ א פּלוצימדיקנ אײַנפאל: „מיילע, אלציינס, נאליינ, ווי א פלאָקנ, אָבער דערפאר אזא שליכעס אויסגעפּילט".

בעשאס ער גייט איבערנ פעלד, באמ אויספירנ א שליכעס, הייסט עס, פאלט אייננמאָל אײַנ כאראָנענ א „מאָדנע געפיל: אינ אזא צײַט פלעג ער דאָך אמאָל מינכע דאוונענ. אונ ער וויל זיך דערמאנענ, וויאזוי איז עס פאָרגעקומענ, אז ער, אנ אלטער ייִד, האָט מיטאמאָל אופגעהערט מינכע דאוונענ". קאלמענ קרוגליאקס קאשע: „וויאזוי קאָנ מענ עס פארגעסנ אינעמ באלעבאָס, וואָס האָט אמאָל ברויט געגעבנ עסנ, ביכ־לאל, ווי דינט עס אנ עלטערער ייִד אינ טשעקא?"—איז פאר אונדז קיינ קאשע ניט. אָבער כאראָנס רעטעניש איז אינ א באשטימטער מאָס אויך פאר אונדז א רעטעניש... מיר וואָלטנ א באלנ געוועג, דער כאווער פערסאָוו זאָל האָבנ אונדז קינסטלעריש באוויזנ דעמ העכסט אינטערע־סאנטנ גילגל. אניט פּירט אונדז אראָפּ פונ וועג יענער מעשולעכ, וואָס איז אומגעקומענ באמ אויספירנ זײַנ שליכעס...

אינ פארגלײַך מיט אסיענ איז כאראָנ בלוטפּולער. אליינ פאר זיך געמומענ אָבער—אויכעט בלאס.

אינ דער לעצטער אונ, לויט אונדזער מיינונג, אמערסטנ זעלבשטענ־דיקער דערציילונג „טאכלעס" האָט דער כ׳פערסאָוו געמאכט א פּרווו צו ווײַזנ אונדז דאפּקע אזא מינ פינאגענט, וואָס זאָרגט פארנ טאכלעס פונ די קאפּצאָנימ. אינ גרונט געמומענ, איז דער אײַנפאל דאָ א גע־לונגענער. אינדערעמעסנ: ווער זעט נאָך אזוי די באָדנלאָזיקײַט אונ פארמישפּעטקײַט פונעמ קליינ־קרעמערישנ דאלעס? געזעצמעסיק איז דאָ אויך דער קאָנפליקט אינעמ באוווסטזײַנ פונעמ פינאגענט: פונ איינ זײַט פליכטנ, אונ פונ דער צווייטער — דאלעס? דער פּלוצימדיקער אופבליצ פונ די קינדער־זיכרוינעס, ווענ ער איז אליינ געווענ אָט אזא פארמישפּעטער ווי דאָווידל, איז אויך זייער א מאָטיווירטער.

קירצער: דאָס רײַפּ ווערנ פונ די „געזערד"־שטימונגענ אונ דער עצעמ פינאל—זײַנענ זיכער מאָטיווירט. דאָ אנטשטייט בלויז אזא פּראַ־גע: צי שטאמט בא האָזנ זײַנ פאָרמעלער מעלוכע־פארברעכנ (ניט אָפּגעשריבנ שובס שטוב), ביכלאל זײַנ אקטיווע זאָרג וועגנ די שראגע־פײַווישעס, פונעמ זעלביקנ קוואל, וואָס דער אומצוטרוי צו פישקיסנ,

וועלכער באַלעבאַטעוועט אינעם „ברויט-פּראָדוקט"? צי וועגן דאָ ניט אריבער די קליינבירגערלעכע אָפּשטאַם־געמיינשאַפט און ראַכמאָנעס־געפילן דעם ריינעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־צוגאַנג: פּראָדוקטיווייזירונג, ווייל דאָס איז קוידעמקאָל נייטיק צוליב דער סאָציאַליסטישער בויונג?

כ' פּערסאָווס „געזערדישער" פינאַנגענט (ער איז א קאָמוניסט) מאַכט דעם איינדרוק גיכער פון א באַלראַכמימ...

אונטערפירנדיק דעם סאַכאַקל בענעגייע די נייע געשטאַלטן אין „קאָרנברויט", קאָן מען, דאַכט זיך, פעסטשטעלן, אז קינסטלעריש זיינען זיי דערוויילֿ באַדייטנדיק בלאַסער פאר די „קלאַ־סיש"־שטעטלשע פיגורן און טיפּן.

בענעגייע דעם ספּעציפישן שטעטלשן שטאָפּ (דעם „קלאַסישן", דעם קרעמערישן) גיבן זיך פּערסאָווס איינע סיי איינצלנע טיפּן, סיי מאַסן־בילדער. בענעגייע דעם סאָוועטישן שטאָפּ — מער די מאַסן־בילדער, איידער איינצלנע פיגורן, און פון די איינצלנע פיגורן—בעסער איינפאַכע, איידער קאָמפּליצירטע. פון די מער אָדער ווייניקער געלונגענע מאַסן־בילדלעך זיינען: אינעם „אימפּעט"—דאָס בילדל, ווי די פויערשע האָראָ־מאַדע וואַקלט זיך צווישן דיביידע קרעפטן—דעם באַלעגופישן מילנער און סאַפּראַנען, ביז זי האָט זיך סאָפּקאָלסאָפּ געטאָן א ריס מיט א גוואַלדיקן אימפּעט צום ברענענדיקן וואַלד; אינעם „העפקער": די „מאָ־ביליזאַציע" פון די באָרוועסע פויערטעס; דאָס בילדל, ווי זיי אַרעס־טירן אַסאַרקאַנען; אין „פּאָליעסיע"—די פאַרזאַמלונג אויף דער זעג־מיל.

3

א באַזונדערס וויכטיקע פראַגע באַם אָפּשאַצן פּערסאָווס „קאָרנ־ברויט" איז די פראַגע וועגן די סטיל־אייגנטימלעכקייטן פונעם ווערק. אין דעם פּראַט דאַרף מען אונטערשטרייכן א גרויסע בערגעלסאָנישע באַווירקונג, דערביי קימאַט אין אַלע דערציילונגען. נאָר באַזונדערס שטאַרק פילט זיך עס אין „שערבלעך" און אינעם „העפקער", מאַמעש אויף יעדן שריט און טריט. נעמען מיר די טעמאַטיק פון פּערסאָוון, איז קאָן מען דאָ איינשטעלן אַנערעך אַזאַ מין פאַרהעלטעניש: אַסאַרקאַן איז א מין נייער וואַריאַנט פון גדאַליע הורוויצן „אונטער דער ראָד" פו־נעם בירגערקריג; אָט פונקט ווי לוריעס זעוו „אונטער דער ראָד"

פונעם „נעפּ". אסיע איז א מין הייפּעכ פון מירעלען, האגאמ קינסטלע־ריש — א סכעמע לעגאבע מירעלען. ניעמטשיק, וואָס פון זײַנ שאדכענענ זיכ צו אסיענ איז גאָרנישט ניט ארויסגעקומענ — א מין גילגל פון איי־נעמ פון מירעלעס כאסאנים; מאָרדכע־ארנ, מאמציס („אימפּעט"), קאל־מענ קרוגליאק („פּאָליעסיע"), גינזבורג אונ מיטלמאנ („שערבלעכ") ניעמ־טשיקס מוטער („העפּקער"), זאקס ווײַב („אימפּעט") א. ד. גל. — אלצ שטעטלשע וואריִאנטנ. אָבער א ציקאווע זאכ: דידאָזיקע בוילעטע בער־געלסאָנישע אָריענטאציע פּארמינערט ניט דעמ קינסטלערישנ ווערט פון פּערסאָנוס שטעטלשע פּערסאָנאזשנ. איז עס אפּאָנעמ צו דערקלערנ אויכעט אויסער די גרינטלעכע אידעאָלאָגישע מאָמענטנ דערמיט, וואָס בערגלסאָנס קינסטלערישע פאָרמ איז אינ פיל פּראָטימ זייער אָנגע־מאָסטנ פּארנ דאָזיקנ מינ שטאָפּ. עמעס, דאָס נעמט אָפּ די מעגלעכקײַט צו ריידנ וועגנ א זעלבשטענדיקנ קינסטלערישנ סטיל בא פּערסאָוונ. קיינ הוילע נאָכמאכונג וואָלט דאָ אָבער אויכעט גאָרנישט ניט אופגע־טאָנ. ס׳וואָלט זיכ ניט באקומענ קיינ שפּור קינסטלערישע לעבעדיקײַט. די רייד איז וועגנ א זעלבשטענדיקנ טאלאנט, וואָס גע־פינט זיכ דערווײַל אינ סטיל־זוכענישנ. פּערסאָוו איז אָריענ־טירט געוואָרנ דורכנ קלאסיקער בערגעלסאָנ. נאָר אויב פאר אסארקאנענ איז עס געווענ א מײַלע, איז עס פאר אסיענ פּארוואנדלט געוואָרנ אינ א מעניִע... ווערנ דאָ א „קלאסיקער" האָט באמ כאווער פּערסאָוו אויס־געפּעלט קראפט.

אפּ וויפל בערגעלסאָנס באווירקונג איז דיקטאטעריש אינ די ערשטע דערציילונגענ, איז צו זענ דערפונ, וואָס אפילע דער פּייזאזש איז גע־שילדערט מיט דערזעלבער בערגעלסאָנישער מאניר. נאָכ מער: אפילע די שפּראכ, די וואָרט־בילדערישקײַט זײַנענ בערגעלסאָנישע. בײַשפּילנ וואָלט מענ געקאָנט ברענגענ איבערנ קאָפּ. דאָרט אָבער, ווו פּערסאָוו האָט צו טונ מיט נײַע געשטאלטנ (די אויבנדערמאנטע מאסנ־בילדלעכ אור־כעדוימע), איז שוינ צו מערקנ אנדערע סטיל־פּרוווג אָנ בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניסטישע קונצנ. באזונדערס פילט זיכ דידאָזיקע סטיל-באפּ־רײַונג אינ „טאכלעס".

בא קלאסיקער ביכלאל אונ דערינ אויכ בא בערגעלסאָנענ קאָנ מענ אויסנוצנ זייער גרויסע קאָנסטרוקטיווע מײַסטערשאפט. מע דארפ אָבער שטענדיק האָבנ אינזינענ דאָס ווערטל, „אז דער סטיל איז דער מענטש"... איינע פונ די שווערסטע אופגאבעס פונ אונדזערע נײַע שרײַבער — די

נײַע קינסטלערישע „מענטשן" אונדזערע — איז שאפֿן אַ אייגענעם סטיל. האגאמ מיר האָבן נאָך צו טון אין „קאָרנבֿרויט" מער מיט אַלטע וואָרצלען, ווי מיט סאָוועטישן קאָרנבֿרויט, זאָגט דאָס ביכל, אַז פֿערסאָוו גייט פּאוואָליע, נאָר זיכער, צום נײַעם קינסטלערישן שטייגער.

א יאשער־קויעך!

1928 י.

# אפ הארטער ערד.

(וועגן קושניראָווס פּראָזע־פּרווון)

„אפ הארטער ערד" קושניראָווס איז א זאמלונג דערציילונגען (גרעסערע און קלענערע), וואָס די שפּעטסטע פון זיי איז דאטירט מיטן יאָר 1926. דערדאָזיקער זאמלונג־כאראקטער פונעם ביכל איז אָבער קלאָל ניט קיין כיסאָרן, אדרבא: ער גיט א מעגלעכקײַט נאָכצושפּירן נאָך דעם אנטוויקלונג־גאנג פון כ׳ קושניראָווס פּרווון און דערגריי־כונגען אפן פּראָזע־געביט.

לויט די אנטוויקלונג־צייכנס קאָן מען דאָס ביכל אײַנטיילן אף דרײַ טיילן, דעהײַנע: 1) די ערשטע דערציילונגען — „רויטגווארדייער", „היי־סער אָטעם" א. ד. גל. דאטירט מיטן יאָר 1922, 2) „קינדער פון איין פּאָלק" — מיטן יאָר 1924 און 3) „הארטע ערד". ס׳איז קלאָר, אז די רייד איז דאָ ניט וועגן כראָנאָלאָגישן סיידער, די רייד איז דאָ וועגן באשטימטע עטאפּן אין דער קינסטלערישער עוואָליוציע פונעם שרײַבער, ניט שטענדיק פאלן דאָך צונויף דיביידע ליניעס: דער צײַט־גאנג מיטן שאפונג־קנויל.

ווידער טרעפן זיך זיגזאגן, „טויטע פונקטן", און אפילע א רעגרעס אויך, ניט פאר קיינעם געדאכט... נעמען מיר כ׳ קושניראָווס שאפונג־גאנג פון פּראָזע־געביט (פון די „רויטגווארדייער", דורך „קינדער פון איין פּאָלק", צו „הארטער ערד"), זעען מיר אלץ פעסטערע און זיכערערע טריט... מיר הייבן אָבער אָן אונדזער אנאליז, דאפקע פון א מיטלסטער זאך (פון „קינדער פון איין פּאָלק"), וואָרעם דאָס איז ניט נאָר דער ערש־טער קינסטלעריש באדײַטנדיקער פּרווו, נאָר גלײַכצײַטיק דער פּאָקוס פון אלע וויבטיקסטע שטריכן פון כ׳ קושניראָווס קינסטלערישער מאניר, דערבײַ אין א היפּערטראָפּירטער, און דעריבער זייער בוילעטער מאָס...

ווי מיר האָבן אויבן געהאט באמערקט שוין, האָבן מיר אין „קינדער פון איין פּאָלק" אלע אייגנשאפטן און „צייכנס" פון כ׳ קושניראָווס קינסטלערישן „גאנג". די טעמאטיק איז א נײַע, א סאָוועטישע, גענו־מען פון אונדזער רעוואָליוציאָנערער ווירקלעכקײַט. קינדער פון פאר־שיידענע פעלקער (א ייִדישס און א דײַטשס, פארלוירן זייערע עלטערן

אינעם בלוטיקן געפלאָנטער און באַקומען א נײַע מאמע, די ראַטנמאַכט) הייבן אָן איבערדערצויגן ווערן אינעם סאָוועטישן קינדערהיים, ווי „קינדער פון איין פאָלק". די פאבולע פון דער דערציילונג איז א קאָנסטרוקטיוו־אויסגערעכנטע, א לאָגיש־געזעצמעסיקע: אי דער אומשטאַנד, וואָזוי ביידע קינדער פארלירן זייערע עלטערן און פאלן אַרײַן אינעם סאָוועטישן קינדערהיים, אי די אַרומיקע סוויווע, אי דער עצעם שטייגער אינעם קינדערהיים גופא, אי דער פינאַל פון דער זאך (די פאַרזאַמלונג פון די קינדער, ווו א קינד, וואָס ווערט אײַנגע־לאַדן קיין אמעריקע, פאַרבלײַבט אין ראַטנלאַנד) א. א. וו. קורץ, די פאַנאַנדערוויקלונג פון די סיטואַציעס איז דורכויס א ראַציאָנעלע און א געזעצמעסיקע.

נעמען מיר דעם קינסטלערישן שטאָף פון דער דערציילונג, סײַ דעם, וואָס ליגט האַרט בא דער טעמאַטישער אַקס, סײַ דעם, וואָס פאַרפילט די בײַוועגן, זעען מיר דאָ פיל געלונגען־אויפגעפּאַסטע, אָביעקטיווע ווירקלעכקײַט־שטריכן — א בעפּיירעשער סימען דערופּ, אַז אונדזער דיכ־טער־ליריקער פאַרמאָגט אַן אויג און זיקאָרן אויך פאַר עפּישן שטאָף. מיט איין וואָרט, לויט דער טעמאַטיק, אײַנגעשלאָסן אויכעט די דעטאַלן, איז „קינדער פון איין פאָלק" א דורכויס סאָוועטישע זאַך.

ווידער דאַרף מען באַזונדערס אונטערשטרײַכן דעם גרויסן אָקטיאַ־בער־אימפּעט, וואָס דרינגט דורך מיט אַזא אָנגעשטרענגטן ריטם די גאַנצע דערציילונג. אַזא דראַנגפולער שעפערישער פיבער מוז האָבן אונטער זיך פעסטע און אָרגאַנישע קלאַסן־סימפּאַטיעס. און א סוואָרע, אַז דער אימפּעטיקער געלויף פון בילדער און פאַרבן, וואָס פאַרכלינען די דערציילונג, די זינגעוודיקע „קינסטלערישע אומאָרדענונג" אירע מוזן אויכעט שטאַמען פונעם שעפערישן רעוואָלוציאָנערן דראַנג. ביסטו צוליב דעם מויכל די עצעם „קינסטלערישע אומאָרדענונג"... אַגעוו, דאָ בעט זיך א פּאַראַלעל מיט פּילניאַקן. ס'וואָלט אָבער אין גרונט גע־ווען פאַלש צו מיינען, אַז מיר האָבן צו טון מיט הוילער סטיל־נאָכ־מאַכונג. „שוטפעסדיקע" געמיט־שטריכן קאָנען זײַן בא שרײַבער מיט פאַרשיידנאַרטיקע, אפילע פײַנטלעכע סאָציאַלע סימפּאַטיעס און אָריענ־טאַציעס.

ערטערווײַז, פילט זיך, אַגעוו, ניסטערס ווירקונג, אָבער דעם לעצטנס מײַסעדיק־אָרנאַמענטירנדיקן שניט פאַרקרײַזלט און שוואַכט אָפּ קושני־ראָווס דינאַמישע שטרענגקײַט.

אונטערפירנדיק דעם סאכאקל, קאָן מען, דוכט זיך, געבן אזא מין כאראקטעריסטיק פון כ׳ קושניראָווס שאפונג־שטייגער (אין „קינדער פון איין פאָלק״):

די טעמאטיק — א רעוואָלוציאָנערע, א דורכויס־סאָוועטישע, ערטערווײַז שטייגער־שטריכן מיט א סאָציאַל־פסיכאָלאָגישן באדײַט; די ארכיטעקטאָניק — א שטרענג־אויסגערעכנטע, א ראציאָנעל־קאָנסטרוקטיווע; דער געפיל־ריטם — אן אָנגעשטרענגטער, א דראנגפולער; די בילדערישקײַט אין ברייטן זינען פונעם וואָרט — אן אָנגעהויפטע, א כאָטיש־פאזראָנישע; דער וואָרט־גאנג — זייער אָפט — א דיכטערישער, א ריטמיש־זינגעוודיקער...

מיט „קינדער פון איין פאָלק״ האָט כ׳ קושניראָוו באוויזן, אז ער איז ניט בלויז א דיכטער, נאָר אויך א בארעכטיקטער פראָזאיקער, האגאם מיט א דיכטערישן אָפנויג און ערטערווײַז מיט באלאסט פון פרעמדע ווירקונגען.

לעגאבע „קינדער פון איין פאָלק״ זײַנען די פריערע דערציילונגען (פונעם 1922 יאָר) פיל שוואכער, באזונדערס דער ציקל „רויטגווארדייער״. עמעס, די טעמאטיק איז דאָ אויכעט א סאָוועטישע, די קאוואָנע אויכעט א רעוואָלוציאָנערע. אָבער קינסטלערישע שילדערונג, אָביעקטיווע בילדערישקײַט איז דאָ אביסל ווייניקלעכ. מיט א צו אָפטן שיקן „צו דער מאמען״ קאָן מען ניט שטענדיק יויצע זײַן...

אין „הייסן אָטעם״ פילט זיך ווייניקער פאר אלץ הייסער אָטעם, און צופיל — גריבלערײַ. יאשקע איז בלאס, די מוטער — בוילעטער, אָבער ניט זיי, צוזאמען מיטן „הייסן אָטעם״ פון אירפען, ווו עס קומט פאָר די די שלאכט, בילדן דעם פאָקוס פון דער דערציילונג. די הויפט-פלאכ איז דער פסיכאָלאָגישער צושטאנד פונעם דערציילער, וואָס האָט „פיר יאָר מילכאָמע געהאלטן — טעג מיטן פאָנעם אין דער ערד פארגראָבן, נעכט איבער צעווייקטע וועגן די פיס געשלעפט״ און דערזען די געעלטערטע מאמע, געזאָגט צו זיך: „גענוג!״ „פסיכאָלאָגיזם״ פאָדערט אויסער געזעצמעסיקער מאָטיווירונג, אויכעט קינסטלערישע מאָס. גראָד אינעם „הייסן אָטעם״ איז עס אלץ ווייניקער פאראן, ווי אין „צוויי דערציילן״ — א זאך אויך פון די פריסטע דערציילונגען (פון 1922 י.).

פון די שפעטערדיקע זאכן איז „די טויטע סאָפקע״ פיל געלונגענער פאר דער „הינטישער סטעזשקע״. דער פארטיזאן, זײַנע „שטומע״ אי־

בערלעבונגען און דער אמעריקאנישער געריכט זײַנען זײער בוילעט, שפּאָרעוודיק, אָבער איבערצײַגעוודיק. אגעוו, איז עס א בײַשפּיל, ווי־אזוי אידעאָלאָגיע דינט דער קונסט. פיל שוואכער איז די „הינטישע סטעזשקע". די קאוואָנע איז גראָד א וויכטיקע, אפילע אן אויסערסט וויכטיקע: ווײַזן א יידישן ארבעטער — דעם זעצער יאָסל קארפּ — ווי ער שטייט צו צו די באָלשעוויקעס, האָבנדיק זיך אנטוישט אין די ביז־איצטיקע פירערס. דאָס בילדל, ווי יאָסל קארפּ טרעפט זיך צונויפ מיט נאָך אן ארבעטער, דורכשמוגלענדיק זיך דורך דער „הינטישער סטעזשקע", צום באלאגערטן ארסענאל, איז אויכעט געלונגען. אָבער קיין לעבעדיקע פיגור האָט זיך ניט באקומען. די סאָציאל־פּסיכאָלאָגי־שע סכעמע האָט זיך נאָך ניט באוויזן אָנצוטון אין קינסטלערישן לײַב... אגעוו: די קינדער פון פארשיידענע פעלקער, איבערגעקאָכט אינעם גרוי־סן קעסל, ווערן פארוואנדלט אין „קינדער פון איין פאָלק", ניט פאר־לירנדיק זייער פארשיידן־פעלקערישע קאָנקרעטקײַט. פון די צוויי ארבעטער, וואָס באגעגענען זיך אפ דער „הינטישער סטעזשקע", איז דער „הויכער" א סכעמע, א געזעצמעסיקע, אפ וויפל ער איז ניט דער הויפּט־העלד פון דער דערציילונג; און דער צווייטער — יאָסל קארפּ, איז אויכעט א סכעמע, אפ וויפל דעם מעכאבער האָט זיך נאָך ניט אײַנגעגעבן צו אָנטון אים אין קינסטלערישן „בלוט און פלייש". אפּאָ־נעם, אז פאר די „קינדער פון איין פאָלק" פארמאָגט דער מעכאבער לע־סאטע מער קינסטלערישע שילדערונג־קראפט, ווי פאר די „קינדער פון איין קלאס"... וויכטיק איז אָבער, וואָס אונדזער פּראָזאִקער ווייסט, ווו־הין צו ווענדן זײַן אָנגעשטרענגטע קינסטלערישע מי.

די רײַפסטע דערציילונג אינעם גאנצן ביכל איז, אפּאָנעם, „הארטע ערד". אלע געשילדערטע אייגנשאפטן פון כ' קושניראָווס קינסטלערישער מאניר, וואָס האָבן צוערשט געפונען זייער היפּערטראָפירטע אנטפלעקונג אין די „קינדער פון איין פאָלק", זײַנען דאָ פאראנען אין א האר־מאָנישער גאנצקײַט; די טעמאטיק — א רעוואָליוציאָנערע; די סטרוק־טור — א טיפּ געזעצמעסיקע; די שילדערונג — א קינסטלערישע; די אי־דעאָלאָגיע — אן אָרגאנישע; די גאנצע זאך — אן איבערצײַגנדיקע — „הייסער אָטעם" — גענוג... דערבײַ פירן שוין די ערשטע שורעס ארײַן אינעם באזונדערן ריטם פון דער זאך: „שיפן זוכן שטורעם, שיפן זוכן רו".

איז עס קעמוי, ווי סימבאָליש...

דער אנטוויקלונג־וועג פון די שוואכע „רויטגווארדייער", דורכ די קינסטלעריש־צעשויבערטע „קינדער פון איינ פאָלק" צו דער „הארטער ערד" צייַגט, אז מיר האָבנ צו טונ מיט אנ אָרגאנישנ פראָזאיקער.

1928

---

# שוין איינמאָל א „מאָנאָגראַפיע".

(וועגן ש. עפּשטיינס שווארצמאַן־מאָנאָגראַפיע).

1

בלויז מיט דער יונגקייט פון אונדזער יידישער מאַרקסיסטישער קריטיק (און עפּשער מיט פּאַטריאַרכאַלישע באַציִונגען דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך וועגן פּרינציפּיעלע פּראָבלעמעס) איז צו דערקלערן דעם פאַקט, וואָס כ' עפּשטיינס אַרבעט וועגן שווארצמאַנען האָט בעשאַטע ניט געקראָגן די געהעריקע מאַרקסיסטישע אָפּשאַצונג און קוואַליפיקאַציע, וואָרעם אַזוי מיין, מ'שטיינס געזאָגט, „מאָנאָגראַפיע" האָבן מיר שוין לאַנג ניט באַגעגנט, סיידן אין דער העברייִשער קריטיק פונעם געוויסן מין.

ערשטנס, וועגן דעם מעטאָד:

די גאַנצע אַרבעט איז איבערגעפּולט מיט פּערזענלעכע זיכרוינעס. ביאָגראַפישער שטאָף איז אַוואַדע אָפּטמאָל א וויכטיקער הילפמיטל, און אַנערקענען עס הייסט נאָך קלאָר ניט אַראָפּלאָזן זיך צום אַזויגערופענעם ביאָגראַפישן מעטאָד. בויען אָבער דעם סאָציאָלאָגישן אַנאַליז פון קונסט־דערשיינונגען ביאָגראַפיש הייסט דאָך פאַשעט פאַרגעסן דעם אַלעפבייז פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש.

געוויס איז כ' עפּשטיין ניט קיין גאַסט ניט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און ניט אין דער ליטעראַטור, און ער ווייסט געוויס, וואָס איז אַזוינס מאַרקסיזם. קונסט-קריטיק איז אָבער א ספּעציפישער געביט מיט ספּעציפישע געזעצמעסיקייטן, און מע דאַרף דאָ ווייזן די אַלגעמיינע גילטיקייט פון מאַרקסיזם. הייַנט, אַז מע בויט אויס א גאַנצע מאָנאָגראַפיע אויף פּערזענלעכע זיכרוינגעס (וועגן זייער אייכעס וועלן מיר נאָך ריידן), איז ווי־זשע זאָל מען ניט מאַכן דעם טרויעריקן אויספיר?!

נאָר וואָלטן כאָטש די זיכרוינעס גופא געווען אַזעלכע, וואָס עס לוינט צוליב זיי „פּאַטערן" א מאָנאָגראַפיע. צום באַדויערן אָבער, קומט

אויס צו קאָנסטאטירן, אז אויסער א פּאָר ציקאווע עפּיזאָדן, וואָס גיבן עפּעס פאר דער באלויכטונג פון שווארצמאנס שאפן, איז דער ווערט פון די זיכרוינעס זייער א קנאפּער. אינדערעמעסן, וואָס קאָן מיטברענגען פארן מארקסיסטישן אנאליז פון שווארצמאנס שאפן, אשטייגער, דער עפּיזאָד, ווי מע האָט בא שווארצמאנען ארויסגעגאנוועט, מייַסע שפּאס, דעם העפט לידער פון דער הויזנקעשענע? (ז. 26)

מיר פארשטייען זייער גוט: שווארצמאנס אָנדענק איז דעם כ׳ עפּשטיינען, ווי אונדז אלעמען, זייער טייַער. און מייַסע יאָרצייַט־זיכרוינעס האָט איטלעכער, וואָס האָט אים געקענט פּערזענלעך, געמיט זיך צו דערמאנען יעדעס פּ צעלע. און ס׳איז נאטירלעך, וואָס צווישן דעם אינטערעסאנטן און וויכטיקן איז אריינגעפאלן אויכעט צופעליקס. מיר זייַנען ניט קיין גאזלאָנים און פארשטייען עס טאקע. ס׳פרעגט זיך אָבער, צוליב וואָס איז עס אלץ נייטיק געווען אייַנצושליסן אין א מאָנאָגראפיע?

אין א מאָנאָגראפיע, כ׳ עפּשטיין! ס׳איז דאָך ניט קיין קלייניקייַטן!

אויסער דעם אייכעס פון די זיכרוינעס, מאכט ערטערווייַז זייער ניט קיין „וויסנשאפטלעכן" אייַנדרוק, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן, דער אויפן, וויאזוי זיי ווערן אונטערגעטראָגן. בלויז איין בייַשפּיל:

דערמאנענדיק א געשפּרעך מיט שווארצמאנען לעבן דניעפּער, גיט אים איבער דער כ׳ עפּשטיין אזוי:

„מע זאָגט, אז די גאנצע נאטור איז סוידעסדיק; פאר ווּעמען סוידעס, פאר וועמען אלץ אָפּן. מע דארף פילן דעם זין, דעם אינהאלט; און וואָס איז דער זין, דער אינהאלט? לעבן, שטראָמענדיק לעבן, אלץ ארומכאפּנדיק, מיט א שטרעבונג צום מאָרגן, אין דער צוקונפט אריין. און אז טויט, איז וואָס? דאָס לעבן שטעלט זיך ניט אָפּ, גייט פּאָרויס, איז אייביק יונג, ס׳איז נאטור, נאטור. קלאנגען און קלאנגען, מעלאָדיעס און מעלאָדיעס, שטילע און הילכיקע, אומעטיקע און פריילעכע. אלץ צוזאמען, פון מענטש און וועלט, פון וועלט און לעבן, פון לעבן און נאטור, ניטאָ קיין מעכיצע א. א. וו. א. ד. גל."

אוודע האָט דער כ׳ עפּשטיין געהאט געשמועסט מיט שווארצמאנען וועגן נאטור און אנדערע זאכן. מיר צווייפלען דערין ניט. אָבער איבערגעבן שווארצמאנס רייד אזוי, מיר וואָלטן געזאָגט פילאָזאָפיש, ווי דאָס טוט דער כ׳ עפּשטיין, הייסט דאָך צוגעבן דעם איניען א צו סוביעקטיוויסטישע באפארבונג, וואָס קלעפּט זיך עפּעס וויניק

מיט שווארצמאנס גייַסטיקער געשטאַלט. שווארצמאַנ איז דאָך ניט געד־ווענ קיינ דענקער אינעם געוויינלעכ פילאָסאָפישנ זינענ? ביפראט, אז אינ אנ אנדער אָרט, איבערגעבנדיק אנ אנדער געשפרעכ, וואָרנט דער כ' עפשטיינ אליינ: „איכ קאָנ ניט קאווירנ, אז דאָס זייַנענ פונקט די דעמלטיקע ווערטער שווארצמאנס, נאָר דאָס איז געווענ דער זינ" (ז. וו.).

איז, אז מע גיט איבער יענעמס זינענ מיט אייגענע ווערטער — אונ געדענקענ יענעמס ווערטער אינ צענ יאָר ארומ איז טאקע אומעגלעכ — דארפ מענ זייַנ זייער געהיט, ניט ארייַנלייגנ אינ יענעמס זינענ קיינ אייגענעמ ניואנס.

בעשאסנ לייענענ די ערטער, ווו עס ווערנ דערמאָנט שווארצמאנס רייד (אונ אזעלכע ערטער זייַנענ פאראנ היפשלעכ אינעם בוכ), פארפאָלגט די גאנצע צייַט אָט די דערמאָנטע סוביעקטיוויסטישע באפּארבונג. אונ דאָס האָט, ווי באוווסט, זייער א קנאפע שייַכעס צו וויסנשאפט, ביפראט נאָכ צו א מאָנאָגראפישער אויספאָרשונג.

אָבער נאָכ א גרעסערע נאכלעסיקייַט באגעגענענ מיר אינ כ' עפ־שטיינס מאָנאָגראפיע באמ אָפערירנ מיט שווארצמאנס טעקסט. קעדיי אונדזער באשולדיקונג זאָל ניט מאכנ קיינ אייַנדרוק פונ א בעקיוונדיקנ צוגאנג צו כ' עפשטיינס ארבעט, זייַנענ מיר געצווונגענ צו ברענגענ א לענגערנ אויסצוג. כ' עפשטיינ שרייַבט:

„שווארצמאנ קענ די בארויִקונג ניט געפינענ, אונ גראָדע אפנ מילכאָמע־פראָנט, וואָס פארבייַט די קאזארמע, הייבט ער ביסלעכווייַז אָנ צו דעראָבערנ זייַנ סאָציִאלנ „איכ". דאָס קומט פאָר ניט פלוצלינג, נאָר בעהאדראָגע, קרעסצענדאָ. דער ריינ פערזענלעכער אומעט טרעט אָפּ דאָס אָרט דעמ אומעט פארנ גורל פונעמ קלאל, וואָס איז נאָכ צעשוומענ, אָנ א קלאסנ־פּאָנעמ. אויכ דאָ שוועבט די ליבע, זי ווינקט צו זיכ, זאָגט צו פארגעסנהייַט, זי ווערט אָבער פארטונקלט פונ זיכ אליינ דורכ אנ אנדער געפיל:

„איכ לאָז זיכ שטיל אראָפּ צומ שטאמ פונ מייַנע ליידנ
אונ וויים ניט, צי איז מייַנ לייד א וואָגשאָל פונ די וועלטנ".

א. א. וו.

דידאָזיקע ליד געהערט דאָכ, כ' עפשטיינ, צומ 19 יאָר!

איז ווי־זשע קאָנ מענ דורכ אָט דער ליד דערקלערנ שווארצמאנס געמיט־צושטאנד אפנ פראָנט? אנ ענלעכ „פרייַ" אָפערירנ מיט דיכטע־רישנ טעקסט באגעגענענ מיר אויכ אינ אנדערע ערטער פונ עפשטיינס

„מאָנאָגראַפיע". ס'קומט אויס פונקט ווי אין די רעליגיעזע ספאָרים: „איין מוקדעם אומעוכער באַטוירע" (ניטאָ קיין פריִערדיקס און קיין שפּעטערדיקס אין דער טוירע)... אָבער וואָס פאַר א שייַכעס האָט עס צו וויסנשאַפט?

2

מיר גייען איבער צו כ' עפשטיינס „מעטאָדאָלאָגיע" באַם לייזן אייניקע העכסט וויכטיקע פאַר שווארצמאַנס שאַפן פּראָבלעמעס.

1. ראָמאַנטיזם.

ס'איז באַוווּסט, אַז שווארצמאַן איז געווען א ראָמאַנטיקער, אַז דער ראָמאַנטיזם איז בא אים בעשומויפן ניט געווען קיין צופעליקע אייגנשאַפט. פּאַראַלעל מיט די אויסגעשפּראָכן־סאָציִאַלע לידער און אין זיי גופע, האָבן מיר בא שווארצמאַנען ראָמאַנטישע עלעמענטן. אַזא ליד, אשטייגער, „ווי סאַמבאַטיען דער טייַך ווערט געשטילט, ווערט געשטילט" (פונעם ציקל „שאַבעס" 1918), איז דאָך מאַמעש קלאַסיש אין דעם פאַך! טוט אָבער א קוק, ווי כ' עפשטיין לייזט עס דידאַקטיק ווייַט ניט קיין איינפאַכע פּראָבלעם. כ' עפשטיין פרעגט: „ווי קומט עס, וואָס גראָד יענע גרויסע טעג האָבן זיך אַסאָציִירט בא שווארצמאַנען מיט שאַבעס און סאַמבאַטיען?" איז דער ענטפער: „די יאָנטעוודיקייַט פונעם קאַמף, ווי שווארצמאַן האָט זיך אויסגעדריקט, האָט בא אים אַרויסגערופן אַן אָפּקלאַנג פון דער פאַרגאַנגענהייַט. וויכטיק איז אָבער, אַז אויך דער אָפּקלאַנג איז ניט באַהויכט געוואָרן מיט ייִדישלעכער דווייקעס, נאָר מיט פּאַשעטער מענטשלעכקייַט".

אין דעם גייַסט אינטערפּרעטירט כ' עפשטיין אויך שווארצמאַנס צווייט ליד „פרילינג". ער שרייַבט: „ווען מע איז אַזוי פאַרכאַפּט פון הייַנט, פון שפּעפערישן אופברויז אַרום, פון שטייַגנדיקן רעוואָלוציִאָנערן אימפּעט, בענקט זיך ניט נאָך דער פאַרגאַנגענהייַט. דער אָפּקלאַנג פון דער פאַרגאַנגענהייַט מיט איר יאָנטעוודיקער טרוימערישקייַט דינט דאָ בלויז ווי א ניואַנס, קעדיי בוילעטער אַרויסברענגען די ראָמאַנטיק פון הייַנט" (ז. 63).

ערשנסט, איז פאַר אונדז ניט קלאָר, פאַרוואָס זעט אייַן דער כ' עפּשטיין אין די לידער „שאַבעס" (עפשער מאַכמעס דעם נאָמען?!) און „פרילינג", וועלכע ער ציטירט, אַן אָפּקלאַנג פון דער פאַרגאַנגענהייַט? פאַרוואָס קאָן ניט געמאָלט זייַן, אַז דידאַקטיק און ענלעכע לידער זאָלן

אויסדריקן שווארצמאנס דעמלטיקע שטימונג, אומאָפּהענגיק פון וועלכער ס'ניט איז אסאָציִאציע מיט דער פארגאנגענהייט? און אויסער דעם: צי האָבן מיר דען ניט אויך אין אנדערע לידער פונעם לעצטן פעריאָד דעם איבערפלעכט פון ראָמאנטיק פון דער פארגאנגענהייט מיט רעוואָליוציִאָנערע מאָטיוון? וויִאזוי וועט איר עס דערקלערן? און בײַכלאל: וואָס איז עס פאר א מארקסיזם צו דערקלערן סטיל־דערשײַנונגען און סטיל־פּראָבלעמעס מיט פּערזענלעכע אסאָציִאציע־אָנגעלעגנהײַטן?! די פראגע איז דאָך טאקע, פארוואָס האָבן זיך בא שווארצמאנען די גרויסע טעג אסאָציִירט מיט שאבעס און סאמבאטיען, אין דערזעלביקער צײַט ווי בא אנדערע דיכטער — גאָר מיט אן אנדער „פארגאנגענהײַט". עס איז געווען אזוי אוועקצושטעלן די פראגע, קעדיי גלײַך צו דערקלערן דעם כ' עפּשטיינס אומבאהאָלפנקײַט דאָרט, ווו מע קאָן ניט אויסקומען מיט פּערזענלעכע זיכרוינעס.

דאָ א פּערזענלעכע באמערקונג: מיר פּרעטענדירן ניט און מיר זײַנען ניט זיכער, אז אונדז האָט זיך טאקע אײַנגעגעבן צו לייזן די שווארצמאנ־פּראָבלעם אין אונדזער ספּעציעלן ארטיקל. מיר האָבן דאָך אָבער געפּרווט צוגיין סאָציִאָלאָגיש דערצו.

2. עטיק.

דידאָזיקע פּראָבלעם איז אויכעט איינע פון די וויכטיקסטע פאר דער שווארצמאנ־פאָרשונג. אפילע אין זײַנע „נייטראלע" נאטור- און ליבע-לידער איז שווארצמאנ היפּש עטיש, שוין ניט גערעדט וועגן די סאָציִאלע, ווו עס שלאָגט אזא שטארקער עטישער קוואל! פונוואנען אָבער נעמט זיך אָט די עטיק בא אונדזער דיכטער, און פון וואָס פאר א סאָציִאלן מין איז זי, אָט די עטיק? דערוף פארקלערט זיך אפילע ניט דער כ' עפּשטיין. „פּאָשעטע מענטשלעכקײַט" און גאָר.

פארגלײַכנדיִק אין אן אנדער אָרט ביאליקס און שווארצמאנס שאפן, שרײַבט כ' עפּשטיין: „ביאליקן מוז ברענגען צו אויסגאנגלאָזיקײַט זײַן שמאָלער נאציִאָנאליסטישער כוש; שווארצמאנען פירט ארויס פון טעמפּן ווינקל זײַן אלמענטשלעכער געפיל" (ז. 87).

דיזעלביקע יענטע.

נאָר וואָס פאר א שײַכעס האָט עס מיט מארקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש?

3. סאָציִאַלע קויכעס.

אז כ׳ עפּשטייג איז ניט בעקויעכ געוועג צו לייזנ די צוויי וויכטיק־סטע פּראָבלעמעס: די פּראָבלעמעס פונ ראָמאַנטיזמ אונ עטיק בא שווארצ־מאנענ, איז צו זענ דערפונ, ווי ער האָט געלייזט די לעצטע פּראָבלעמ, די צענטראַלסטע פארנ מארקסיסטישנ אנאליז, די פּראָבלעמ וועגנ שווארצמאנס סאָציִאַלנ ייִכעס.

ציטאטע נומער 1: „שוואַרצמאַנ איו געוועג פריִער פונ אלצ א סאָציִאַלער דיכטער, ער איז געוועג אײַנגעוואקסנ אינ דער „מוטער־ערד" מיט אלע זײַנע כושימ. אינ דער סוויווע, ווו ער האָט געלעבט, איז אָבער דער סאָציִאַלער עלעמענט אָפּט אײַנגעהילט געוואָרג אינ א נאַציִאָנאליסטישנ שלייער. שוואַרצמאנ האָט דאָ ניט געקאָנט בײַשטײַנ קעגנ ביאליקס האשפּאָע א. א. וו." (ז. 14).

ערשטנס, באקומט זיכ, אז דער „נאציִאָנאליסטישער שלייער" איז ניט קיינ סאָציִאַלער עלעמענט;

צווייטנס: אז שווארצמאנ. אונ די „סוויווע" זײַנעג באזונדערע סאָציִאַלע קאָמפּלעקסנ.

דריטנס, דאָס, וואָס שווארצמאנ האָט ניט געקאָנט בײַשטײַנ ביאליקס ווירקונג (מיר נעמענ דאָ ביאליקנ אלס א באשטימטנ סטיל), זאָגט אייגנס דערופּ, אז אינ שווארצמאנס סאָציִאַלנ כאראקטער זײַנענ געוועג באשטימטע ביאליקישע עלעמענטנ. הײַנט ווי קאָנ מענ ריידנ וועגנ אנ „אָבער" פונ א נאציִאָנאליסטישנ שלייער, וואָס האָט אײַנגעהילט שווארצ־מאנס סאָציִאַלנ עלעמענט?

ס׳איז קלאָר, אז דערדאָזיקער גאנצער פּלאָנטער נעמט זיכ דערפונ, וואָס אונדזער „מארקסיסטישער" סאָציִאָלאָג אָפּעריִרט, דערבײַ זייער אומקריטיש, מיטנ באגריפּ „סוויווע", אָנשטאָט פּרווונ זיכ פּעסטצושטעלנ שווארצמאנס סאָציִאַלנ וועזנ, ארויסגיי־ענדיק פונ די קלאסנ־אייגנשאפטנ פונ זײַנ שאפנ: ניט די סוויווע אינ עפּשטיינס ביִאָגראפישנ פּלאנ, נאָר דער קלאס, אײַנגעפלאָכטנ אינ דער געגעבענער סיסטעמ פונ קלאסנ־פּארהעלטענישנ אונ קלאסנקאמפּ—פּאָרמירט די קונסט מיט אלע אירע אינערלעכע ווידערשפּרוכנ. ס׳איז, דאכט זיכ, שוינ צײַט צו וויסנ עס.

ציטאטע נומ. 2: „אָשער שווארצמאנ האָט לויט זײַנ סאָציִאַלנ אָפּשטאמ, לויט זײַנ דערציִונג, באלאנגט צומ זעלביקנ מיטלקלאס, וואָס די מערהײַט

יידישע שרײַבער, ער קומט אָבער פונעם האָרעפּאַשנעם אָפּשניט פון מיטל־קלאַס, פון אָפּשניט, וואָס איז געווען נאָענט צום דאָרף, צו דער נאַטור (ז. 61).

דאָ האָבן מיר דעמונטערבּיקן מעטאָד, וואָס פריִער: לייזן די סאָציאָלאָגישע פּראָבלעמע בּיִאָגראַפיש. דערבײַ אָבער ווערט שוין אָנגעוויזן דער סאָציאַלער ייִכעס: דער „האָרעפּאַשנער אָפּשניט פונעם מיטלקלאַס".

ווײַטער אָבער (ז. 100) לייענען מיר: „געשטאַמט האָט שוואַרצמאַן פונעם קליינבירגערטום, נאָר פונעם האָרעפּאַשנעם אָפּשניט, ניט פון מענאַכעם־מענדלען".

ס'קומט אויס א צווייענדיקער ייִכעס: מיטלקלאַס און קליינבירגערטום! אָדער עפּשער איז פאַרן כ׳ עפּשטיין ניט קלאָר דער פּרינציפּיעלער באַטײַט, וואָס עס האָט פאַרן קלאָר מאַכן דעם „סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט" פון שוואַרצמאַנס שאַפן — דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער אונטערשייד צווישן אָט די ביידע קאַטעגאָריעס?

נאָר וואָס־זשע איז שולדיק דאָ די שוואַרצמאַן־פאָרשונג?

ס'איז דאָך א פאַרשווערונג, כ׳ עפּשטיין, פון א ליכטיקער געשטאַלט, וואָס איז אונדז צוזאַמען מיט אײַך אזוי טײַער!

———

אויספירן.

1.. די קאָמפּאָזיציע פון כ׳ עפּשטיינס „מאָנאָגראַפיע" (ווי זאָל מען זי ניט אָנרופן אין גאַנצן מענגענטעווען נאָך ניט פיגורירן...) איז א מעמואַריש.

2. דער ווערט פון די זכרונות, אויסער אייניקע עפּיזאָדן, איז א קנאַפּער, דערבײַ זײַנען זיי היפּש סובּיעקטיוויסטיש באַאַרבעט.

3. נאַכלעסיקײַט באַם אָפּערירן מיט שוואַרצמאַנס טעקסט.

4. דער מעטאָד, וואָס כ׳ עפּשטיין ברויכט — איז דער באַקאַנטער פאָרשעריש אימפּאָטענטער ביִאָגראַפיש־סוביעקטיוויסטישער מעטאָד פונעם קליינבירגערטום. מיט איין וואָרט, שוין איינמאָל א שטיקל אַרבעט. ס'איז צײַט אוועקצושטעלן דעם ערשטן יידישן אָקטיאַבער־דיכטער א געהעריקן מאַרקסיסטיש־וויסנשאַפטלעכן דענקמאָל!

ס'איז צײַט!

# ניט קיין ביניען, נאָר רעשטאָוואניעס.

## וועגן מארקישעס „ברידער“.

(מאטעריאלן צו א קריטישער אויספאָרשונג).

---

מארקישעס „בּרידער“ איז אן אויצער מיט שטאָף, בּילדער, זעונגען, עקספּערימענטן; גרויסע, גרויסע קינסטלערישע מי; ליבּע, הייסע, הייסע צו דער רעוואָליוציע און ניט וויניקער גרויסע, גרויסע... פעלערן. וועט דאָ קיין מעווינעס, כּיי פּאָזיטיווע, סיי נעגאטיווע — אָן א דעטאלער מי־זאמער אונטערזוכונג — גאָרנישט ניט געבּן ניט דעם קינסטלער, ניט דער קריטיק, ניט דער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייט. ניין! שטודירן בּאדארף מען דאָסדאָזיקע ווערק, צעאקערן אין דער טיף און אין דער בּרייט בּאדארף מען דאָסדאָזיקע פעלד, קעדיי די גאָלדענע זוימען פון דער גרויסער אָנשטרענגונג זאָלן ניט גיין לעיבּעד.

———

דאָס ערשטע, וואָס מע בּאדארף פעסטשטעלן בּא דער אָפּשאצונג פון די „בּרידער“, איז די אנטשיידענע פּאָזיטיווקייט פונעם דאָזיקן ווערק פאר מארקישעס דיכטערישער עוואָליוציע. פון „בּאָכיאקישע אָנפליען“ (ליטוואקאָווס אויסדרוק) נעמט א סאָוועטישער דיכטער און גייט אריבּער צו א גרויסן עפּישן לייוונט מיט א רעוואָליוציאָנערער טעמאטיק! איז עס דערמיט אליין שוין, פאר זיך גענומען, אומאָפּהענגיק אפילע פון די אָביעקטיווע רעזולטאטן, א דורכויס פּאָזיטיווע פולבּאדייטנדיקע אונטערנעמונג.

דערדאָזיקער איבּערגאנג פון „צעכראסטעטער“ לירק צו רעוואָליוציאָנערער עפּיק האָט, נאטירלעך, ניט געקאָנט ניט ארויסרופן בּאשטימטע קריזיס־דערשיינונגען אין מארקישעס נייעם שאפן. און מינאסטאם וואָלט עס פּאסירט אויך מיט אנדערע קינסטלער בּא אזא מין „שפּרונג“... האָט דאָך פעפערן דעם ראָמאנטיקער (דער ראָמאנטיזם איז איינער פון די גרונט־שטריכן פון פעפערס דיכטערישער שפּירונג) זיך אויך ניט איינגעגעבּן דער „דניעפּערבּוי“: אסאך „געפונענע פונקען“ און וויניק

עפיש פײַער... ס'איז קיין סאָפעק ניט: די היפּשע קאָמפּאָזיציאָנעלע פעלערן אין די „בּרידער", אַפ וויפל זיי זײַנען אַ רעזולטאַט פון דער־דאָזיקער איבּערבּאַוואָפּענונג, זײַנען אַ געזעצמעסיקע דערשײַנונג, און מע דאַרף זיי צורעכענען צו די „פּראָדוציר־הויצאָעס"...

די מײַסע איז אָבּער, וואָס דערדאָזיקער אומשטאַנד איז ווײַט ניט דער איינציקער און וויכטיקסטער מאָטיוו פאַר די היפּשע קאָליזיעס אין מאַרקישעס גרויס ווערק, פאַר יענער „לירישער אומאָרדענונג", וואָס פאַרוואַנדלט עס (דאָס ווערק) אין אַ גרויסן כאַאָס, האַגאַמ אַ שעפע־רישן. ניין, ס'איז פאַראַן נאָך אַן אומשטאַנד (און דערבּײַ אַ מער ערנסטער און געפערלעכער!) — פון אַן אַנדער מין, דערהײַנע: דער פּאַרטיזאַנישער שניט פון מאַרקישעס דיכטערישער אידעאָלאָגיע. אָנשטאָט אויסצוווײַלן פונעם אומענדלעכן שטאָף, אָנגעפּירט פון איין צענטראַלער אידייע, דעם מינימום, דעם קינסטלעריש־נייטיקן מינימום בּילדער, האָט זיך דער היציקער דיכטער „צעאווירעט און צע־הוידעט" אַפ גאַנצע 230 זײַטן (אַ זעלטנקײַט אין דער וועלט־דיכטונג!), אָנהויפנדיק אַ „קופּע" בּילדער, עפּיזאָדן, דעטאַלן, ריטמען, זשאַנרען, אַרײַנטראָגנדיק, אַזויאַרום, דעם פּאַרטיזאַנישן כאַאָס אין דער קאָמפּאָזיציע פונעם ווערק גופא... פונקט ווי קונסט וואָלט געווען אַ דורכויסיקע, סובּיעקטיוויסטישע, אוניווערסאַלע אויסדריק־פאָרם פאַר אַלץ מיט אַן אַנדער, און ניט קיין ראַציאָנעל־פּלאַנ־מעסיקע בּוױונג, טראָט בּאַ טראָט, מיט דער גרעסטער אויסרעכע־נונג פון קינסטלערישע זעונגען און בּילדער. פאַרפלאָנטערט אָז דער כאַאָס און פאַרשטעלט דעם וועג צו יענע גלענצנדיקע קאַפּיטלעך, וואָס זײַנען, ווי דימענטן, צעוואָרפן צווישן דעם פאַרדראָסיקן בּראָכוואַרג.

ס'איז קיין סאָפעק ניט: אונדזער דיכטערס פּאַרטיזאַנישע אידעאָלאָ־גיע (ניט יעדע רעוואָליוציאָנערישקײַט איז אַ קאָמוניסטישע) האָט גוי־רעם געווען דעם קאָמפּאָזיציאָנעלן כאַאָס אינעם גרויסן ווערק און בּאַ־רײַכערט אויך די ליטעראַטור־געשיכטע מיט נאָך איינער אַ גלענצנדי־קער, קלאַסישער אילוסטראַציע פאַר דער איינהײַטלעכקײַט פון אינ־האַלט און פאָרם, אָדער בּעסער: פון אידעאָלאָגיע און פאָרם...

געוויס, קאָמפּאָזיציאָנעלע קאַטאַסטראָפעס מאַכמעס אידעאָלאָגי־שע סיבּעס זײַנען סאָפקאָלסאָפּ פונקט אַזוי געזעצמעסיק, ווי „וווּקס־קרענק". מאַרקסיסטישער, דיאַלעקטישער אָבּיעקטיוויזם האָט אָבּער גאָר ניט צו טון מיט פאַטאַליזם. ניין! דער בּאַריער צווישן דער

פארטיזאנישער רעוואָליוציאָנערישקייט מיט דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציאָנערישקייט איז שוינ ניט אזוי גוואלדיק, אז די בעסטע פונ אונדזערע סאָוועטישע דיכטער זאָלנ אימ ניט פרווונ נעמענ אונ באשטימטע אָנשטרענגונגענ טאהע נעמענ!

## 1. סטיל אונ קאָמפּאָזיציע.

### 1־טער קאפּיטל.

א מינ אינטראָדוקציע אינ דעמ ערשטנ טייל פונעמ ווערק; די פאבול — א קייט גרונט־עפּיזאָדנ (סכעמאטיזירט) פונעמ בירגערקריג אונ (דורכ דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע אפ־צוריק) צומ בירגערקריג. דער שווערפּונקט פונעמ פאָנ — די פויערשע אוקראינע; דער ריטמ אונ טעמפּ — קאליידאָסקאָפּיש; דער „זשאנר" — פונ בילינעס אונ אוקראינישע דומעס: „אויב ס'וועט עמעצ פרעגנ", „ווער־זשע זאָל דערציילנ", „פיר געקרייצטע שליאכנ, פיר געקרייצטע וועגנ", „עפּעס קלינגענ גלעקער, אוי, וואָס קלינגענ גלעקער". א קאָמפּאָזיציאָנעלער פעלער (האגאמ אנ אומבאדייטנדיקער, אָבער א כאראקטעריסטישער פונ א באשטימטנ שטאנדפּונקט) — די אָפּטקייט פונעמ רעפרענ.

ביכלאל, איז דער רעפרענ אינעמ דאָזיקנ קאפּיטל פולקומ געזעצמעסיק. די פראגע איז בלויז אינ דער צאָל אונ אָרט: ס'איז דאָכ פאראנ א געוויסער כילעק אינ דער פונקציע פונעמ רעפרענ אינעמ וואָקאלנ פאָלקלאָר (אינ דער פאָלקליד, דומע א. ד. גל.), אונ אינ א ליטעראריש ווערק. דאָ איז ער ניט אימשטאנד צו שפּילנ דיזעלביקע אקאָמפּאנעמענטראָליע, ווי אינעמ וואָקאלנ ווערק. פונ דעמ שטאנדפּונקט וואָלט די איינהייטלעכקייט פונעמ פאָנ ניט געליטנ בא א קלענערער צאָל רעפרענ. מיר כאזערנ איבער: זער פעלער איז אנ אומבאדייטנדיקער, אָבער פאזראָנעס איז פאָרט ניט קיינ מיילע פאר א קונסטווערק...

### 2־טער קאפּיטל.

אינהאלט: דער ארבעט־שטייגער אינ מענאכעמ-הערש דעמ שניידערס ווערקשטאט; מענאכעמ־הערש, עסטער אונ די ברידער — שלוימע בער אונ אזריל.

די שילדערונג אינ אלגעמיינ — א רעאליסטישע מיט אימפּרעסיאָניסטישע (ערטערוויז) מיטלענ. לויט דער קאוואָנע וואָלט באדארפט זיינ:

דער ווערקשטאַט מיט מענאַכעם־הערשנ בלויז, ווי א ש ט ײ ג ע ר י ש ע ר סאָציאַלער פאָנ פארנ ווּקס פונ די „ברידער", לויט די פאַקטישע „קרעפּטנ־פארהעלטענישנ"־זשע איז דער קינסטלערישער שווערפּונקט אינ מ ע נ א כ ע מ ע נ. אינ זײַנ גענמעל זײַנעוו פאראנ געלונגענ אײַנגעפּאַסטע אינדיווידועלע שטריכנ, דער הומאָר; פארקערט, אינ זייער גענמעל — בלויז סאָציאַלע שטריכנ: רעוואָליוציאָנערע לידער... אפילע די מוטער עסטער איז בוילעטער פאר זיי. אונ דערגרייכט איז עס ניט מער, ווי מיט כאַראַקטעריסטישנ „פּאָרטרעטנ מײַנע טײַערע"...

ווי מיר האָבנ שוינ באַמערקט, איז די שילדערונג אינ אלגעמיינ א רעאַליסטישע מיט געלונגענע אײַנגעפלאָכטענע ערטערווײַז דיאַלאָגנ.

א מעכטיק, אָבער זייער קאָמפּליצירט מיטל! ניט אומזיסט איז די העכסטע קונסט־פאָרם די דראַמאַטישע.

אָבער דער פּאַטעטישער „מאַזלטאָוו, לאַטאָזשניקעס" — ווי כאַראַקטעריסטיש ער איז פאר מאַרקישעס צעכראַסטעטער לעקסיק! ווו ער פּאַסט ניט, קלינגט ער ווי א דיסאָנאַנס.

———

ווידער איז ניט איבעריק נייטיק געווענ צו ברענגענ דעם פולנ טעקסט פונ דעם ליד, וואָס אזריל זינגט בא דער אַרבעט. ס'מאַכט דעם אײַנדרוק פונ אנ אויספּירלעכער ציטאַטע, וואָס קאָנ גאָרנישט ניט צוגעבנ דעם קינסטלערישנ פּאָרטרעט. גענוג וואָלט געווענ צו געבנ א פּאָר שורעלעך.

נאַטירלעך, זײַנענ די אָנגעוויזענע פעלערנ ניט קיינ אנטשיידענע פארנ וויכטיקסטנ, וואָס דער קאַפּיטל פארמאָגט, אָנ שום סאָפעק. אָבער אלצ, וואָס איז אומנייטיק פארנ שווערפּונקט פונעם קאַפּיטל, איז א קאָמעסדיקער פעלער מיט ווײַטע פעסטע דיאַלעקטישע אפּעטיטנ...

### 3 ־ טער קאַפּיטל.

דאָ האָבנ מיר: פּערזונ, וואָס שילדערנ: 1) ראַכמילס גאַרבערס; 2) די סוויווע אַרומ די ביטנ; 3) יעזעפ דעמ מעקלערס אונ ראַכמילס טקיפעס.

1. די שילדערונג פונ די גאַרבערס הייבט זיכ אָנ רעאַליסטיש, לעבעדיק, זי גייט אָבער גלײַכ אריבער צו סאָציאַלער סימבאָליק, צערײַסנדיק, אזויאַרומ, דאָס בילד. אזעלכע פּערזונ, ווי:

„געלע הענט און געלע בערד, און נעגל געלע —
פון שבייענאכטס און ביז צום ליכטבענטשן אום פרײַטיק;
געלער שווייס אפ העלרזער מאָגערע, ווי קרעלן —
און אפ פענעמער די בערד זײַנען, ווי קרײַטער.
אלטע גארבערס מיט די זין און מיט די איידעמס
פראטשן פעלן פאר ראכמילן פעסט און פלײַסיק
ס׳קריכן אָדערן, ווי ווערעמדיקע קנויטן,
און רוקנס מאָגערע — זיי הויקערן און רײַסן”.

אזעלכע פערזן זײַנען א שטיק פלאסטיק און טויגן אי פאר לײַוונט, אי פאר ליים! זיי ווערן אָבער צו גיך איבערגעריסן דורך פערזן, וואָס פארמאָגן א באשטימטע בילדערישקײַט, אַבער שוין גאָר פון אן אנדערן, פון א קינסטלעריש-שוואכערן שניט — דורך סאָציאלער סימבאָליק. אשטייגער:

„פרעסן גריבער אי די פעלן, אי די גארבערס,
פרעסן גיריק און פארדייען, און פארהילן;
צוועגנעס אײַזערנע פארקאָוועט פון דער ארבעט,
צוועגנעס אײַזערנע פארקאָוועט פון ראכמילן”.

עמעס, פאר די גריבער איז עס א בילד. מיר וואָלטן אָבער א באלג געוועג צו זען לעבעדיקע מענטשן — ארבעטער!

קאמצאָנעסדיק, אָבער טרעפלעך, אימפרעסיאָניסטיש שארפ און פארביק איז געגעבן די סוויווע ארום די ביטן און יעזעפ.

„איז אזא ביימעלע פארברענט געווען און פלאקסיק
מיט זיבן בלעטעלעך, מיט איין פארדארטער פלאָם”...

דאָסגלײַכן יעזעפס שאגאלישער פאָרטרעט:

„איז עפעס אָנגעפלויגן פלוצים יעזעפ מעקלער,
דער שניפס — א פלעדערוויש זיך באָמבלט אָן א זײַט.
די גרינע נעזלעכער — צעוואָרפן און צעגלעקלט,
און דארער פינגער רופט די גארבערס, און ער טײַט:
...פאר זוסקינס ביינער!”

געלונגען זײַנען אויך אײַנגעפלאָכטן די ערשטע אָפּקלאנגען פון דער רעוואָליוציע דורכן אליאן אין וואגאָן. דער שווערפונקט אָבער פונעם קאפיטל איז אין ראכמילס גווירעשאפט און טקיפעס.

4־טער קאפיטל.

א גלענצנדיקע, מוסטערהאפטיקע, קלאסישע באלאדע! אָבער — מיט א ראָמאנטיש־סימבאָליש־מיסטעריעזער בילדערישקײַט... באזונדערס אין

דעם צווייטן טייל. די גרונט־„פּערסאָנאַזשן": די הוטע, די מילכאָמע, די יונגען ראַכמילס.

דער קוימען פון דער הוטע „צווישן דערפער געשפּאַנט" (אַ שאַרף סימבאָליש בילד) וואַקסט אין דר'הייך, ווי אַ בײַטש.

„און די דונערס ער טרײַבט, און די כמאַרעס ער שטיצט,
און ער טײַט אף דער שטאָט, און ער טײַט אפן קאַנט".

## די מילכאָמע.

„ברעכט מילכאָמע מיט בלוט און פאַרטרינקט, און פאַרפלייצט, —
ראָרטן וואַרפט מען איר ראָטעס נאָך ראָטעס אין מויל.
און זי הירזשעט, און קײַט, און כראָמקעט דאָס פלייש, —
בלויז די שטיוול, די דענקעס, די קנעפּ שפּײַט זי אויס".

„זיבן פליגל פון בלעך, זיבן פליגל פון גלאָז
האָט די הוטע צעשפּרייט, האָט די הוטע צעשײַנט, —
און איר האַרץ איז פון בראַנד, פון צעשמאָלצענע בערג,
ס'האָט אַ סריפּע איר האַרץ אף די שטיבלעך געלאָזט".

## און די יונגען?
## זאָל אונדז דערלויבט זײַן צו ברענגען אַלע פינף פערזן.

„מיט פאַרוואונדעטע הענט, מיט פאַרוואונדעטן לײַב,
מיט צעטראַסקעטער הויט בא דער שמעלץ־אויוונס ראַמ
שטייען יונגען צעשטעלט, ווי די שניטערס באַם שניט, —
ס'זײַנען גומענס אין דאָרשט, ס'זײַנען הענט אין געטרײַב,
יעדער יונג מיט אַ רער, יעדער יונג מיט אַ רוט,
און מע שעפּט מיטן מויל פונעם אויוון דעם פלאַם.

דאָרט באַם שמעלציקן פלאַם, דאָרט באַם פלאַמיקן גאָס,
בא דעם זודיקן העליש־צעזונגענעם קוואַל —
פעכטן נאַקעטע לײַט מיט פאַרסאַרפעטע וויִעס,
און ס'איז פינצטערע נאַכט, און ס'איז ליכטיקער כצאָס.
און אין פײַער — די הענט, און אין קוילן די פיס,
און מע ברענט, און מע בלענדט, און מע קניט, און מע פאַלט.

אַ אשמוירע באַטאָג, אַ אשמוירע באַנאַכט,
און פאַרזאָרגט זײַנען הענט, און די לײַבער—אַנטבלויזט,
און די רוקנס—געשטאָלט, און געפעלדזיקט, און האַרט
און עס בלאָזן זיך באַלן פון פײַער און בראַנד,

אונ זיי פּאָכענ אינ פינצטער, ווי פלאמיקער פויסט
אונ פארפלאָכטנ, פארדרייט איז א האנט אָנ א האנט!

ס'האָט דער אויוונ צעלאכט זיכ מיט שמעלציקע פלעמער,
פעכטנ נאקעטע יונגענ א בלענדיקנ שלאכט, —
פ'איז דער אויוונ — א קוואל, אונ דער קוואל — א באלעמער,
אונ מיט פלאמיקע רערנ, ווי מיט פלאמיקע שויפרעס —
אהינ אינ דער פינצטער, אהינ אינ דער נאכט —
אונ זיי שאלנ א ריס, אונ זיי שאלנ אנ אופרייס...

עפּעס ווילט זיכ פונ נאכט, ערגעצ ציט, ערגעצ גלוסט.
ס'זעצט א ליכט פונעמ לייב. ס'זעצט א ליכט פונעמ הויל.
ס'זעצט פונ שמעלציקנ מויל א געהיימער באשלוס.
ב'מיט א פלאמיקנ באל אפּ א שטאָלענער רער,
אונ מיט שטאָלענער רער אינ געצונדענעמ מויל —
ערגעצ שאלט, ערגעצ שאלט אינ דער נאכט שלוימע־בער".

בא א „מאטעמאטישנ" אנאליז — אונ עכטע, גרויסע סינטעטישע קונסט איז די העכסטע עקאָנאָמיע פונ מיטלענ — וואָלט מענ געקאָנט אויכ אינעם דאָזיקנ ליד געפינענ א ריי איבערכאזערונגענ (אונ דעריבער באַ־לאסט!). אינ אלגעמיינ אָבער, פונ פאָרמעלנ שטאנדפונקט — האָבנ מיר צו טונ מיט אנ א יי נ הײַ ט ל ע כ געוועב. אָביעקטיוו־רעאלע עלעמענטנ זײַנענ ראָמאנטיזירט; די ראָמאנטיק פארבאלאדעוועט אונ סימבאָליזירט. דער ריטמ, די דינאמיק — מאקסימאלע. ס'פרעגט זיכ נאָר: וואָס קאָנ צוגעבנ דערדאָזיקער ערשטער טייל פונעמ קאפיטל צו שלוימע־בערס אינדיווידועלנ פאָרטרעט? זאָל זײַנ דער שמעלצ־אויוונ א סימבאָל פונ זײַנ סאָציאַל־קעמפעריש געמיט?

שווערלעכ מאסקימ צו זײַנ דערמיט.

---

דער צווייטער טייל פונעמ קאפיטל האָט צו טונ מיט ראכמילנ (אגעוו, קימאט צוויי מאָל גרעסער פאר דעמ ערשטנ טייל: 25 פערזנ אונ 14). דאָס שילדער־מיטל דאָסזעלביקע, וואָס פריער, מיט א גרעסערנ נייג צו מיסטעריעזקייט. אנ אייגנארטיקער וואריאנט פונ די קלאסישע קאמ־צאָנישע באלאדעס...

5-טער קאפיטל.

עסטערס צאָרעס, ווענ מענאכעמ־הערש קערט זיכ אומ אָנ א האנט פונ דער מילכאָמע. איר דערמאנענ זיכ, ווי מע האָט אימ צוגענומענ דינענ. זײַנ בריוו פונ דער קאזארמע. זײַנ אומקער אהיימ.

די שילדער־מיטלען — רעאַליסטישע, דער שטאָפּ — אַ שטייגערישער, די מאָנאָלאָגישע מאָמענטן און בריוו — איינפאַך, האַרציק, אָבער „סטיליזירט". דאָס נײַע, וואָס קומט צו מענאַכעמען אַדאַנק זײַן בלוטיקער מילכאָמע־דערפאַרונג, איז די ביטערע איראָניע:

— „וואָס זאָל מען דאָרטן שנײַדן, סערצע עסטער, לעקעך?"

אַ בלוטיקער שפּאַס!

דערווײַל בלויז אויפן אייגענעם כעזשבן. אינעם פאָלגנדיקן קאַפּיטל אָבער — פונעם פּעטשײַעוווער גאַלעך מיט אַ געוויסער מאָס סאָציאַלן פאַרשטאַנד.

6־טער קאַפּיטל.

אַ גאַנץ שאַרפזיניקער דיאַלאָג צווישן מענאַכעם־הערשן מיט דעם פּעטשײַעוווער גאַלעך: איראָניע — דורך קינסטלערישע מיטלען, ווי אַ פּאָן, אײַנגעפלאָכטן אינעם דיאַלאָגישן געוועב — שווינדלדיקע רעוואָליוציע־שטריכן און טעלעגראַמעס: „מאָסקווע. קרעמעל. סמאָלני. צײַטווײַליק. בלוט. רעגירונג. פאַרגיסן". אָבער דער פּאַטעטישער „אויס קיפּיאַטאָק אויף וואָקזאַלן אין רוסישע, אויס קיפּיאַטאָק!" איז איבעריק.

פון וואָס איז דאָ פאַראַן ניספּאָעל צו ווערן?

7־טער קאַפּיטל.

ראַכמילס מויער (בײַ דער שײַן פון ראַכמילס מקיפּעס) דער מויער אין זײַן „איספּאָלקאָמישן" גילגל; אַ שטייגער־בילד פון שטעטלדיקע ייִדן מיט יעזופּן אין דער שפּיץ באַם לייענען די פּאַרקלעפּטע ווענט; אַ שטיקל דיאַלאָג צווישן דעם מעקלער מיט ראַכמילן. נאָכדעם ווי מע עקספּראָפּריִירט אים. אַ נאָקאַז דורך די אָפענע פענצטער פונעם איספּאָלקאָם. דער שווערפּונקט — אין ראַכמילן.

8־טער קאַפּיטל.

די שטימונג פון ערעוו פּאָגראָם אינעם שטעטל. דער פּאָגראָם. אַ זיצונג פון.עם רעווקאָם. דער אָנפאַל פון באַנדיטן אויפן שטעטל. עסטער זוכט די קינדער: שלוימע־בער און אזריל זיך אַרויסגעראַטעוועט. דער שווערפּונקט פונעם קאַפּיטל — אינעם פּאָגראָם־מאָמענט.

9־טער קאַפּיטל.

פּאָגראָם־הארוגים אויפן דניעפּער. אַ גרויזאַם בילד! שאַרפסטע איראָניע!

דער צווייטער טייל פונעם קאפיטל — זייער א געלונגענע באלאדע, ווו די אידייע און שטאָף פאָסטולירן די באלאדישע פאָרם.

אין דעם דריטן טייל פונעם קאפיטל זעען מיר די ברידער אלס פאָווסטאנצעס. דער שווערפונקט אָבער אויך פונעם דאָזיקן קאפיטל — אין דער פאָגראָם־שטימונג. און ביכלאל איז דער גאנצער 9־טער קאַ־פיטל א פאָגראָם־קאפיטל.

## 10 ־ טער קאפיטל.

דער מאָלצייט־שטייגער אין ראכמילס שטוב. ראכמיל בא די פאָ־ליאקן. ווי בענטשיק דער באליידיקטער וואקסט, זאמלענדיק פון קליינ־וויניז אָן פייַנטשאפט און נעקאָמע־געפילן צו זייַנע עלטערן. סערקעס באציִונג צו אים, ביז זי אנטלויפט פון שטוב. בענטשיקס אנטלויפן פונ־דערהיים.

דער שווערפונקט פונעם קאפיטל — דער זאטער גווירישער לעבנ־שטייגער אין ראכמילס שטוב „אין די גוטע צייַטן”.

## 11 ־ טער קאפיטל.

נאָכן פאָגראָם אין שטעטל. לייענענדיק דעם טייַטשכומעש, דער־מאנט זיך עסטער אָן אירע זין. א ריי בי̇אָגראפישע שטריכן און אי־בערלעבונגען, אייַנגעפלאָכטן אין די מייַסעס פון כומעש. א בריוו צו מאכנאָען וועגן די קינדער. די פאָרם פונעם טייַטשכומעש־מאָנאָלאָג איז זייער געלונגען. דער בריוו צו מאכנאָען, אויסער אייניקע קוריאָ־זישע אייַנפאלן, איז אביסל געקינצלט. אביסל האָט אויך פארפירט דער מייַנעלאָשן פון א מוטערס „געבראָכן געמיט”... 13 זייַטן!

## 12 ־ טער קאפיטל.

ווידער דאָס שטעטל נאָכן פאָגראָם; עסטער; שלוימע־בערס און אז־רילס בריוו צו דער מוטער. די געמלאָכעטקייַט פון אזעלכע ערטער, ווי:

„נאָענט איז דער שלאכט פון כאווע־ישער וועלט”.

אָדער:

„מיר וועלן גיך עוין פייַערן דעם כאווערישן ניצאָכן”.

אָדער:

„דער פלאנג איז דאפקע ניט אזוי, אינגאנצן איז דער טייל”.

אָדער:

„דער טיל איז זייער וויכטיק. פונדאָרטן גיט זיי הילפ
די קאָנטר־רעוואָליוציע און דער קאפּיטאל".

דער בריוו צו דער מוטער איז געשריבן מאכמעס דעמ, וואָס די ברידער צעשיידן זיכ: שלוימע־בערנ „כאָלעמט זיכ פלאמענ פונ פּאָטיאָמקינ", און אוריל גייט אוועק קיינ פוילן אפ אונטערערדישער ארבעט.

13־טער קאַפּיטל.

בילדער פונ א פּוילישׁ שטעטל. אוריל קומט אָנ אינ ווארשע און פונדאָרטנ לאָזט ער זיכ אינ דער פּראָווינצ אפ ארבעט. די נאכט אינ צוג, דאָס אָנקומענ אינעמ שטעטל. נעכאָמע די וועבערנ. א בילד פונ אנ ארבעטערנ א קאָמוניסטקע. אויסער אייניקע שטריכנ, וואָס זאָגנ, אז מיר האָבנ צו טונ מיט א ייִדיש־פּוילישער ארבעטערנ, א געוועזענער בונדיסטקע, איז דער שטאָפ סכעמאטיש.

14־טער קאפּיטל.

„שטעטלעכ, צעזייטע ערגעצ הינטער ווארשע", שטייגער אינ א וויי‌כער הומאָר־שיין. א שאָד בלויז, וואָס די צאָל דיאלאָגנ איז זייער קנאפּ. אונ דאפקע דורכ זיי ווערט דאָס געמעל אזוי לעבעדיק און קאָלאָריטיש...

ווידער פורנ, אָנגעזעצט מיט ייִדנ פונ דער „פּראָווינצ", וואָס אנטלויפנ פונ די באָלשעוויקעס. צווישנ די ייִדענעס מיט אויפעס — אנ אומלעגאלער טראנספּאָרט געווער, וואָס פאלט ארייַנ צו אורילנ מיט דער זעקספּונטאָווער הונ, וואָס ער קויפט. דאָס איז, נאטירלעכ, אויכ א שטיק לעבנ־שטייגער פונ די אונטערערדישע טוערס אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער. דער שווערפּונקט אָבער פונעמ קאפּיטל — אינ די שטייגער־שטריכנ פונ די „שטעטלעכ צעזייטע ערגעצ הינטער ווארשע".

15־טער קאפּיטל.

דער צעגאָס, דער צעברויז פונעמ רעוואָליוציאָנערנ רוסלאנד. דער ריטמ — פונ א העקזאמעטער מיט א געמיש פונ עפּיק און פּאטעטיק. דער גאלעכטעס און דעמ גאלעכס טשאסטושקעס. ווייַטער — ווידער עפּיזאָדנ־פלעקנ פונעמ סטיכיע־ברויז. צוגנ „אפ העפקער-וועגנ", א פויער „א בלאסער, א דארער מיט מאָכקנ בערדל מיט בלאָנדנ", א בעטלער

אפ טווערער וואָקזאַל (אגעוו, דערמאַנט פינינבערגס „איסי פון ריאזאַנ”), א „שטרײַק פון בעקלערס און דאַוונער וווּנדיקע קעגן דער הײליקער מאַטקע”, קאַזאַקישע רויב „פאַר זײַן מאַרוסיע ווערגן”, א „העפקער סאָל־דאַטישע היים” אפן בלאָקישן שטײַגער מיט טשאַסטושקעס, א גאַלאָפּ און א רײ עפּיזאָדן, אלס די שילדערונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

## 16־טער קאַפּיטל.

דער אָרעמער פישער וויצעק אפ דער ווײַסל, הינטיש איבערגע־געבן צו די פּריצים, פאַרפאָלגט זײַן זון יאַנעק דעם קאָמוניסט. א גע־היימע פאַרזאַמלונג פון קאָמוניסטן אפ דער ווײַסל, צווישן זײ — אזריל. יאַנעקס ארעסט איבערן פאָטער.

## 17־טער קאַפּיטל.

דער רויטער פּאַנצער־צוג, ווי א ריזיקע, פאַרצײַטיקע כײַע... לויטן שולכנאָרעך פון העראָיִש־ראָמאַנטישע היפּערבאָליזאַציעס... דיזעלביקע ראָמאַנטיזירונג פוןווירקלעכע עלעמענטן — באַם מאָלן דעם שטאַב. צו־ליב דעם יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע א פײַערונג אינעם פּאַנצער־צוג, נאָר זי ווערט איבערגעריסן, ווײַל מע מוז דרינגענדיק ארויסשיקן מענטשן, אײַנצושטעלן א פויעריש'ן אופשטאַנד אין פּעטשײַ־עווער דאָרף און די ספּעקוליאַציע אינעם שטעטל. מ'ווערן קאָמאַנדירט טרובאַ אין דאָרף, און עלוימע־בער — אינעם שטעטל.

בעשאַס מײַסע פאַרהאַלטן רויטאַרמײער בענטשיקן, ווען ער, אנט־לאָפן פונדערהיים, לאָזט זיך זוכן זײַן געליבטע שוועסטער סערקע. מע ברענגט אים מײַסע שפּיאָן אין שטאַב ארײַן, ווו סערקע דערקענט אים. ער ווערט אן ארמײער. דער סאָף פונעם קאַפּיטל איז, ווי לעבע־דיעוו, פאַרשטעלט פאַר א פּאַסטעך, שפּירט אפ די „ראַנדן”. דער שווערפּונקט פונעם קאַפּיטל — ניט אינעם שטאַב, ניט אין די פּאַסירונ־גען, וואָס ווערן זיך צעוויקלען אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען, נאָר אין דער העראָיִש־ראָמאַנטישער געשטאַלט פונעם פּאַנצער־צוג.

## 18־טער קאַפּיטל.

דער מאַטראָס טרובאַ אפן יאָגנדיקן לאָקאָמאָטיוו.
„אפ א שוואַרצער שטיק שטאָל”.
א גלענצנדיק דינאַמיש בילד!

ווײַטער — אײניקע שטײגער־שטריכן פֿונעם שטעטל באַם מיליטע־רישן קאָמוניזם. שלוימע־בערס קעמפֿן קעגן דער ספּעקוליאַציע און דאָס צעשיסן ראַכמילן. טרובעס שטרײַט אין דאָרף פֿאַר ברויט דער רעוואָליוציע און יעזעפֿס אומקום.

אויסער דעם א גלענצנדיק בילד, ווי טרובא טראָגט זיך אַפּן לאָקאָמאָטיוו. דאָס געלונגענסטע אינעם קאַפּיטל זײַנען די „שטעטלשע" מאָמענטן.

19־טער קאַפּיטל.

אזריל וואַרט אַף שלוימע־בערן. די שטעטלעך און פּויערים — אַפּן אָנקום פֿון דער אַרמײ. דער שווערפּונקט — אין די שטײגער־שטריכן.

20־טער קאַפּיטל.

דער טעמאַטישער צענטער — דער אומקום פֿון קאָמונאַרן.
שטײגער־שטריכן בעשאַס די „ווײַסע" אין אָדעס. דער אינהאַלט, די פֿאָרם, דער ריטם — א מין געמיש פֿון בלאָקס „צוועלף" מיט „וואָלינ".

21־טער קאַפּיטל.

דער טעמאַטישער צענטער — דער אומקום פֿון קאָמונאַרן. אויסער־דעם — די לעצטע זיצונג פֿונעם הײַפֿל קאָמונאַרן, ווו שלוימע־בער איז צוזאַמען מיט סערקען. דער גרונט־פֿעלער פֿונעם קאַפּיטל איז דער ראָמאַנטיש־מיסטעריעזער, און כ'וואָלט געזאָגט — דער אידעאָלאָגיש־באַלאַדישער אַספּעקט.

22־טער קאַפּיטל.

שלוימע־בער און בענטשיק. בענטשיק דערציילט וועגן טראָצקיס באַפֿעלן. אַפֿאָנעם, אַז דער כ' מאַרקיש האָט געשריבן די געהעריקע פּערזן, אײדער נאָך ס'האָט זיך אַנטפּלעקט טראָצקיס קאָנטער־רעוואָליו־ציאָנערער מעהוס. יעדנפֿאַלס איצט איז די אָנוועזנהײַט פֿון אָט די פּערזן אין א קינסטלעריש ווערק א פֿאַרד־ראָסיקער פּאָליטישער ליאַפּסוס.
ווײַטער: שלוימע־בער אין דער רויטער קאַוואַלעריע. פֿאַראַן געלונ־גענע פּערזן. דער טעמפּ — א דינאַמיש־באַלאַדישער. ערטערווײַז סעלווינס־קיס ווירקונג.

23־טער קאפיטל.

שטייגער־שטריכן פונעם פוילישן שטעטל בעשאס גײַס אָנגריפ. דאָס געמעל — אן עפיש: גײַס אָנגריפ. דער טעמפּ איז א דינאמישער, א גאלאָפּישער, דאָס געלונגענסטע — די דיאלאָגישע שורעס מיטן אָרטיקן דיאלעקט.

ווײַטער: דער מיטינג אינ שטעטל מיט נעכאָמעס אָנטייל. סכעמאַטיש־הויל, אפּאָנעם מאכמעס דער געשווינדקײַט פונעם ניצאָכן. גאָר ניט באוויזן אָנצוטונ זיך מיט „שטייגער". אָבער פאר „וואָס איז פאר א זייערע? נעכאָמעניו, א בראָכ"... פונ די „שרעק־באלייגטע" ייִדן האָט דעם דיכטער געקלעקט אויג אונ אויער! דער סאָפּ פונעם קאפּיטל, ווי מע צעשיסט דעם אלטן ראָוו.

24־טער קאפּיטל.

דער טיפּוכ-צוג אינ פעלד: שלוימע־בערס היצ-זעונגענ.

דער אלגעמיינער פּאָנ, דער צוג, שלוימע-בערס כאלוימעס — א זעלטנ איינהײַטלעכ געוועב. דער טעמפּ — א באלאדישער.

25-טער קאפּיטל.

נעכאָמע אינ ווארשע בא אזרילן. די געהיימע זיצונג באַם „מיידל". א שטיק „אונטערערדישער" שטייגער.

26־טער קאפּיטל.

הארבסט. דער אומעט אינ בענקשאפט פונ א גאָלדענעם הארבסט — דער פּאָנ פאר דער דעפּרעסיע בא די קאָמונארנ נאָכן אָפּטרעט פונ דער רויטער ארמיי, ספּעציעל בא אזרילנ — מאכמעס שלוימע־בערס ניט־קומענ, וואָס עס „פאלנ אָפּ כאוויירימ". אזרילס אינטימקײַט מיט נעכאָמענ. אזרילס טויט־שפּירונג אונ דער פּראָוואָקאטער. אזריל הארגעט אימ אינ פאקט זיך. דער גרונטפּעלער פונעם גאנצנ קאפּיטל — די סטיליזאציע פונ הארבסט אונ פונ טויט־שפּירונג. אויספירלעכער — בא דעם צווייטנ טייל.

27־טער קאפּיטל.

אזרילס איבערלעבונגענ אינעם „פּאוויאק". זײַנע זעונגענ וועגנ שלוימע־בערנ. דער געריכט. אזרילס אומקום. דאָס „געזאנג פונ ווײַטנ".

28־טער קאפיטל.

...מענאכעם־הערשס אומקומען בעשאסן ארומגיינ איבער די דאָר־פישע כאטעס „אפ דער עלטער אום אליינ".

•

29־טער קאפיטל.

שלוימע־בערס אומקומען אינ די קרימער בערג, זעונגען.

30־טער קאפיטל.

דער עפילאָג. די דאָרפישע אוקראִינע. דאָס צוזאמענטרעפן זיך פונעם פאנצער־צוג מיטן פראָוויִאנט־צוג אפן וואָקזאל, ווו:

„רעלסן זײַנען גרייט, אונ רעדער זײַנען וואכ,
אפ יעטווידן סיגנאל, אפ אופרופ אונ אפ רופ!...

## אויספיר.

אינ אונדזער טיילוויַיזן אנאליז האָבן מיר ערטערוויַיז געהאט אָנ־גערירט פארשיידענע סטיל־מאָמענטן. דער שווערפונקט אָבער איז בא אונדז געווען אינעם פעסטשטעלן די טעמאטישע איינסן פונעם גרויסן הערק: איז וואָס־זשע האָבן מיר באקומען? מיר הייבן אָנ פונעם צווייטן קאפיטל. דעם ערשטן וועלן מיר באטראכטן פונ אנ אנדער שטאנד־פונקט. 2־טער קאפיטל: אָנשטאָט אורילס אונ שלוימע־בערס קינדהיַיט א זעלבשטענדיקער מענאכעם־הערש־קאפיטל.

3־טער קאפיטל: אָנשטאָט דער סאָציִאלער מיט קאָנ־פליקטן אָנגעזעטיקטער אטמאָספער אלס א שמעלצ־אויוונ פארנ בעהאדראָגעדיקן אופקום פונעם פראָלעטארישנ קאמפ־באוווסטזיַינ בא די ברידער — א זעלבשטענדיקער פאָרטרעט מיט א יעזועפ־צוגאָב דערצו.

4־טער קאפיטל: דיזעלבע גענעאלאָגישע פראָבלעמ. געפרווט לייזנ אפ א סטיליזירטנ באלאריש־מיסטעריעזנ אופנ, האגאמ מיט דער קראפט פונ א ריי גלענצנדיקע בילדער.

5־טער קאפיטל: דורכויס א מענאכעמ־עסטערישער.

6־טער קאפיטל: מענאכעמ־הערש אונ דער גאלעכ.

7־טער קאפיטל: ראכמיל.

8־טער קאפיטל: פאָגראָמ־מאָמענטנ.

9־טער קאפיטל: פאָגראָמ־בילדער.

10־טער קאפיטל: ווידער ראכמיל.

11־טער קאפיטל: ווידער עסטער.

12־טער קאפיטל: א בריוו צו דער מוטער.

העיויס, ווי פונעם 13־טן קאפיטל הייבט זיך אָן דער „פוילישער״ טייל פונעם בוך, קאָן מען די אויבנגעבראכטע 12 קאפיטלען רעכענען פאר א גאנצן טייל. איז וואָס־זשע פאר א „סטרוקטורישן״ אויספיר באדארף מען מאכן בענעגייע דעם געבוי דערוויַיל בלויז פון דעם־דאָזיקן טייל?

אפּאָנעם, אז אָט וואָס פאר אן אויספיר: דער ערשטער טייל פונעם בוך, וואָס כאפט ארום דעם צײַט־אָפשניט פון דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע ביזן צעשיידן זיך פון די ברידער (נאָכדעם ווי זיי זײַנען א קורצע צײַט שוין געווען בא דער מאכט אינעם שטעטל), און וואָס האָט אונדז באדארפט געבן, קינסטלעריש נאטירלעך, די סאָציאַל־שטייגערישע גענעאלאָגיע פון צוויי יידישע ארבעטער — באָלשעוויקעס, איז ווייניקער פאר אלץ א „ברידערישער״. דעם קינסטלערישן אויבנאָן פארנעמען אין איר: מענאכעם־הערש דער שנײַדער, ראכמיל דער גוויר, די מוטער עסטער, דער גאלעך, יעזעפ דער מעקלער, דאָס שטעטל און לעסאָפּ — די בר דער.

נעמען מיר דעם צווייטן טייל פונעם בוך (לויט אונדזער טיילונג), איז האָבן מיר דאָ קימאט דיזעלביקע עקסטענסיווע סטרוקטור (פון די 16 קאפיטלעך זײַנען 8 „רוסישע״ און 8 „פוילישע״). דער שווערפונקט פון די „רוסישע״ — איז די רעוואָליוציאָנערע סטיכיע אין רוסלאנד, דער פאנצער־צוג, דעם מאטראָס טרובאס אופטועג, די „ווײַסע״ אין אָדעס, דער טויט פון קאָמונארן, בודיאָניס קאוואלעריע, שלוימע־בערס שליכעס און שטארבן.

אין די „פוילישע״ קאפיטלען האָבן מיר: שטייגער-שטריכן פונעם פוילישן שטעטל בעשאס גײַס אָנגריף, א יידישער (נעכאָמע) און פוילישער (יאנעק) קאָמונארן, גײַס אָנגריף, דעם טויט פון א ראָוו און אזרילס אומקום אינעם „פאוויאק״.

אזויארום, באטראכטנדיק די קאָמפּאָזיציע פונעם גאנצן בוך (דערוויַיל ריין סטרוקטוריש), קומען מיר צום אויספיר, אז ניט שלוימע־בער און אזריל זײַנען דער פּאָקוס, די טרעגערס פון דער קאָלאָסאלער דיכטערישער אונטערנעמונג. אלפיטאָעס טראָגט דאָס ווערק זייער נאָמען, האגאמ אויך זיי נעמען א באשטימטן אָנטייל אינעם גאנצן געוועב־

מארקיש דער טעמפעראמענטפילער דיכטער איז לעסאטע א שלעכטער קאָנסטרוקטער... א גרויסער שאָד.

## 2. געשטאלטן.

מיט דער סטרוקטורישער דיספראָפּאָרץ פונעם ווערק ווערט נאָך ניט געלייזט די „ברידער־פּראָבלעם" פונעם בוך. אָפּגעשוואכט פון דער זײַט (אונ דאָס איז אומפארמײַדלעך בא אזא סטרוקטור), זײַנען עפשער די ברידער, פאר זיך גענומענ, קינסטלעריש געלונגענע געשטאלטן? אויב יאָ, וואָלט מענ געקאָנט קאָנסטאטירן א דיספּראָפּאָרץ צווישן די „אָר־גאניזאציאָנעלע" אונ קינסטלערישע מאָמענטן אינעם ווערק — אונ גאָר, דערווײַליקע אומגלײַכמעסיקײַט אינעם דיכטערס אָנשטרענגונגען... צום באדויערן, אָבער, ווײַזט אונדז דער אנאליז, אז מיר האָבן צו טון מיט א צווייענדיקער שוואכקײַט: העג מיט א סטרוקטורישער, חען מיט א „פּאָרטרעטישער" (די רייד איז דאָ בלויז וועגן די ברידער־געשטאלטן).

פון אונדזער „סכעמאטישן" אנאליז וויסן מיר שוין, אז אינעם 7־טן קאפּיטל ווערט דערמאנט וועגן איינעם א מאָמענט, ווען דעם שנײַדערס „טאנע" איז בא דער מאכט. די רייד איז, אלזאָ, וועגן איי־נעם פון די וויכטיקסטע, אויב ניט וועגן דעם וויכטיקסטן קנופּ אינעם ווערק: ארבעטער „פּאלגעס" — בא דער מאכט, באם אָקטיאבער־רודער! איז וואָס־זשע וויסן מיר וועגן יענע אומשטענדן — אינדיווידועלע, סאָ־ציאלע א. ד. גל., וואָס האָבן דערפירט אונדזערע ברידער צום דאָזיקן שפּיץ פונעם פּראָלעטארישן באוווּסטזײַן אונ אָנ־שטרענגונגען?

פ־נעם צווייטן קאפּיטל, וואָס דארף געבן די ברידערס קינדהײַט, דערוויסן מיר זיך בלויז וועגן דעם, אז אזריל איז א פארקאָכטער פיד־לער אונ שלוימע־בער — א ניט־וויניקער היציקער טויבן־יונג. ווײַטער הערן מיר די ברידער זינגען ארבעטער־לידער, אגעוו — בונדישע: צוויי, הייסט עס, שטריכן: אנ אינדיווידועל־יינגלשער (בא ביידן) אונ א דער־וואקסן־סאָציאלער (אויך בא ביידן).

וויאזוי־זשע איז פאָרגעקומענ דידאָזיקע העכסט וויכטיקע פארוואנדלונג? פּאָשעט: וויאזוי זײַנען געוואקסן אונ אונטערגעוואקסן אזריל אונ שלוימע־בער? וועגן דעם דערוויסן מיר זיך, ריכטיקער, באדארפ מען זיך אָנשטויסן פון... זייער מוטער עסטערס דערמאנענ זיך באם לייענען דעם טײַטש־

כומעש; אויך פונעם 9־טן קאפּיטל, ערשט דאַן, ווען די ברידער, אָפּ־געווען א מאָמענט בא דער מאכט, זײַנען שוין פּאָווסטאנצעס. עטוואָס האָבן מיר אויך אינעם 4־טן קאַפּיטל.

צו זיבן יאָר האָט אזריל אליין געמאכט א פידל פון בלעטלעך און פון האָר און כ׳ווייס דאָרט נאָך פון וואָס.

צו „אכצן יאָר געענדיקט", ארבעט ער שנײַדערײַ „און נאָך דער ארבעט גאנצע שאָען פידל", קוויקנדיק „יעדן איינעם דאָס הארץ". מיט דערדאָזיקער פידל־שפּיל איז אונדזער אזריל אזוי פארקאָכט, אז:

„אוועקגעשטעלט זיך שפּילן שבייסענאכטס,
איז ניט אוועקגעלייגט ביז זונטיק אינדערפרי"...

און שלוימע־בער?

„דער יונגער שלוימע־בער האָט ניט געוואָלט זיך לערנען,
צו קיין מעלאָכע ניט גוכטירט, געכאָוועט טויבן.
האָט מענאכעם אים אוועקגעפּ־רט צו שפּ־לבערגן אין הוטע,
א קינד — און ס׳האָבן בא אים גלײַך פארביטן זיך די אויגן.
א גאנצן טאָג געברענט, א טאָג א גאנצן זיך געבראָטן.
דערנאָך? דערנאָך האָט ער צו טון געהאט מיט טויבן". (ז. 93)

פארקאָכט אין פארשיידענע שפּילן, דערבײַ אזעלכע, וואָס פלעגן „שטערן איינע די אנדערע, פלעגן די ייִנגלעך זיך אָפּט קריגן: אזרילס פידל־שפּיל

„פלעגט שטערן שלוימע־בערס טו־בן צו פּאָרן זיך.
נאָר ביידע האָבן פלוצלינג זיך פארשריבן אי־ן א כעוורע.
פארלאָזט די טויבן, איינזאם הענגט דער פידל;
און ביידע גייען ערגעץ אפּ מאני־עיורעס
און לערנען זיך צוזאמען זינגען ל־רער.
מע סוידעט זיך א גאנצע נאכט ביז אינדערפרי.
מע קומט אלץ שפּעטער נאָך, מע סוידעט זיך אלץ מער.
און איינער זאָגט דעם אנדערן: כאוועֵר אזריל.
דער אנדערער דעם ערשטן: כאוועֵר שלו־מע־בער". (ז. 94)

ווײַטער, אינעם 4־טן קאפּיטל — וועגן זײַנע פּאָרמעלע מײַלעס האָבן מיר געהאט דערמאנט שוין אויבן — זעען מיר, ווי

„אין סרייפע זיך שמידט און זיך גליט שלוימע־בער"

און:

„נו, נ׳מיט א פלאמיקן באל אפּ שטאָלענער רער,
און מיט שטאָלענער רער אין געצונדענעם מויל —
ערגעץ שאלט, ערגעץ שאלט אין דער נאכט שלוימע־בער". (ז. 33)

אלזאָ: אזרילס און שלוימע־בערס פידל־טויבן־שפילן, זייער געהיימע „פארשרייבן זיך אין א כעוורע", זייערע „כאווער"-באציונגען, דאָס זינגען לידער און שלוימע־בערס „שאלן אין דער נאכט" (פאר זיך א גלענצנדיקער סימבאָל) — צי איז עס גענוג פאר דער אויספורעמונג פון צוויי באָלשעוויקעס?

מע קאָן דערווידערן: נו, און די שטוב, די ארבעטנדיקע אין שטעטל, ראכמיל דער קאפיטאליסט, די מילכאָמע א. ד. גל.?

איז דערינ טאקע דער פעלער, וואָס דידאַקטיש ווי די טיפּיזירטע קאָמפּאָנענטן זיינען געגעבן זעלבשטענדיק, ווי זעלבשטענדיקע עלעמענטן, און ניט ווי קאָמפּאָנענטן, ווי אָנטיילנעמערס פון קינסטלערישן בילד־געוועב. אויסערדעם: ווו איז די מאסע, די „כעוורע", די קאָנפליקטן און צוזאמענשטויסן מיט ראכמילן? מע קאָן דאָך ניט רעכענען דעם לעצטנס זעונגען פאר א רעאל־קינסטלעריש בילד. ס'איז קיין סאָפעק ניט: דער שטאָף, וואָס מארקיש ברענגט פאר דער קינסטלערישער געשיכטע פון זיינע הויפּט־העלדן (דערוויילע איז די רייד וועגן דעם ערשטן עטאפּ), קלעקט אפילע ניט פאר קיין סכעמע.

דעמזעלביקן, דערביי נאָך מער קאמצאָנישן סכעמאטיזם — שוין אָפּגערעדט פון קינסטלערישער שילדערונג — האָבן מיר באם שילדערן די „רעוואָליוציע" אינעם שטעטל (אינעם 7־טן קאפיטל). די ווענט פון ראכמילס טויער, ווי זיי „שרייען מיט באפעלן און מוידאָעס", ווי זיי „סליונען מיט קליי" א. ד. גל., זיינען זייער בילדעריש און מיט גרויס געניטקייט געמאָלט, אגעוו אָן דעם אימפּעט, וואָס־איז קושניראָווס „ווענט"; ראכמיל און יעזעפ מעקלער זיינען אויך ניט פארגעסן געוואָרן. די רעוואָליוציע אָבער איז געגעבן אָט וויאזוי:

„ס'פארמאכט זיך נישט די טיר, מע לויפט, מע פאנאָמארעוועט.
און ס'באָמבלט זיך בא יעדן נאָך א רעוואָלווער.
דערקענט ער זיי, ראכמיל: פון הוטע, פון שליפארניע.
און דאָס רעדל דרייט אינגאנצן שלוימע־בער.
און אָפּן איז א פענצטער פונעם צווייטן גאָרן.
און ס'זעען זיך די לערערנע פלייצעס אפן גאס.
און עס הערט ראכמיל — אז ווי איז צו די יאָרן, —
ווי דעם שניידערס טאנע לייענט א פריקאז:
„צו אלע ארבעטער און פויערים פון לאנד,
צו אלע בירגערנס און בירגער פון דער שטאָט"...

„ראכמי'ל כאפט א קוק, א פּאַכע מיט דער האנט
אין קרימט זיך נאָך דעם קאָל, פארגיכערט שנעל דעם טראָט.
ס'רייַסט אלעמאָל זיך איבער. ער קאָן ניט אלץ דערהערן.
ער קאָן ניט אלץ דערהערן דערהערן און דערשנאפּן, וואָס מע טוט דאָ.
נאָר איינעם הערט ער גוט. דעם בונטאָווניק שלוימע־בערן.
און ס'דאכט זיך, אז ער שרייַט דאָרט : „דורכלאָזן די הוטע".
און די ווערטער שנייַדן, דרעליעווען די אויערן,
און די ווערטער קלינגען הילכיק פון די ווענט:
„אָרגאניזירן אן ארמיי פון ארבעטער און פּויערים,
וואָס וועט זייַן א טעסטונג און א פונדאמענט." (ז. 60־61)

די אויסערלעכקייַט פון דער רעוואָליוציע, דערביַי בלויז פון איינעם אירן אן עפּיזאָד — דורך די פענצטער. פון ראכמילס מויער... די ווענט מיט דער גרעסטער געניויקייַט, און שלוימע־בער? בלויז דאָס קאָל. איז עס ניט קיין ביטערער פארדראָס, כ' מארקיש? זאָגט אליין.

א צווייטן אויספּיר, וואָס מע באדארף אים דאָ מאכן, איידער מע גייט אריבער צום אנאליז פון די ווייַטערדיקע שטריכן אינעם קינסטלע־רישן פּאָרטרעט פון די ברידער, איז, אז אונדזער דיכטער האָט, צום באַ־דויערן, אפּאָנעם פארזען די גרויסע קינסטלערישע און געזעלשאפטלעכע וויכטיקייַט פון דער „באָלשעוויקעס־פּראָבלעם" פאר דער יידישער סוויווע און קונסט.

אלע יידישע נאציאָנאל־מענשעוויסטישע פארטייען, אָלעוואשאָלעם, בעראָש מיטן „בונד", האָבן זיך, ווי ס'איז באוווסט, געהאלטן פאר די „איינציקע פאָרשטייערס פונעם יידישן פּראָלעטאריאט", מיינענדיק, אז אויסער זיי זייַנען ניט פאראן קיין אָרגאניזירטע יידישע ארבעטער. דאָס האָט, פארשטייט זיך, ניט אנטשפּראָכן דער ווירקלעכקייַט. די בעסטע פון די יידישע ארבעטער זייַנען פון אָנהייב אָן געווען אין די אלגע־מיינע רייען, האָבן געהערט צו דער באָלשעוויסטישער פראקציע פון דער ר. ס. ד. א. פּ. ווידער זייַנען אויך אין די יידישע נאציאָנאל־מענטשעוויסטישע פארטייען געווען פּראָלעטאריער, וואָס די „טעאָרע־טישע" קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ האָט זיי געפירט בא דער נאָז, און ווי נאָר ס'האָט אויסגעבראָכן די אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אזוי גלייַך האָבן זיי געריסן מיט די פירערס־פארפירערס, „דעזערטירנדיק" אינעם לאגער פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. איז עס א העכסט וויכ־טיקע פּראָבלעם ניט בלויז פאר דער מארקסיסטישער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, נאָר אויך פאר דער

יידישער רעוואָליוציאָנערער קונסט, וועלכע דארפ בילדעריש ווייזנ אונ, אזויארום, דערקלערנ דעם אופקומ פונ יידישע ארבעטער—באָלשעוויקעס־קאָמונארנ. דער קאָנקרעטער שטאָפ, וואָס מיר האָבנ צוליב דעם אינ מארקישעס „ברידער“, צווינגט אונדז צו מאכנ דעם אויכפיר, אז אונדזער דיכטער האָט איינפאכ פארזענ דידאָזיקע פּראָבלעם. זאָגט עס עפּשער איידעס אפ א. ניט־גענוגנדיקער פּאָליטישער אונ היסטאָרישער קולטור.

געוויס איז דער ריכטיקער באנעמ פונ באשטימטע פּראָבלעמעס נאָכ קלאל ניט קיינ גאראנטיע פאר קינסטלערישער געלונגענקייט, אונ אנ אינייענ איז עס אזא, וואָס מע דארפ, דוכט זיכ, ניט ריידנ קיינ סאכ וועגנ אימ: ס׳איז קלאָר, ווי דער טאָג. דערפונ איז אָבער אינ קיינ אויפנ ניט געדרונגענ, אז אידעאָלאָגיש ריכטיק באנומענע פּראָבלעמעס קאָנענ ווייניק וואָס געבנ דער קונסט, דער בילדערישער שילדערונג. ניינ! זייער באדייט איז קאָלאָסאל פאר די אָנשטרענגונגענ פונעמ קינסטלער.

ס׳איז אומבאשטרייטבאר: מיט פארשטאנד פאר דערדאָזיקער פּראָבלעמ וואָלט מארקיש דערגרייכט צו באדייטנדיקע רעזולטאטנ!

מיר זעצנ פאָר אונדזער אנאליז פונעמ שטאָפ, וואָס איז פאראנ אינ דעם צווייטנ טייל פונעמ בוכ פאר דער קינסטלערישער כאראקטעריסטיק פונ די ברידער־באָלשעוויקעס, ווענ זיי „פּוקצירנ שוינ ענערגיש“. בעגייע צו זייער אויספורעמונג האָבנ מיר עס געמאכט איינצייטיק פאר ביידע; איצט—פאר איטלעכנ באזונדער.

שלוימע־בער.

1. פונעמ 17־טנ קאפיטל דערוויסנ מיר זיכ, אז:

„אונ מיט א מאנדאט באקעמפנ ספעקוליאציע,
אראָפּ איז פונעמ פאנצער־צוג אינ שטעטל שלוימע־בער“.

דערביי קומט אומ דער שטעטלשער גוויר ראכמיל.

גראדע דידאָזיקע „עקסקורסיע“ שלוימע־בערס צו זיכ אינ שטעטל, דערביי מיט אזא שליכעס, איז זייער א דאנקבארע געלעגנהייט דורכנ שארפסטנ סאָציאלנ קאָנפליקט אויסצוועבנ דעם אינדיווידועלנ פּאָרטרעט פונעמ קעמפער. וואָס־זשע האָבנ מיר בא מארקישנ?

דאָס שטעטל, די שטיבלעכ, די ווענט, יאָזעפ מעקלער, שטייגער-דעטאלנ פונעמ מיליטערישנ קאָמוניזמ, שושקערייענ וועגנ שלוימע־בערס קומענ אונ...

שלוימע-בערס ווערטער „ווי די פונקען" פון די פענצטער...

„קאָנטראַבאַנדע—זיי! ספעקוליאַציע—זיי!
און די רעוואָליוציע גייט דאָרט אויס פון הונגער,
און די קליינע קינדער גיט מען זייפ!...
...און אין גרויס געפאַר שטעלן זיי די פרייַהייט,
און דער רעוואָליוציע—טרעפן זיי אין רוקן.
אָט וועט מען א פאָר און נאָך א פאָר צעבייַטן.
וועלן זיי פאַרגעסן, וועט מען זיך באַרויקן".

צוויי מאָל קערט זיך אום שלוימע־בער צו זיך אין שטעטל, צוויי מאָל — מיט שאַרפסטער רעוואָליוציאָנערער שליכעס: אַלס די שטעטלשע מאַכט און אַפ צו באַקעמפן די ספעקוליאַציע, און ביידע מאָל הערן מיר אים בלויז דורכן פענצטער.

2. אפן וועג פון אָדעס. א פינצטערע נאַכט אין די בערג. שלוימע־בער מיט סערקען. דער שטורעמדיקער גרויזאַמער יאַם. די גרויסע רעוואָליוציאָנערע אופגאַבע און די טויט־געפאַרן מאַכן באַזונדערס אינטים די קעמפערישע כאַווערישקייַט און לייזן אופ די געמיטער און צינגער. הערט אָבער, ווי שלוימע־בער רעדט, דערמאַנענדיק זיך וועגן אזרילן, וועגן ראַכמילס טויט א. ד. גל.:

„שוין אַזויפיל געהאַנגען, געהאַרגעט, און נאָך
עפעס דאַרף מען אזא... אזא... שרעקלעכן בראָך!
פאַרשטייסט, דער בורזשוי—קוקט זיך און לאַכט,
און ציילט אונדז די קעפ, ווי די רענדלעך אין מאַרק..."

און ווייַטער: „סערקעלע, פאַרשטייסט, ס׳איז דאָך קלאַסן קעגן קלאַסן" (ז. 188). ניט איבערצייַגנדיק.

3. אויסגעשטאַנענע טיפוס (דער געהעריקער 24־טער קאַפיטל איז זייער א בילדערישער און קינסטלעריש־איינהייַטלעכער), דערלאַנגט שלוימע־בער צוזאַמען מיט זייַן כינעזישן כאַווער צו די קרימער בערג, וווּ ס׳איז אים באַשערט העלדיש אומצוקומען. אָבער א מאָדנע זאַך: דערדאָזיקער אומקום שלוימע־בערס איז אַזיוווי אָנגעשנורעוועט אַפ א באַזונדערן טויבן־פאָדעם, ווערט באַלויכטן דורך א באַזונדערן טויבן־אַספעקט...

טראַכטנדיק וועגן זייַן היים, וועג אזרילן—אין די שלאַכטן שוין פלעגט ער מיט א באַזונדער געפיל דערמאַנען די טויבן; אין די קרימער בערג לערנט ער זייַן מיטקעמפער דעם כינעזער „טויבן־כאָכמע". אומגעקומען, ווערט ער—אין דער פאָרם פון א דיכטערישער זעונג—אַלייַן מעגולגל אין א מין פליִענדיק געשטאַלט!

„א סימכע איז א ליכטיקע אין בלויע האָריזאָנטן,
עס טראָגט דאָרטן ארום א מעווע — שלוימע־בער!״

און ווײַטער:

„שלוימע־בער אף ווײַטן, שלוימע־בער אף ברייטן,
ווײַנגערטנער דערשראָקענע, פערשקעלעך און טרויבן.
ווו ביסטו, שלוימע־בער, דו זאָלסט אזא געשריי טון:
„אז וואָס איז דען דאָס הארץ מיר טײַערער פון טויבן?״
פון טאָטערישן קרים און צו קאווקאזער בערג,
אף כוואליעס אף געזאָטלטע מיט רויטע אינדערפרין —
רײַט דאָרט אן ארמייער א פארקלערטער שלוימע־בער,
ערגעץ אף אנטקעגן — סערקען און אזרילן...
... רײַט ער, שלוימע־בער, — פארקלערט פארקוקט פונויבן.
ס'איז צעבליט זײַן הארץ — א וונד אין רויטע פאסן:
מע דארף שוין ניט, מע דארף שוין ניט אצינד פאר זײַנע טויבן
אָנגיסן די שיסעלעך פולינקע מיט וואסער.
אף דער הוט — א שטערן, אף די שטיוול שטויבן,
רויט זײַנען די האָר — פרימאָרגנדיק מיט טויען.
מע דארף שוין ניט אצינד פאר דײַנע טײַערינקע טויבן
ארופטראָגן אין טויבנשלאק דעם ארבעס מיט פאָפשויען״.

אלזאָ שלוימע־בער טראָגט זיך איבערן שטעטל

„מיט פיס, ווי מיט א שער, די לופטן הילכיק שנײַדט ער״ —
(שאגאלס ייִד פליט מיט א פידעלע, אזריעלדיק...)

און פרעגט זיך אלץ נאָך אף די ליבע און נאָענטע: אפן פאָטער, אף דער מוטער, אף אזרילס פידל־שפילן, אף די טויבן... נאָר אזריל איז שוין אויך ניטאָ.

„ער צעשרויפט א רעלס אף שטענדיקע מילכוועגן...

שלוימע־בער פארקערעוועט.

„אזריל, אזריל, ס'איז שווער? אוי, ברודערל, ס'איז שווער דיר?
איך וועל גיין, כ'וועל גיין צו דיר אף פרייד און אף געפארן!..
ערגעץ האָט א טויבנשלאק אן אלטער ניט דערווארט זיך!..״

ניט דערווארט זיך האָט אויך דער אלטיטשקער, אָפּענער טײַטשכומעש. די מוטער איז אוועק „ערגעץ אף די וועגן״ אופזוכן די קינדער. זײַנען געבליבן:

„לײַכטער צוויי צוקאָפּנס, אומעטיקע גלײַכע,
ס'הײַזס אראָפּ צום פאָל דער שאבעסדיקער טישטעך,
קיינער וועט דעם טײַטשכומעש מער שוין ניט פארמאכן...
מער שוין ניט פארמאכן, מער שוין ניט קיין קוש טון...

גיט זיך נאָך דער טײַטשכומעש א שורווע מיט די בלעטער,
גיט זיי נאָך א הייב, ווי טויטע פליגל דארע.
ווו איז זי, די מאמע פינצטערע פאַרטרעטנ,
שנייעלעכ קאָהעלשע—וואשנ זיך אונ טארעג...

פינצטער איז דאָס שטיבל, ווי א קייווערשער באַלעמער,
פינצטער האָט דער טײַטשכומעש דעמ שטיבל אלצ דערצײלט,
טוט ער אויס די ווענט, פארוויקלט זיך אינ דעמערנ
אונ שטעלט זיך אפנ שטעטל, ווי א שטיינערנע מאצייווע!..

נאָר אינדערהייך שנײַדט אופ דעמ הימל דעמ פארבלײַטנ
אנ אופגעבליטע בלאט, א בלאט, ווי א שטיק פײַער,
אונ ס'לייענענ זי די ווינטנ, אונ ס'לייענענ זי די ווײַטנ:
„אינ אָנפאנג איז געווענ געראנגלעניש פאר פרײַהײַט!"

ווי כאראקטעריסטיש עס זײַנענ דידאַזיקעביידע זעונגענ: שלוימע־בערס פלי־געשטאלט אונ דעמ טײַטשכומעשס אליע! געוויס, איז די זאכ ניט אינ שלוימע־בערס טויבנ־פארקאָכטקײַט, פאר זיך גענומענ. אדעראבע, ס'איז א שטריכ, אפילע אנ אינדווידועלער אינ א געוויסער מאָס, אָבער אינ מארקישעס דיכטערישער אינטערפרעטאציע הייבט עס אָנ באקומענ א באשטימטע סימבאָליסטישע פערספעקטיוו. דאָסגלײַכנ—שלוימע־בערס פלי־געשטאלט. דאָ איז ווידער טאקע דער שווערפונקט ניט אינ דער „ווירקלעכקײַט" פונ דערדאָזיקער זעונג: אומרעאל אינ געוויינלעכנ זינענ, האָבנ דאָך דיכטערישע זעונגענ זייער געזעצמעסיקע „ווירקלעכקײַט", אונ פאנטאסטיק איז ניט שטענדיק א סימענ פונ סימבאָליזמ. ווענ־זשע אָבער? ווענ די רייד איז בלויז וועגנ א באשטימט פאָעטיש מיטל אונ גאָר! אנדערש איז אָבער בא מארקישנ, בא ווועמענ די באלאדישקײַט איז גאנצ אָפט ניט בלויז קיינ הויל־קאָמפּאָזיציאָנעל מיטל, נאָר א באשטימטע וועלטשפירונג אזא.

יאָ, ס'איז א טעמע פאר א ספּעציעלנ אנאליז, אָט די „באלאדישקײַט", ווי א באשטימטע וועלטשפירונג אזא.

אלזאָ: הינטער מארקישעס זעונגענ שטייענ אָפט טרײַב־קרעפטנ פונ גאָר אנ אנדער פסיכאָלאָגישנ שניט, מיט א בעפיירעשנ אידעאליסטישנ עקוויוואלענט...

ווענ בלאָק האָט פארענדיקט זײַנ פאָעמע „צוועלף" מיט דער יעזוס־זעונג—יעזוס בעראָש פונ די „צוועלף רויטגווארדייער",—האָט ער אויכ אינזינענ געהאט א גאנצ רעאלנ, רעוואָליוציאָנערנ צוועק: צו בארעכטיקנ אפ א באזונדערנ שטייגער די „וועלט־סרייפע". דאָסגלײַכנ האָט

אויך שאגאל געהאט א באשטימטע גאנץ רעאלע, רעוואָליוציאָנער־פּאָזיטיווע קינסטלערישע אידייע אין זײַן בארימט בילד. ס׳וואָלט אָבער געווען א טאָעס צו האלטן עס בלויז פאר א באשטימט פּאָעטיש, דור־כויס פאָרמעל שילדערונג־מיטל, ניין: בלאָקס סימבאָליק איז א „סימבאָ־ליסטישע“, אנ אידעאליסטישע. און פון אידעאליזם ביז... פעטישיזם און מיסטיציזם איז דאָך, ווי ס׳איז באוווסט, שוין ניט אזוי ווײַט...

שליסן שלוימע־בערס קינסטלערישן פּאָרטרעט, דעם פּאָרטרעט פון א באָלשעוויק—א קעמפער אין א גראנדיעזער (לויט דער פארמעסטונג) רעוואָליוציאָנערער עפּאָפּייע מיט א שאגאל-וואריאַנט איז בעשומויפן ניט בלויז קיין פאָרמעל-פּאָעטישער מאָמענט!

וואָס איז שײַעך דעם צווייטן אקאָרד־בילד: די אליָע פונעם עלנטן טײַטשכומעש — איז עס אויסגעמעלאָכעט, דערבײַ ניט אָריגינעל.

———

## אזריל.

אזריל איז אין פוילן אפ אונטערערדישער ארבעט. זעען מיר אים דאָ בא פארשיידענע סיטואציעס, ביז ער קומט ניט אום מארטירעריש. אנאליזירט מען דעם געהעריקן קונסט־שטאָף, אזוי איז מען ווידער גע־צוווּנגען צו מאכן דעמזעלביקן באלאנס, וואָס בענעגייע צו שלוימע־בערן.

„אונטער פרעמדע הימלען, אונטער פרעמדע שטערן,
צווישן פרעמדע גאסן, אפ א פרעמדער ערד,
האָט אזריל געכאָלעמט—קיין וואַרשע וועט דער ערשטער
קומען שלוימע־בער צו רײַטן אפ א פערד.
ער וועט אפן פלאַץ זיך שטעלן פארן ראטוש,
זיצן אפן פערד און קוקן אפ דער שטאָט —
וועלן זיך אליין פאנאנדערגיין די גיראטעס,
חעלן זיי אליין זיך לייגן צו זײַן טראָט!

ליכטיק און באפליגלט — מעסלעס וועט נאָך מעסלעס גיין,
ווו זײַנען שינעלן? ווו זײַנען די גרויע?
פאָנען וועלן פלאטערג, פאָנען וועלן פליעסקען,
אָט אפ זײַנע אקסל, אָט ערגעץ אין רוים.

פאָנען, ווי די טויבן, פאָכערן און פליעסקען,
פאָכען פרייד אפ ווינטן, פאָכען פרייד אפ וועגן, —
און אזריל—א ליכטיקער, א שטראלנדער, א גרעסערער
גייט צו זײַנע ברידער, גייט צו זיי אנטקעגן“.

אין אזא צושטאנד באהערשט אזרילן א „ליכטיקע זעונג“:

„הײַזער פון די שטאמענ, פרײַדיקע, זיך רײַסנ,
ערגעצ איבער גרענעצנ גײט דאָס גאנצע לאנד דאָרט,—
און רויטינקע מאטראָסנ הײבנ אופ דאָס ווײַסל,
און טראָגנ עס איג דער הײך—א פלאטערדיקנ שטאנדארט,
און אפ ווײַסל לײַבער פליעסקענ זיך דאָרט בלײַענדיק,
ווי צעבליטע אויסיעס־אופשריפטנ אזוינע:
„שטײט אופ איר, פראָלעטאריער. שטײט אופ פונ אלע לענדער!”
ווײַטער קאָנ אזויל דאָס בלענדקסאוו מער ניט לײענען.
לײענען עס די המלען, לײענען עס די ווײַטן.
און גיבוירים־בערג די קעפּ צו דעם פאריײַסנ, —
מיט בליצנדיקע אויגנ, מיט שטערנ, ווי מיט שײַטערס,
לײענען עס קארפּאטן, טאטרע־שפּיצנ ווײַסע”.

פרעגט זיך אָבער: וואָס קאָנ געבנ דידאַזיקע „שטראַלנדיקע” סטיליזאציע דעם אינדיווידועלנ פּאָרטרעט פונ א באָלשעוויק — אנ אונטערערדישנ טוער?

נאָר בא א גרויסער נאכלעסיקײַט—אויב ניט מערער—צום סטילנגעברויך; נאָר בא דער דיספּראָפּאָרצ און זײער אָפּט ווידערשפּרוכנ צווישנ טאלאנט און קולטור, צווישנ טאלאנט און אינטעלעקט, וועלכע איז (די דיספּראָפּאָרצ), צום באדויערנ, פאראנ ניט בלויז בא אײנ מארקישנ, קאָנ אזוינס געמאָלט זײַנ: א באָלשעוויק מיט א קאָרבאָניש־עמאָציאָנעלנ אונטערשלאק.

2. איבערגעבנדיק אינעם פּאָריקנ ארטיקל דעם אינהאלט (סכעמאטיש, נאטירלעך) פונעם 26־טנ קאפּיטל, האָבנ מיר דעם גרונט־פעלער פונעם דאָזיקנ קאפּיטל (די רײד איז דאָ מיקויעך דער דעפּרעסיע בא די פּוילישע כאוויירים אינ פארבינדונג מיט דער מאפּאָלע פונ גײַס ארמײ) פּאָרמולירט, ווי די סטיליזאציע פונ הארבסט און טויט־שפּירונג. באדארפ מענ עס איצט באווײַזנ.

„נאָר מיט דער פונ הארבסט, נאָר מיט פאל פונ בלעטער,
פאלנ עפּעס הערצער,
פאלנ צו דער ערד צו.
און דער טריבער פאל, ווי גלעקער־גלאָק, דערהערט זיך. *)
ס'איז דער זומער דאָ נאָך—עפּעס נאָך פארטײַעט ער
ערגעצ אינ די ווײַטנ,
ערגעצ אינ די רוימענ,
ערגעצ אינ אזוילס פארשניטנ שניטער־טרוימענ.

*) די „אינסטרומענטירונג” איז דאָ גראָד א געלונגענע: מארקיש קאָנ.

ס׳איז דער זומער דאָ נאָך, נאָר ער איז פארהאנגען
מיט הארבסטיק־דינעם זשאווער, מיט הארבסטיק שט־לן פּיַין.
ס׳איז זיַין שלוימע־בער צום ראטוש ניט דערגאנגען,
זיצט אַפּ פּראגער בריק — און אָוולטע — די פרייַהייַט...

צייַטיקע און רייַפע די קעפּ בא יונגען זייַנען, ס׳זייַנען העלדזער גרייט
פאר ווינטן און פאר אָסיען.
וויינט אַפּ פּראגער בריק די פרייַהייַט, ווי א מאטע:
ס׳וועט זייַן, ס׳וועט זייַן א שניט, מ־ט שנייַדן און מיט קאָסען!...

פאלן אָפּ די בלעטער, פאלן אָפּ כאוויירים,
לייגן זיך צו דר׳ערד, ווי בלעטער אָן פאריבל.
ווער איז דאָ געגאנגען? ווו איז דאָ געווען?
נאָר עס פאלן בלעטער אייַנגעקאָרטשעט־טריבע.
ווארטן אַפּ אזרילן נייַינקע כאוויירים;
ווארטן זיי אַפּ אים, ווי לעבנס זייַנע נייַע.
ס׳ווערט א יעדער טאָג געפערלעכער און שווערער,
נאָר אזרילן ליב איז, ליב איז אים און טייַער.״

## און ווייַטער:

„גוט א־ז א־ם מיט יונגען אייַנגעשטעלטע, דרייסטע,
דורך וועגן אונטערערדישע ערגעץ אזוי אופגיין;
אָט אזוי די ערד די גאנצע א צערייַס טון,
אָט אזוי די וועלט די גאנצינקע צעקאָווען!

ס׳גייט צו אים אנטקעגן, ס׳גייט צו אים, ס׳גייט.
ס׳גייט פון אונטער דר׳ערד, פון אומעטום אנטקעגן,
ער הערט פון ערגעץ טריט, ער הערט פון ערגעץ אָטעם,
ער הערט אזעלכע ווייַטע הילכעדיקע לידער.

נאָר שווער איז אים צו זען פאר כעוורע און פאר פרייד,
נאָר שווער איז א־ם צו זען אַפּ אופגעשוימטע וועגן, —
ווי ס׳גייט עמעצער נאָך און שפּייַט דאָרט טראָט נאָך טראָט. אים,
ווי ס׳גייט דאָרט נאָך דער טויט — פארשטעלט פאר זייַן א ב־ודער.

... גייט אזריל אום שטום — פארינגלט און פארשלאָסן.
ס׳וועלן זייַנע הענט די הארבסטיקע, פארלאָזטע,
ס׳וועלן זייַנע הענט נאָך קינדעריש און קלאָר,
ס׳וועלן זייַנע הענט זיך הייליקן מיט מאָרד!...״

מיר געפינען פאר נייטיק צו ברענגען אזא לאנגן אויסצוג, קעדיי אונדזער אנאליז און אויספירן זאָלן אַפּ קיינעם ניט מאכן דעם אייַנדרוק פון א בעקיוונדיקן צוגאנג.

פרעגט זיך: צי איז נאַטירלעך (אי פון „רעאַלן", אי פון „קינסטלע־רישן" שטאַנדפּונקט), אַז דער הארבסט־קאָלאָריט פון „דעפּרעסיוו"־רע־וואָליוציאָנערע שטימונגען בײַ באָלשעוויקעס, אַפילו ווען ס׳שפּירט זיך די געהיימע אָנוועזנהײַט פון אַ פּראָוואָקאַטער?

צו איז נאַטירלעך די „אָפּגאַנג"־שטימונג בײַ אַזרילן?

צי פּילט זיך דאָ ניט דער אינערלעכער ווידערשפּרוכן צווישן „אָפּגיין" מיט די „אונטערערדישע וועגן?" צווישן „אָפּגיין"־שפּרונגען מיט דעם אימפּעטפולן:

„אַט אַזוי די ערד, די ערד די גאַנצע אַ צערײַס טון,
אַט אַזוי די וועלט די גאַנצ־נקע צעקאָוועז!"

איז ניט דורכויס פאַלש אַט די יעזוס־שטימונג בײַ אַ רעוואָליוציאָ־נער, בײַ אַן אונטערערדישן כוער?

„ס׳וועלן זײַנע הענט, די הארבסטיקע, פאַרלאָזטע,
ס׳וועלן זײַנע הענט נאָך קינדעריש און קלאָר,
ס׳וועלן זײַנע הענט זיך הייליקן מיט מאָרד!..."

אַ מענטש אַ קעמפער קעגן אַ וועלט בלוטיקע סאָנים, אַ מענטש פון בירגערקריג, אַ פּראָלעטאַריער, אַ באָלשעוויק, אַן אונטערערדישער טוער אַפּן געפערלעכסטן פּאָסטן, און אַזעלכע „קרייצונג"־סענטימענטן!

ווי געשיקט עס זיך, כ׳ מאַרקיש?

דערמאַנסטו זיך ניט־ווילנדיק, בליצט עפּעס אויף מיט אַ מאָדנער, אָבער אינערלעך מאָטיווירטער פאַראַדאָקסאַלקײַט אַזרילס קינדערישע פידל־ליבע...

דער סאָף פונעם קאַפּיטל, ווי אַזריל דערהאַרגעט דעם פּראָוואָקא־טער, פאַרמאָגט דראַמאַטיזם: מאַרקיש קאָן עס אויך.

## אַזרילס אומקום!

דערדאָזיקער קאַפּיטל (27) איז איבערײַך מיט טרעפלעכע עפּי־טעטן, פאַרגלײַכן, אייפּאָנישע מאָמענטן, א. ד. גל., און דעריקער מיט הייסער, הייסער ליבע.

מאַרקיש האָט ליב זײַנע העלדן!

אָבער דער גרונט־פעלער איז דאָ דערזעלביקער, וואָס אינעם פאָ־ריקן קאַפּיטל: מאַרטירערישע סטיליזאַציע, און דעריבער אומריכטיקײַט (נאַטירלעך, אָביעקטיווע). וואָרעם אומקום פון אַ רעוואָליוציאָנער איז ניט קיין יעזוס־קרייצונג! האַגאַם מעסירעסנעפעש איז דאָ פאַראַן אין דער העכסטער מאָס.

„טוט זיך שטיל אים אָפּ דאָס פלייש פון זײַנע ביינער,
טוט זיך שטיל אים אָפּ ס׳געביין פון די באנערנ
נאָר ס׳איז עפּעס ליכטיק און ער ווייסט אליין ניט, —
שטערנ — שיינע, שוימיקע לאָזן אים זיך הערנ״

„... קומען צו אזרילן צוועלף קאָנוואָירער.
צוועלף אפּאָסטאָלן, צוועלף רויטגווארדייער, צוועלף קאָנוואָירער...״

אגעוו, אינעם „סטאם״־פּעריאָד האָט אונדזער באלאדע־מײַסטער אָפּערירט, דוכט זיך, מיט „דרײַצנ״...

ענטפערנדיק דעם ריכטער, איז אזרילן

„העל, אזוי און אומעטיק, און ליכטיק״.

דערבײַ זײַנען די ענטפערס גופא אויכעט — „אויסגעהאלטנ״ סטיליזירט: זייער שארפער אינהאלט אנטשפּרעכט ניט די אזרילס קאָרבנ־שטימונגען.

צוויי קעגנזעצלעכע סטיליזאציעס, ווי א׳ דיאלעקטישע איינהייט...

ווײַטער: שוין נאָכן פסאקדינ, בא זיך אינ קאמער. דער אומפארמײַדלעכער נאָענטער טויט פארשארפט ביזן העכסטן גראד דעם לעבנ־אינסטינקט: אזריל ווייסט ניט ווו אויסצוכון אזויפיל לעבנ. פארגלוסט זיך אים זינגען: „קאָמונארנ גייען צו די טליעס זינגענדיק״. ער געדענקט אָבער קיינ ווערטער ניט.

„נאָר גוט איז שוינ אזרילנ, קלאָר איז שוינ אזרילו,
ס׳ווערט אים פלוצים לײַכטער, ליכטיקער און שטילער:
ער וועט גיינ און זינגען גלאט אזוי דעם ניגנ,
און ס׳הייבט אים אָנ א פרייד א ליכטיקע צו וויגנ...

וועקט זיך א פארטאָג אוף, וועקט זיך פרייד, ווי שטענדיק,
לײַטערנ זיך ווײַטנ שעמעוודיק און פארביק.
ס׳האָט אזריל דער שנײַדער אלע נעט פארענדיקט,
גייט אזריל אינ הימל אָפּטראָגנ די ארבעט״...

פּערעצעס בערל דער שנײַדער דערלאנגט, דוכט זיך, אויך אינ ה׳מל ארײַנ...

אפנ וועג צו דער טליע:

„ס׳גייט שוינ דאָרט די וועלט, די גאנצע וועלט אנטקעגנ,
ס׳קוקנ נאָך פונונטנ קאנטיק שווארצע דעכער,
און דער הימל — העל איז, און די ווײַטנ — ציכטיק,
און דאָס פּאָנעם שײַנט אזרילנ דעם פּאָרפּאָלנעם״.

מע הענגט אזרילן:

„פערעמ גאָלדיק־זײַדענע זונ אינ טעג פארצילעט,
אונ אפ טאָג אפ לויטערנ מעסט זיכ א געוויטער,
הויבט זיכ אופ אינ דר׳היכ א ליכטיקער אזריל,
אונ די הויכע פאלנ, פאלנ אינ דער נידער!..
אזא לײַכט־געשוועב—א ליכטיקס, ווי אפ יאמענ״ א. א. וו.

ס׳באקומט זיכ א מינ:
„מיתה בנשיקה״*)
„אזריל עלה למרום״**)

ס׳וואָלט געווענ א טאָעס צו אידענטיפיצירנ אלע מינימ מעסירעס־נעפעש. ניינ: וויפל סאָציאַלע פאָרמענ, אזויפיל טיפנ מעסירעס-נע-פעש: א רעליגיעזער (אינ פארשיידענע וואריאַנטנ), א רעוואָליוציאָ־נער־קאָמוניסטישער... איז אפאָנעמ, אז מארקישעס באשטימטע סטילי־זאציע איז ווײַט ניט קיינ צופעליקײַט: זי מוז האָבנ הינטער זיכ א געוויסנ פסיכאָ-אידעאָלאָגישנ אספעקט אונ עפשער — אויכעט באש־טימטע קאָמפּאָזיציאָנעלע קוואָנעס: יונגערהייט, באמ טאטנ אינ וואר־שטאט נאָכ, איז דאָכ אזריל געווענ א מעסוקענער פידל־שפילער — פלעגט דאָס גאנצע הארצ „אויסגעזעגענענ״ אפנ פידל. וואָלט מארקישנ אײַנגעפאלנ אײַנצופלעכטנ דעמדראָזיקנ פידל־עלעמענט אינ אזרילס לעצ־טע טעג, אשטייגער: „פונ ערגעצ דערטראָגנ זיכ צארטע פידל־טע־נער...״ וואָלט עס עפשער נאָכ מער דערגאנצט אונ געשלאָסנ מארקי־שעס ברידער־קאָנצעפּציע... בא שלוימע־בערנ איז עס אָפּגעטאָנ געוואָרנ בענעגייע צומ „טויבנ״־מאָמענט...

## אויספירנ.

אינ אונדזער ערשטנ קאפיטל, אנאליזירנדיק די פארהעלטענישנ צווישנ דעמ „ברידעריש״־טעמאטישנ אונ דעמ ברידעריש־קינסטלערישנ מאָמענט, זײַנענ מיר געקומענ צומ אויספיר, אז ניט די ברידער בילדנ דעמ קאָמפּאָזיציאָנעלנ פאָקוס פונ דער גרויסער עפּאָפּייע. דאנ אָבער האָבנ מיר זיכ געשטעלט א צווייטע אופגאבע: אויסצופאָרשנ, וויאזוי אונ אינ וואָס פאר א מאָס זײַנענ אזריל אונ שלוימע־בער, פאר זיכ גע־נומענ, אומאָפּהענגיק שוינ פונ זייער קאָמפּאָזיציאָנעלער ראָליע, פארענ־דיקטע קינסטלערישע געשטאלטנ. סומירנדיק איצט אונדזער אויספאָרשונג

1) א טויט מיס א קוש. 2) אופגעגאנגענ אינדערהייכ.

אין דעם פראט (אײַנגעשלאָסן דערבײַ דעם געהעריקן מאטעריאל און אויספירן אויך פונעם צווייטן קאפיטל), קומען מיר אָט צו וואָס פאר אן אויספיר: 1) פאר דער באָלשעוויסטישער גענעאלאָגיע פון די ברידער קלעקט מארקישעס קינסטלערישער שטאָף אפילע פאר קיין סכעמע ניט; 2) א ריי מאָמענטן, וויכטיקע פאר שלוימע־בערס און אזרילס קינסטלערישער געשיכטע, זײַנען ראָמאנטיזירט און פארבאלאַ־דעוועט: די הוטע, ראכמיל א. א. וו.; 3) דער אומקום פון די ברידער איז סטיליזירט אף א באַשטימטן אופן מיט א צוגאָב פון מיסטעריעז־קײַט און פּאָטענציעלער סימבאָליק.

אנדערש גערעדט: ניט די ברידער זײַנען דער קאָמ־פּאָזיציאָנעלער פאָקוס פון דער גרויסער רעוואָליוציאָ־נערער פּאָעמע; ניט די רעוואָליוציאָנערישקײַט (ווי א קינסטלערישע פּראָבלעם) איז דער פאָקוס פון די צוויי ברידער־געשטאלטן. קאָמפּאָזיציע איז פארבונדן מיט אי־דעאָלאָגיע; דער אָביעקטיוו פאלשער פאמיליען־צוגאנג צו א גוואלדיקער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע האָט ניט גע־קאָנט ניט פארקריפּלען די סטרוקטור פונעם ווערק. דער פאלשער אויסגאנג־פּונקט האָט מיט אן אײַזערנער נויטווענדיקײַט דעטערמינירט דעם מיסטעריעזן פינאל.

„סוף מײַסע בעמאכשאָווע טכילע"*).

דער שאפונג־פּראָצעס איז אן אײנהײַטלעכער קאָמפּלעקס.

---

אויסער אזרילן און שלוימע־בערן, האָבן מיר אין די „ברידער" נאָך א ריי רעוואָליוציאָנערע פּערסאָנאזשן; אָבער זייער אנאליז באשטעטיקט בלויז אונדזער אויספיר: מארקיש דער רעוואָליוציאָנערער דיכטער קאָן לעסאטע ניט געבן קיין קינסטלעריש אויסגעפורעמטע איבערצײַגנדיקע רעוואָליוציאָנערע געשטאלטן.

אין בענטשיקס געמעל איז פאראן איין דעטאל, וואָס וואָלט גע־קאָנט דינען ווי א מין אויסגאנג־פּונקט פאר א קינסטלערישער אויס־בילדונג: בענטשיקס אָפּגעשיידטקײַט און באליידיקטקײַט אין זײַן פאָטערס־הויז. וואקסנדיק צווישן צוויי קרעפטן (צווישן דער סוויווע מיט סער־קען), גענערט דורך צוויי קעגנזעצלעכע שטראָמען, וואָלט דערדאָזיקער

*) דער כאָפּ פון דער טאט איז פון אָנהייב געווען אין געדאנק.

קערן געקאָנט — בא באַשטימטע באַדינגונגען — אויסוואַקסן אין א רעוואָליוציאָנערער געשטאַלט.

עס פֿלעג דען ניט פּאַסירן אַזוינס?

מער אָבער פאַר דערדאָזיקער דעטאַל איז דאָך אין די „ברידער" גאָרנישט ניטאָ. אויסערדעם איז עס אַזאַ סיוזשעטישער מאָטיוו, וואָס איז פֿון פאַבוליאַרן שטאַנדפּונקט א פּולשטענדיקער באַלאַסט.

דאָסגלייכן ווייסן מיר וועגן סערקען, אָט דער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענט, וואָס נעמט אַזאַ אַקטיוו אָנטייל אינעם קאַמף — אויך גאָרנישט ניט. וויאַזוי איז זי געקומען צו דער רעוואָליוציע?

איר קאָמפּאָזיציאָנעלע פונקציע איז מיטהעלפֿן אַנטפּלעקן שלוימע־בערס פּאָרטרעט. מיר האָבן דאָך שוין אָבער געזען, וואָס דערפֿון האָט זיך באַקומען, ווען שלוימע־בער האָט גענעפֿנט דאָס מויל בא דער געהעריקער אינטימער סיטואַציע.

געלונגענער איז טרובאַ, אָבער — אין זיין אויסערלעכקייט, מיר וואָלטן געזאָגט — קאַנאָניזירטער אויסערלעכקייט.

ס'וואָלט געפּאַסט, אַז מאַרקיש זאָל ניט קאָנען אויכמאָלן זיין בראַטישקאַ!

לעבעדיעוו איז בלאַסער.

נעכאָמעס פּאָרטרעט פאַרמאָגט א כּכעמע פאַר א געשטאַלט. אָבער בלויז ווו־ניט־ווו טוט א בליץ א קאָנקרעט־אינדיווידועלער, דערבייַ לאָקאַלער שטאָפּ.

אַזויאַרום זעען מיר, אַז קיין קינסטלעריש־גאַנצע, לעבעדיקע רעוואָליוציאָנערע געשטאַלטן זייַנען אין די „ברידער" ניט פאַראַן. דאָס איז ניט צופעליק.

## דער באַלאַנס.

אויב ניט (הען קאָמפּאָזיציאָנעל, הען קינסטלעריש) קיין „ברידער"־פּאָעמע, איז עפּשער מאַרקישעס גרויסע ווערק אַן עפּאָפּייע פונעם בירגערקריג? עפּשער באַדאַרף מען דאָ איבערשטעלן די יאָצרעס: דער „ברידער"־עלעמענט, ווי א באַשטימטער סיוזשעט־שטאָף פאַר אַן אַנדער געוועב?

בא דערדאָזיקער האַשאָרע אַנטשטייט קוידעמקאָל די פראַגע וועגן דער פאַבולע אינעם ווערק: צי איז זי מעגלעך בא אונדזער איבערגרופּירונג? צי באַקומט זיך אין פאָרמעל־קאָמפּאָזיציאָנעלן זינען א בינייען, ווו אַלע

סיווּשעטישע באשטאנדטיילן, סײַ די צענטראַלע, סײַ די צווייטראַנגיקע זײַנען צענטראַליזירט — דורכן פאַלגנדיקן פאַקס. ס'פארשטייט זיך, אז ניט. ס'קומט אויס, אז מארקישעס גרויס ווערק איז אָן א רוקנביין... באדארף מען עס טאקע זאָגן, ווי ווייטעקדיק עס זאָל פאר אונדז אַלע־מען ניט קלינגען. יאָ מיר האָבן צו טון מיט א גרויס ווערק, ווו די דעסטרוקטיווע, דעצענטראַליזירנדיקע קרעפטן זײַנען שטארקער פאר די קאָנסטרוקטיווע: ס'איז ניט קיין דעמאָקראַטישער צענטראַליזם, און אפילו ניט קיין פעדעראַציע...

בא אזא לאגע, ווען די פאבולדיקע עלעמענטן ווערן דעפּאָרמירט און באָטל אינעם סיווּשעט, בלײַבט דעם כאראקטער פונעם ווערק צו באשטימען לויט די קינסטלערישע קרעפטן־פארהעלטענישן שוין פון די פארשיידענע סיווּשעטישע באשטאנדטיילן גופא. לאָמיר עס פּרוּוון מאכן.

אויב ניט רעכענען דעם רעוואָליוציאָנערן טיפּאַזש פונעם ווערק (מיר האָבן אים שוין פאנאנדערגעקליבן) און אויך די קאפיטלעך און פראַגמענטן, וואָס געהערן צו אן אנדער היסטאָרישער עפּאָכע, האָבן מיר אין די „ברידער".

1. שטעטל־שטייגערישן שטאָף;
2. פּאָגראָם־באַלאַדעס;
3. שטאָף פונעם בירגערקריג אין פארשיידענע פאָרמען;
4. פּוילישע אונטערערד.

פון דער ערשטער קאטעגאָריע זײַנען געלונגענער די סטאטישע „טראַדיציאָנעלע" מאָמענטן.

אין דער פּאַגראָם־קאטעגאָריע זײַנען אַלע דרײַ באַלאַדעס: די מייפּים אפן דניעפּער, דער שלײַפער און דעם ראָווס אומקומען (אין פּוילן) גלענצנדיק, באזונדערס די ערשטע.

אין דער דריטער קאטעגאָריע האָבן מיר זייער אסאך קראפט, שארפע איבעראַשנדיקע בילדערישקײַט, טעמפּעראַמענט, פּאַטעטיק, דינאמיק, דער־בײַ אזעלכע, ווי בא קיינעם ניט פון די יידישע דיכטער. דער פּאנצער־צוג, גײַס מארש קיין ווארשע א. ד. גל. זײַנען קלאַסיש אפ דווירעס!

יאָ, קיין איינער פון די יידישע דיכטער האָט נאָך ניט געגעבן אזעלכע דינאמישע בילדער, אזא דראנג, אזא אימפּעט!

אין דער פערטער קאטעגאָריע — פּוילישע רעוואָליוציאָנערע אונטער־ערד איז מער סכעמע, ווי שטייגער.

פארגלײַכן מיר איצט צווישן זיך די פארשײדענע קאטעגאָריעס בילדער אינעם גאנצן בוך, באקומען מיר אָט וואָסערע קינסטלערישע „קרעפטן־פארהעלטענישן“.

1. מענאכעם־הערש, עסטער, ראכמיל, דער גאלעך א. א. זײַנען בילדעריש בלוטפולער, בוילעטער פאר שלוימע־בערן, אזרילן און די איבעריקע רעוואָליוציאָנערן.

2. די פאָגראָם־בילדער פון די באלאדעס (אומקום פון ייִדן) זײַנען שארפער, שארפזיניקער פארן אומקום פון די קאָמונארן (אפן יאר).

3. די שטארקע, גלענצנדיקסטע קאפיטלעך אינעם צענטראלן שטאָף פונעם בוך — זײַנען יענע, וווּ עס איז פאראן שטורעמדיקע, אויסערלעכע דינאמיק.

4. ס׳פעלט איין „קלייניקײַט“: די פירער, די אָרגאניזאטערס, די די באגײַסטערער פונעם ריזיקן קלאסן־געראנגל — די קאָמפארטיי.

וואָס־זשע דרינגט פון די ערשטע צוויי פונקטן (קינסטלערישקײַט בענעגייע צום ייִדן־שטאָף און סכעמאטישקײַט בענעגייע צום רעוואָליוציאָנערן)? אז מארקישעס דיכטערישער זיקאָרן, מארקישעס אינטויִטיוו אָנגעזאמלטע בילדער־וועלט זײַנען איבערהויפּט נאציאָנאלע.

וואָס דרינגט פון די לעצטע צוויי פונקטן?

מארקישעס קינסטלעריש רעאגירן (אינטויִטיוו: דורך אימפּרעסיעס, שטימונגען, זעונגען, בילדער א. ד. גל. — איז אָנגעצילעוועט ניט אף די אינערלעך־אָרגאניזירנדיקע, סינטעטישע קרעפטן פון דער גרויסער רעוואָליוציע, נאָר אף איר שטורעמדיק פאטעטישער, איבעראשנדיקער אויסערלעכער סטיכישקײַט.

דער גרונט־טעזיס, וועלכן מיר האָבן פאָרמולירט, צוטרעטנדיק צו אונדזער אויספאָרשונג, אז די דעסטרוקטיווע קאָמפּאָזיציע פון די „ברידער“ איז א רעזולטאט פון א דעסטרוקטיווער פארכיזאניש־רעוואָליוציאָנערער אידעאָלאָגיע, ווערט באשטעטיקט.

מיט דערדאָזיקער פאָרלויפיקער לייזונג פון דער וויכטיקסטער, לויט אונדזער מיינונג, מעטאָדאָלאָגישער פּראָבלעם איז די פאָרשונג פון מארקישעס גרויס ווערק, פון מארקישעס גרויסער קינסטלערישער אָנשטרענגונג קלאל ניט אויסגעשעפּט, פארקערט: ערשט איצט קאָן און מוז קומען די אויסשעפּנדיקע, דעטאלע אונטערזוכונג, דערבײַ לויטן גאנצן שולכענאָרעך פון דער אנאליטישער פּאָעטיק. די לעקסיק, דער

סינטאקסיס, די אייפּאָניע, די סטליסטיק, די זשאנריסטיק, די קאָמפּאָזיציע א. א. וו. — אלץ דארף אונטערגעזוכט ווערן אפּן דעטאלסטן אויפן. וועט ערשט דאן קלאָר ווערן, אין וואָס פאר א קאָנקרעטער מאָס אונדזער פּרינציפּיעלער אויסגאנג־פּונקט איז א פּרוכטבארער, לעסאַטע דוכט זיך אונדז, אז ער איז פון מעטאָדאָלאָגיש־סינטעטישן שטאנדפּונקט ריכטיק.

מיט די „ברידער" האָט מארקיש באוויזן, אז פאר די לעצטע יאָרן נאָכן „סטאמ"־פּעריאָד זיינען האָט ער דורכגעמאכט א היפּשע עוואָליוציע, אָבער ניט קיין גלייכמעסיקע. ער האָט דערגרייכונגען אויכעט אידעאָלאָגישע, דאָך אָבער זיינען די דערגרייכונגען אין פּאָרמעלקינסטלערישן זינען גרעסערע! האָט עס געמוזט — מיט אן אייזערנער נויטווענדיקייט — נעגאטיוו זיך אָפּרופן אפּ דער גרויסער קינסטלערישער אָנשטרענגונג. באדארפּ מען ווי אין לעבן אום יעדן פּרייז די־אָזיקע דיספּראָפּאָרצ בייקומען.

אין די גרויסע צייטן פונעם ווירטשאפטלעכן „פּינפּיאָר", וואָס איז גויוועער אזוינע גוואלדיקסטע דיספּראָפּאָרצן אין דער עקאָנאָמיק פון א 160־מיליאָניקן פארבאנד, איז עס, דוכט זיך, שוין ניט אזא שווערע זאך...

אונדזערע בעסטע ווונטשן מארקישן דעם סאמע דינאמישן יידישן דיכטער!

אונדזערע בעסטע ווונטשן און צוזאָגן: אויך אפּ ווייטער, נאטירלעך לויט אונדזערע באשיידענע קויכעס נאָך, מיטהעלפן קאָנקרעט, ס'הייסט דורך אינעווייניקסטער קריטיק.

און אז מיר אלע, און באזונדערס אזא גרויסער דיכטער, ווי מארקיש, נייטיקן זיך מער אין דעם, מע זאָל אופדעקן פעלערן, מע זאָל באקעמפן פעלערן, ווי אין אומקריטישער, כסידיש־לעקעשעוואטער לויבערײַ פון צווייפלהאפטיקע „פּרײַנט" — איז דאָך אומבאשטרייטבאר!

1929

# „מיט לײַב און לעבן"...

דער פּאָקוס פון כאַריקס אויסגעצייכנט פּאָעטיש ווערק „מיט לײַב און לעבן" איז אין דער שטילער „וואָכעדיקער" העלדישקײַט פון א סאָוועטישער לערערקע, וואָס ברענגט אויס אירע יונגע קרעפטן אפן דריטן פראָנט. איינציײַטיק איז עס א זעלטן בילד פון א שטעטל, ווו „אלץ איז נאָך מיט ווילדפלייש דאָ באדעקט".

ווי געזעצמעסיק ס'איז דאָסדאָזיקע ווערק—הען פאר כאַריקס קינסטלערישער עוואָליוציע, הען פאר דער גאנצער ליטעראטור!

## 1. די שטעטל־פּראָבלעם אין כאַריקס שאפונג.

אין זײַן פריכטן ציקל לידער איז אונדזער דיכטער „א פרעמדער גאסט" אין שטעטל („שטעטל" — 1924). „מיט אימרו אין די טריט" לויפט ער עס אדורך פארבײַ, פעסטשטעלנדיק, אז „עס ליגט פארבראָכן הינטער פלויט". אויסער כורוועס, איז דאָ גאָרנישט ניטאָ. זאָל עס גיכער „פארשווינדן", זאָל עס „ברענען" — ווערט זײַן לײַכטער אי פאר די, וואָס דארפן אומקומען, אי פאר די, וואָס דארפן צוקומען. „פארמאכט און הארטערהייט" פארלאָזט ער עס אײַליק: „זאָל ברענען!" ס'פּילט זיך אָבער, אז ס'איז מיט יאשטשערקעס: ס'איז דאָ שווער צו „בעטן זיך: שטעטעלע, פארשווינד". צי האָט דאָסדאָזיקע בילד פון פײַנפולן אונטערגאנג און פון אבסאָליוטער אויסוועגלאָזיקײַט אנטשפּראָכן צו דער ווירקלעכקײַט אין יענע יאָרן?

אין א געוויסער מאָס האָט טאקע די ווירקלעכקײַט געגעבן א גרונט צו מיינען, אז דאָס שטעטל גייט ווירקלעך אונטער. דער בירגערקריג און דער מיליטערישער קאָמוניזם האָבן אונטערגעריסן דעם פריערדיקן עקאָנאָמישן באָדן פונעם שטעטל. וועגן שאפן א נײַע עקאָנאָמיק אינעם שטעטל האָט דאן, פארשטייט זיך, קיין רייד ניט געקאָנט זײַן, און אז עס איז אָנגעקומען דער „נעפּ", דידאָזיקע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, וואָס איר צוועק איז געווען צו געבן דער פּראָלעטארישער מאכט די מעגלעכקײַט אנצוזאמלען מיגלען צוליב איבערבויען אפ סאָציאַליסטישע

יעסוידעס די גאנצע ווירטשאפט פונעם לאנד (און דערינ אויכ די עקאָ־נאָמיק פונעם שטעטל), האָט ער די ערשטע יאָרן געבראכט דערצו, אז עס זאָלן אופלעבן די אלטע פאָרמען פון דער שטעטלשער עקאָנאָמיק.

נאָר כאָטש פונעם ערשטן בליק האָט זיכ געקאָנט דוכטן, אז דעם דיכטערס אוועקגאנג פונעם שטעטל האָט אונטער זיכ א געוויסן אָביעק־טיוון גרונט, דאָכ איז עס צו דערקלערן, דעריקער, מיטן באקאנטן מע־כאניסטיש־„לינקיסטישן" צוגאנג, וואָס איז געווען כאראקטעריסטיש פאר באשטימטע שיכטן קליינבירגערלעכע יידישע אינטעליגענצ אינ יענע יאָרן. אייניקע שטעלן אינעם „שטעטל" דערמאנענ, אגעוו, יעסע־נינס אוועקגאנג־מאָטיוו, האגאמ בא יעסענינען איז דער קעגנזעצלעכער אוועקגאנג פאָרגעקומענ אויס קעגנזעצלעכע טעמימ: אויכ יעסענינ פאר־לאָזט „פרעמדערהייט" זיין היימ. ער טוט עס אָבער אויס איינזאמקייט לעגאבע די „נייע בליטן". כאריק טוט עס מאכמעס פארקערטע טעמימ: אינעם צאנקענדיקן שטעטל זעט ער ניט קיינ שפור נייעס.

אָבער דאָס פארלאָזטע פארמישפעטע שטעטל לאָזט ניט אָפּ אונדזער דיכטער: „אפנ העכסטנ פונ די טויערנ דערלאנגט עס מיט זיינ „פרו־קענעמ געוויינ". און אפאָנעמ, אז וואָס מער דער דיכטער זאָל דערמיט רייסנ מעכאניש, אלצ שארפער וועט נעמענ קלינגענ „דער טרוקענער געוויינ", אלצ שטארקער דער שטומער פראָטעסט. דערינ איז דאָכ די דיאלעקטיק פונ א מעכאניסטישנ אויפנ צו לייזנ פראָבלעמעס, וואָס מער ס'דאכט זיכ, אז מע איז פונ זיי פאָטער געוואָרן, אז מע האָט זיי שוינ געלייזט, אלצ מער פארבלייבנ זיי אומגעלייזט. און אינדערעמעסנ רייסנ מיטנ שטעטל האָט אונדזער דיכטער טאקע ניט געקאָנט, דאָ האָט זיכ אויסגעפורעמט זיינ דיכטערישע בילדער־וועלט, דאָ שטעקנ זיינע סאָציאַלע וואָרצלענ, וועהאָרייע — „די מינסקער בלאָטעס" (1925).

דערדאָזיקער ערשטער פאָעטישער ארויספאָר כאריקס (און זייער געראָטנ!) באשטייט פונ צוויי טיילנ: דער ערשטער טייל שילדערט „די הילצערנע הייזלעכ, ווו ס'ווערנ אומרויק די גלידער און לידער"; די סאָציאלע אויסקומעניש, „ווו ס'גיסט זיכ אָנ א פויכט א יונגער און א שטארקער", דער צווייטער טייל — די הערלעכע טעג, „ווענ דאָס לאנד האָט זיכ צעברודערט און צערעדט — מיט טויזנט פויסטנ, טויזנט הימנען אינ איינ אָטעמ".

אויבנופיק קאָנ זיכ דוכטנ, אז דער שווערפונקט איז דאָ בלויז אינ דער פויסטנ־פראָבלעמ: פונוואנעט האָט זיכ דאָס גענומענ בא די פי־

ניעס דער וועלט־באפרײַענדיקער צעשטער־אימפעט? ווי האָבן זיך „אָנ־געגאָסן" זייערע קרעפטיקע פויסטן?

די קינסטלערישע סאָציאָל־פסיכאָלאָגישע ארגומענטאציע, וואָס כא־ריק צעוויקלט אינעם ווערק, איז געננוג אפ צו געבן א ריכטיקן היס־טאָרישן ענטפער דערויף. אונדז דוכט אָבער, אז ניט בלויז דערדאָזיקער היסטאָריש־סאָציאָלאָגישער אינטערעס האָט עס סטימולירט כאריקס קינסטלערישע עקסקורסיע אין די „מינסקער בלאָטעס". ניין, דאָ איז געווען אויכעט אן אנדער אונטערשלאַק: ער האָט געשטרעבט אויס־לאָדן, זאָל זיין אפ א „געשיכטלעכן" אויפן, זי שטעטלשע געשטאלטנ־וועלט. פונעם אונטערגייענדיקן, פארמישפעטן שטעטל איז אונגדזער דיכטער אוועק צו „מינסקער בלאָטעס". האָט דאָ זיין קינסטלעריש גע־מיט דערשפירט „בליִענדיקע מיסטן"...

צי איז דען ניט געזעצמעסיק, וואָס די פארגאנגענהייט טוט א וואָרף א העלע שיין אפן היינטיקן טאָג? דאָס שליסט, נאטירלעך, קלאָל ניט אויס קיין אנדערע סטימולן. מארקס האָט טאקע פעסטגעשטעלט, אז דער כילעק צווישן דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע און אלע אנדערע בא־שטייט דערין, וואָס די ערשטע שעפט איר פּאָעזיע פון דער צוקונפט, אין דער צייט ווען די לעצטע—פון דער פארגאנגענהייט. רעדט זיך אָבער וועגן דעם ארבעטער־קלאס, וועגן זיין פּיינלעך־הערלעכער פּאָרמיר־ און קאמפ־געשיכטע — איז האָבן מיר אזא פארהעלטעניש: די צוקונפט וואקסט ארויס פון דער פארגאנגענהייט; די פארגאנגענהייט באקומט איר היסטאָרישן טיקן אין דער צוקונפט; ווייזן די רעוואָליוציאָנערע פארגאנגענהייט הייסט שעפן פון און לעטויוועס דער צוקונפט.

איינע פון די וויכטיקסטע אופגאבעס פאר דער נייער פראָלעטארי־שער קולטור און קונסט איז טאקע אופצודעקן אונטערן שלייער פון די פארשיידנסטע היסטאָריש־קאָנקרעטע פּאָרמען — די אומצאָליקע ריטש־קעלעך אפן וועג צום מעכטיקן אָקטיאבער־שטראָם.

דער אויסגאנג־פונקט איז דאָ איינער.

נאָך „מינסקער בלאָטעס" קומט כאריקס צווייטע פּאָעמע „ברויט" (1925). פונעם ערשטן בליק קאָן אויסדוכטן, אז מיר האָבן דאָ ווידער צו טון מיטן דיכטערס פּאָריקן אבסאָליוט נעגאטיוון צוגאנג: געקומען צום צווייטן מאָל אין שטעטל, זעט ער דאָ ווידער בלויז „בערד און בערד, און ווידער טויטע בערד", קיין אופלעבונג־פּראָצעסן אינעם שטעטל גופע, קיין לעבנפייִקע עלעמענטן, קיין אויסוועג אויסערן „ערד, צו

ערד, ווען ניט—איז״... טויט. באזונדערס לאָזט זיך פילן די דאָזיקע שטעטלשע טויטקייט, ווען ס׳בילדעט זיך אויס בישכיינעס א: ערד־קאָלעקטיוו, וואָרעם:

„שאבעס פארנאכט בלײַבט דאָס שטעטל אליין,
און פארשעמט, און פארלאָזט, און באליידיקט.
אז וווּה־ין זאָל מען גיין, און נאָך וואָס זאָל מען גיין?
אז אוועק זײַנען אלע אבינד פונדערהיים —
א־ז דאָ פרעמד, איז דאָ שטיל, איז דאָ ליידיק.
אז אוועק איז די יוגנט די גאנצע אין הויף,
און צופוס, און מיט פרייד אבן יאָנטעוו;
דריקט זיך דאָס שטעטל נאָך ענגער צונויף,
און ענגער פארציט זיך א בלוטיקער שלייף״.

פארלאָזט פון דער יוגנט, ווארגט זיך דאָס פארמישפּטע שטעטל און בעט זיך ראכמים בא „די האָריזאָנטן״: „ניט דערשטיקט, איך וויל ניט, איך דארף נאָך ניט שטארבן״.

געאָגראפיש גענומען, איז א דיסטאנץ טאקע פאראן: די אויפלעבונג פון דער שטעטלשער באפעלקערונג, יעדנפאלס, פון א טייל שטעטלשע באפעלקערונג, קומט פאר ניט אפן אָרט גופא, נאָר ערגעץ אנדערש האגאם גראָד דאָ איז די רייד וועגן א שכייניש בײַשטעטלדיקן קאָ־לעקטיוו. אָבער אין גרונט גענומען האָבן מיר דאָ צו טון מיט פארשיידענע פראָצעסן בא איין און דעמזעלביקן שטעטל; די ערד־אײַנאָרדענונג אין אלע אירע פאָרמען, און ווו זי זאָל ניט פאָרקומען, ברענגט דאָך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע און היסטאָרישע איבערגעבורט פאר א טייל פון דער באָדנלאָזיקער שטעטלשער באפעלקערונג. און דאָס ווערט טאקע געשילדערט און באגײַסטערט באזונדערס אין דער „אנטיסעמיטישער״ פּאָעמע. איין פּאָזיטיווע פראָצעס און ניט פון אבי וואָס ער באדײַט — האָט דעם קינסטלערס אויג שוין פארנומען און — פעסט!

אויב „מינסקער בלאָטעס״ איז געווען אן אײַגנארטיקער ענטפער אפן „שטעטל״: קאָמפּענסירן — עפּשער אומבאוווּסטזיניק פארן קינסטלער — רעטראָספּעקטיוו די פּערספּעקטיוולאָזיקייט פונעם „ברענענדיקן״ שטעטל, — איז „ברויט״ גיכער געווען אן ענטפער אפ די „מינסקער בלאָטעס״: קינסטלעריש שילדערן איינע פון די פאָרמען, אין וועלכע ס׳אנטפּלעקט זיך די אָנגעזאמלטע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע: ערד־אײַנאָרדע־

נונג איז אויכעט א פראָלעטארישער איניען; די פּי־ניעס, וואָס שטייען בא דער מאכט, טריקענען די „מינס־קער בלאָטעס"...

א ווײַטערדיקער עטאפּ אין כאריקס אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע זו־כענישן און דערגרייכונגען בענגייע דער שטעטל-פּראָבלעם איז „מיט לײַב און לעבן". דער בײַשטעטלשער ערד־קאָלעקטיוו איז אויך דאָ פּאַ־ראַן, ער איז אָבער שוין ניט דער צוצי־צענטער פון „שטארבנדיקן" שטעטל, ווי מיר זעען דאָס אין „ברויט", פארקערט, דער פּלאַצדארם איז דאָס מאָל שוין דאָס שטעטל גופא, וואָס באווירקט דעם שכײַנישן ערד־קאָלעקטיוו, וועלכער איז דאָך ניט מער, ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון עם אײַנהײַטלעכן שטעטלשן רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעס.

## 2. „מיט לײַב און לעבן".

ווי מיר האָבן געהאט שוין אויבן באמערקט, איז „מיט לײַב און לעבן" א בילד פון א פארוואָרפן שטעטל, דערבײַ איז דער פאָקוס פו־נעם דאָזיקן אויסגעצייכנטן פּאָעטישן ווערק די שטילע העלדישקײַט פון אַן עכטער סאָוועטישער לערערקע, וואָס ברענגט אויס אירע קרעפטן אפן דריטן פראָנט אין איינעם א שטעטעלע, וווּ „אלץ נאָך מיט ווילד־פלייש דאָ באדעקט". ערשטנס, וועגן אָט דער לערערקע.

שוין דאָס ערשטע ליד פון עם ערשטן קאפּיטל — דער ארײַנפיר פון דער לערערקע אינעם שטעטל — גיט אונדז גלײַך דערפילן דעם נײַעם פּאַדשוין. אין דער גרויסער שטאָט, אין דעמדאָזיקן שמיד־אויוון פון דער נײַער סאָוועטישער קולטור, האָט זי געשטודירט „פיר יאָר... און פארענדיקט". וויפל אָנשטרענגונגן, לייד און פרייד, וויפל געזעלשאפט־לעכס און פערזענלעכס, עפשער טיף אינטימס — ס'איז אויסגעקומען אי־בערצולעבן אין דעמדאָזיקן פריידיקן לעבן־געררודער? יאָ: „ווייטעקדיק־העל איז געווען דער ארויסלאָז". ס'טוט אפילע אביסל באנק אָט „די פארגאנגענע רויכן", אָבער נישקאָשע:

„זי וועט נאָך אין שטעטל א פּרווו טון די קייכעס; זי וועט נאָך א פרווו טון,
זי וועט נאָך א רויש טון.

... זי טוט זיך א הייב און א וואלגער אין וואָגן און טוליעס צונויף אירע
דאָרשטיקע גלידער.

... און גוט איז צו פילן — זי קאָן זיך פארמעסטן,
מיט לײַב און מיט לעבן ארײַן אין דער ארבעט".

מיט געזאנג פונ דער „יונגער גווארדיע" אונ „200.000" פאָרט זי ארײַנ אינ שטעטל. אונ ארומ זײַנענ:

„לופטיקע הימלענ צעוויקלטע, קלאָרע,
לופטיקע, קלאָרע, אינ האבסטיקנ אומעט".

וויפל פראַכטפולע יוגנט-מונטערקײַט?
וויפל עכטער סאָציאַלער אָפטימיזמ!

צוליב וואָס האָט עס אונדזער לערערקע פארלאָזט דעמ „רעגנ פונ ליכטיקע פײַערנ" אונ געלאָזט זיכ „אינ העק"?

אינ איר לערנ-אנשטאלט האָט זי זיכער געלערנט וועגנ די אופגאבעס בענעגייע צו די „פארלאָזטע נעסטנ", וועגנ די גרויסע, היסטאָרישע אופגאבעס אינ די פארוואָרפענע ווינקלענ. אויסער דעמ, איז עס נאָכ פאר איר, מינאסטאמ, א באשטימטע ארבעט-פראָבלעמ. אָבער זי „בעט זיכ אליינ אינ קליינעמ שטעטל", ניט אויס „אײַנאָרדענונג"-מאָטיוונ, אונ אויכ ניט צוליב אויספילנ פאָליטישע דירעקטיוונ, געוויס פירט זי אויס א שליכעס פונ דער פארטיי. צי קאָנענ דענ אזעלכע ווי זי, אויב אפילע זיי זײַנענ נאָכ ניט אינ דער פארטיי, זײַנ „אומפארטייִיש?!" אָבער אויסער אלדעמ טוט איר נאָכ אפ א באזונדער אויפנ וויי:

„ווענ שטעטלעכ שווײַגנ נאָכ אינ שטילנ טרויער":
„דאָ לעבט דאָכ אזויפיל יוגנט".

אזויפיל „שטיקער שײַנ אינ די העפטעלעכ באהאלטנ!"
צוליב וואָס „צעשטארבנ", ווענ —

„מע קאָנ דאָכ אינ ליכטיקע שטעט —
די קליינינקע שטעטלעכ פארוואנדלענ".

ניינ: „זי בעט זיכ אליינ אינ א העק".
יוגנט — סאָוועטישע יוגנט — האָט געטרײַע דאָרשטיקע גלידער!

פונ וואָס אָבער הייבט מענ אָנ, „ווענ אלצ איז דאָ מיט ווילדפלייש נאָכ באדעקט"?

„מיט וואָס"?

„מיט וועמענ"?

פונ איינ זײַט—דער „געשמאקער געלעכטער" פונ די באלעבעסלעכ, אונ פונ דער צווייטער—די קוילעס פונעמ מעלאמעד. זי געפינט אָבער אנ אויכוועג, ווו איר פראקטישער אײַנפאל איז באהעלט מיט א באזונדערער מענטשלעכקײַט...

„ברענגט!
און זיי לערנען...
אליינ איר...
מיר דארפנ דאָ האָבנ א שוימער״.

אָבער א שול פאָדערט וויסנ. און האגאמ זי האָט געשטודירט אינ דער רויטער שטאָט, איז זי דאָך „מיט וויסנ ניט באַלאָדנ״. אָט:

„האָט זי געפרוווט מיט פאָרכט רעמ דאלטאָנ־פלאנ,
און עפּשער האָט זי אָנגעטאָנ גאָר שאָדנ.״

אָבער ווער פונ אונדזערע יונגע בויער אינ אונדזער יונג סאָוועטיש לאנד איז דערפונ באוואָרנט?

ניט גערייגעט! ניט אראָפּגעפאלנ בא זיך! דעריקער איז — מיט לייב און לעבנ!

„און ברויגע מאנדלענ שווימענ מיר אינ גאָלד אינ ווארעמענ פונ אירע אויגנ״.

זיסע, גליקלעכע מידקייט:
דאָס צווייטע פעלד פאר איר געטרייער זאָרג איז דאָ אויך די יוגנט. וויפל „שטיקער יוגנט — גייט דאָ אומ און שלאָגט זיך קאָפּ אינ וואנט״! ווו טוט מענ אהינ „אזויפיל יונגע און געזונטע הענט״? וויפל „ווערטער צערטלעכע״ פארמאָגט זי פאר „אלע אירע הונגעריקע זינ״! ביכשכיינעס מיטנ שטעטל איז פאראנ א קאָלעקטיוו, רופט מענ זי אוי־כעט אהערצו, און האגאמ „מע ארבעט דאָ און מע האָט אונדזער ברויט״. גיט פלוצימ א צי צוריק אינ שטעטל—

„און ס׳הייבט אָנ נויענ דאָ אינ הארצנ טיפ...״

באלעבעסלעכ, וואָס כויזעקנ פונ דער „שווארצ־כיינעווודיקער גויע״; יוגנט, וואָס שלאָגט זיך קאָפּ אינ וואנט; קאָלעקטיוושטשיקעס, וואָס בענקענ צוריק אינ שטעטל, פונוואנענ זיי האָבנ זיך אָט ערשט ניט לאנג ארויסגעריסנ, — „דערפילט אויך זי זיך פלוצימ שוואכ״. און „ס׳פאר־ווילט זיך איר ארופ צומ קלויסטער־גלאָק און — באכ״.

„זאָל ברענענ!״
„זאָל וויקלענ און פארוויקלענ זיך אינ רויכ!״
„און צומ אלטנ שטעטל — שטארב״!

פאר די „אויגנ מיט ליכטיקנ גלויבנ״ טוט א שווינדל א באנייט שטעטל:

„אינ דאמפ... אינ רויכ...
און כיִעס איבער דראָטנ.
ווי ווארעמ בלוט וועט צושטראָמענ צומ דאָרפ!״

אָנשטאָט דעם אָבער — דאָס ווארעמ בלוט צום האלדז...

פאראנ אינ דער פּאָעמע אויכעט א ליבע־עפּיזאָד, אָבער גראָד דאָ איז ער זייער צום אָרט, וואָרעמ ער גיט אפּ א באזונדערנ אויפנ צו דערפילנ דעמ לעבעדיקנ מענטשנ, די אינערלעכע וועלט פונ אונדזער לערערקע. די לידער פונעמ דאָזיקנ ציקל זיַינענ זעלטנ געראָטנ. אונ ציכטיק! גליַיכער לייענענ זיי אינעמ ביכל, איידער ציטירנ ברעקלעכוויַיז...

סאָפּקאָלסאָפּ האלט ניט אויס אונדזער לערערקע די גרויסע לאסט, אונ זי קומט אום ארבעטנדיק „מיט ליַיב אונ לעבנ", אויסברענגענדיק מיט יוגנטלעכער פאזראָנעס אירע לעבנ־קרעפטנ; ברענענדיק, ווי א הע־לע ליכט, אינעמ „ווילדנ פארלאָזטנ נעסט", פאלט זי אום. אָבער דער־דאָזיקער טראגישער פינאל אנטמוטיקט דאָך אונדז ניט. ניינ: רעוואָ־ליוציאָנערער דראמאטיזמ ווייסט ניט פונ אינדיווידואליסטישנ פּעסי־מיזמ! יעכידימ, טויזנטער קומענ אום, אונ מוזנ אומקומענ אינעמ גראנ־דיעזנ וועלט־היסטאָרישנ געראנגל! אזוי איז אפּ די שלאכט־פעלדער פונעמ בירגערקריג, אזוי איז אינעמ „פרידלעכנ" געראנגל. ניינ: דער אומקום פונ אונדזער לערערקע אנטמוטיקט אונדז ניט. פארקערט, ער פילט אָנ אונדזער הארצ אונ מויעך מיט שטאָלצנ טרוי־ער, וואָס דיקטירט גליַיך צו פארנעמענ דעמ ליידיק־געוואָרענעמ פּאָסטנ. ניט אויסצומיַידנ לעבנ־דראמאטיזמ איז דער כויוו פונ אונדזערע קינסט־לער. אזא מינ שטרויס־האנדלונג איז פונ אלע שטאנדפּונקטנ שעדלעך.

וואָס מער „ליַיב אונ לעבנ", אלצ געזונטער וועט זיַינ פאר דער ליטעראטור!

וויפל אויצרעס ערנסט, מוט אונ אָפּטימיזמ זיַינענ דאָ פארבאָרגנ?!

כאריקס גרויסארטיק פּאָעמיש ווערק באוויַיזט, אז מיר האָבנ צו טונ מיט „דיכטונג", וואָס שטייט אפּ דער הייך פונ אונדזער גרויסער „וואָרהיַיט".

## 3. דאָס שטעטל, ווי עס איז אינ „ליַיב אונ לעבנ".

אויסער דער לערערקעס קורצער, אָבער הערלעכער לעבנ־געשיכטע, האָבנ מיר זינ דער פּאָעמע א שטיַיפ שטעטלש בילד. דער לערערקעס אנקומ אונ ארבעט אקטיוויזירנ די „פארוואָרלאָזטע נעסט, מיט ווילד־פלייש באוואקסנ", מאכנדיק בוילעטער די דיפערענצירונג אונ זעלבסט־באשטימונג פונ די פארשיידענע שטעטלשע שיכטנ אונ עלעמענטנ. די

באַלעבעסלעכ מיט זייערע באַנימ „האָבנ שוינ איצט פונ וועמענ צו שפּאַסנ". זיי „לאַכנ געשמאַק", ציניש־לעקעשעוואַטע פונ איר באַגײַסטערט מיִענ; זיי פּויזעקנ אָפּ פונ דער שול, ניט לאָזנדיק די קינדער אהינ. ווענ די לערערקע טראָגט, דערגייענ זיי איר די יאָרנ. פרעכ איז אויסגעדריקט זייער באַציִונג צומ נײַעמ אינעמ גאַבעס ווערטער אפּנ בעסוילעמ:

„וואָס מיינסטו, אז מיר זשאַלעווענ זיי ערד"...

גאָר אנ אנדער באַשטאַנד האָבנ מיר באַמ קעגנערישנ צאַד — אינ דער לערערקעס לאַגער. קוידעמקאָל האַלטנ דאָ די וואַכ „דרײַצנ־פערצנ קאָמיוגיסטנ אונ פיר אונ פערציק פּיאָנערנ"; ווידער די „שטיקער יוגנט" — „אַלע אירע הונגעריקע" זינ, אונ אויכעט די קוכטאַרנ — „לייבעדער שמיד, אַט דער האָריקער בער", אינ וועמענס שווערנ, פאַרהאַרטעוועטנ מויעכ די לערערקע צינדט אָנ עפּשער די ערשטע פײַערלעכ פונ קלאַסנ־באַוווּסטזײַנ אונ מענטשנ־ווערדע!

צוליב קאָמפּאָזיציאָנעלע טײַמימ מינאַסטאַמ האָט אונדזער דיכטער אויסגעמיטנ קינסטלערישע דעטאַליזאַציע אונ פאַרטיפונג, אָבער דער „סאָציאַלער באַשטאַנד" פונ א „פאַרוואָרלאָזטער נעסט" איז געגעבנ געוואָרנ. לייענענדיק די פּאָעמע, זעענ מיר דאָס שטעטל.

אָבער ווי פאַרוואָרפנ, אָפּגעשטאַנענ, פאַרוואָרלאָזט א „נעסט" זאָל ניט זײַנ אינ אונדזער לאַנד, איז עס דאָכ א קעמערל אינעמ אַלגעמיינעמ געוועב, אַזוי אָדער אַנדערש אײַנגעפלאָכטנ אינ די וויכטיקע סאָציאַלע פּראָצעסנ, וואָס שטעלנ זיכ אפ קיינ רעגע ניט אָפּ אינעמ מעכטיקנ אָרגאַניזמ. מיט זײַנ קלאָרער אידעאָלאָגישער שטעלונג, מיט זײַנ שטײַפּ קינסטלעריש געפיל האָט כאַריק פאַרשטאַנענ ווי אײַנצושליסנ דאָס „פּיצל ערד אינ קאָנ פונ איצטערדיקע שלאַכטנ".

פונ איינ זײַט — די לערערקע, וואָס קומט פונעמ פּראָלעטאַרישנ צענטער; די אכט מיידלעכ, וואָס פאָרנ אינ מאָסקווע שטודירנ.

דאָס וועלנ זיי דאָכ פאַרבײַטנ די אומקומענדיקע לערערקע!

„די צוועלף באָכערימ, וואָס זוכנ אינ מאָסקווע אנ אַרבעט", ווו זייער געוועזענער כאַווער, וואָס האָט זיכ שוינ אײַנגעאָרדנט באַמ סעליפּאַקטער; „בערעלע ביק איז שוינ א יאַ־טעבע־דאַמ דאָרט". דאָס איז איינ ליניע.

אונ די צווייטע: „פיר קרעמער, איינ שויכעט, מעלאַמדימ דרײַ־פיר", אונ דער אַלטינקער ראָוו. האָט זיכ באַקומענ א שטעטל א לעבעדיקס, אַזויווי עס איז („מיט לײַב אונ לעבנ"!) אײַנגעוועבט „אינ דער גרויסער מאַטעריע, וואָס טראָגט דעמ נאָמענ" — ראַטנפאַרבאַנד...

## 4. פֿאָרמעלע אייגנשאַפֿטן.

ליטעראַריש גענומען, איז „מיט לײַב און לעבן" אַן אויסגעצייכנט פּאָעטיש ווערק. פֿאַרדינען דעריבער איר סטיל און קאָמפּאָזיציע אַ ספּעציעלע דעטאַלע אָפּהאַנדלונג. דערווײַל אָבער וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די וויכטיקסטע פֿאָרמעלע אייגנשאַפֿטן פֿונעם ווערק.

ווו איז די אייגנטימלעכקײַט פֿון דער פּאָעטישער פֿאָרם?

— דערין, וואָס זי סינטעזירט די צוויי סטיכיִעס, וואָס איטלעכע פֿון זיי האָט זיך אַן אייגנטימלעכע געזעצמעסיקײַט, איר לאָגיק, איר קאָנסטיטוציע. זאָגן, אַז צווישן דידאָזיקע צוויי סטיכיִעס איז אַן אַבסאָליוטע פֿײַנטשאַפֿט, קאָן מען, פֿאַרשטייט זיך, ניט. באַהויפּטן, אָבער, אַז צווישן זיי הערשט אַ שטענדיקער שאָלעם־בית, טאָר מען אויך ניט. דער „עמעס" איז, אַז זיי שטויסן זיך זייער אָפֿט צונויף.

אַ באַשטימטע דיִאַלעקטישע לייזונג פֿונעם דאָזיקן ווידערשפּרוך האָבן מיר שוין אין דער אַזויגערופֿענער אָביעקטיווער נאַטור־ליריק. די עצעם ליריק—דעם דיכטערס „הישטאַפּכעס־האַנעפֿעש"—איז דאָ פֿאַרבאָרגן (ניט שטענדיק, נאַטירלעך) „הינטער די קוליסן" פֿונעם נאַטור־שטאָף.

אַן אייגנאַרטיקער סינטעז פֿון פֿאַרענדערלעכע, מענטשלעכע שטימונגען און באַשטענדיקע (רעלאַטיוו, נאַטירלעך) נאַטור־דערשײַנונגען.

אַ העכערע מאַדרייגע איז אָבער די אַזויגערופֿענע סאָציִאַלע ליריק. און קוידעמקאָל דערפֿאַר (שוין ניט גערעדט וועגן איר געזעלשאַפֿטלעכן באַדײַט), וואָס איר קומט שוין אויס צו לייזן דעם ווידערשפּרוך צווישן צוויי פֿאַרענדערלעכע מענטשלעכע סטיכיִעס: צווישן דער לאָגיק פֿונעם דיכטערס שטימונגען מיט דער לאָגיק פֿונעם אָביעקטיוון סאָציִאַלן אינהאַלט. דערפֿאַר טאַקע איז אַזוי זעלטן דערדאָזיקער מין עכטע, אָרגאַנישע סאָציִאַלע ליריקער, וואָס זייער שאַפֿן זאָל פֿאַרבאַהאַלטן אַ דויערנדיקן קינסטלערישן, און ניט בלויז היסטאָרישן ווערט...

זייער אַ קאָמפּליצירטער מין איז יענע עפּישע ליריק, ווו די לאָגיק פֿונעם אָביעקטיוו סאָציִאַלן אינהאַלט פֿאָדערט אָביעקטיווע שטייגער־בילדער. דאָ איז די געפֿאַר צו „פֿאַרפּראָזאיִשן" און, אַזויאַרום, אונטערצורײַסן, אויב ניט אינגאַנצן צו אַנולירן דעם ספּעציפֿישן דיכטערישן סטיל—זייער רעאַל.

וויִאַזוי האָט כאַריק אויסגעמיטן דידאָזיקע געפֿאַר? וויִאַזוי האָט ער געלייזט דעם „אימאַנענטן" ווידערשפּרוך פֿון דער עפּישער ליריק?

אַזאָנעם, אַז מיט אָט וואָס פאַר א מיטלען (מיר האָבן דאָ אינזינען בלויז די וויכטיקסטע):

1. די ריטמען־רייַכקייַט. די גאַנצע פּאָעמע ווערט צעוויקלט ניט מיט איין באַשטימטן טעמפּ, נאָר מיט א שלאַל ריטמען און פאָרמען, אַנטשפּרעכיק צו די באַזונדערע מאָמענטן, צווישן זיך לאָגיש פאַרבונדענע, אָבער אין דערזעלביקער צייַט קינסטלעריש־פאַרענדיקטע.

2. ראַציאָנעלע, פּראָפּאָרציאָנעלע פאַנאַנדערטיילונג פון די „סוביעקטיווע" און עפּישע עלעמענטן.

3. מייַסטערהאַפטיק איינגעוועבטע דיאַלאָגן (א פּאָרזעצונג פון די געלונגענע פּרוּוון אין „ברוּיט"). אין דעם פּראַט איז בא אונדז כאַריק דער ערשטער און שטאַרקסטער!

4. די בריוו־פאָרם: דערדאָזיקער בריוו־פּאַרקער צווישן דער לערערקע מיטן מאָסקווער כאַווער, וואָס אַרבעט באַם סעליפּאַקטער, צווישן דעם מעלאַמעד מיטן מאָסקווער קרעמער—באַלייַכטן מיט א באַזונדערער שייַן די אינטימסטע פּראָצעסן בא פאַרשיידענע שיכטן!

5. באַשטימטע פאָלקלאָר־פאָרמען. באַזונדערס געלונגען זענען מיר עס אינעם געדיכט „מינוטן", ווו ס'ווערט געשילדערט, ווי אונדזער געטרייַע לערערקע גויסעט.

6. געלונגענע פּאַראָדיעס, באַזונדערס אין „אלה תולדות מאָסקווע"— זייער א שאַרפזיניקער ענטפער דעם שטעטל, וואָס גלייבט ניט, אַז די „שוואַרצביינעוודיקע גויע קאָן אויסלערנען די קינדערלעך טאַ־נאַך"...

7. דער רעפרען־קאַפּיטל צום סאָף. דאָ האָבן מיר צו טאָן ניט מיט קיין הוילער איבערכאַזערונג צוליב „מוזיק" וועגן און אָפּט („מכדי שלא יהיה הניר חלק"—דאָס פאַביר זאָל ניט פּוסטעווען...), ווי דאָס פלעגן פּראַקטיקירן די פּאַרצייַטיקע מעכאַברים און צומאָל אייניקע הייַנטצייַטיקע האָנאָראַר-טרייַבערס. ניין, דער רעפרען קערט אונדז ניט אום צום אָנהייב ווערק, נאָר ער פירט אַרייַן אינעם שטעטל א נייַעם קולטור־קעמפער, אָנשטאָט דעם אומגעקומענעם. דער רעפרען צעוויקלט ווייַטער די „לופטיקע הימלען" איבערן „פּיצל ערד", וואָס וועט ווערן נאָך מער אַרייַנגעצויגן (און דערינען איז פאַראַן אויכעט אונדזער אומגעקומענעם כאַווערס א כיילעק!) אינעם „קאָן פון הייַנטיקע שלאַכטן".

אויספירן: „מיט לייַב און לעבן" איז א האַרמאָניש ווערק, ווו די קונסט איז אַף דער הייך פון דער אידעאָלאָגיע.

## 5. דאָס אָרט פון „לײַב און לעבן״ אין כאריקס שאפן.

אין אונדזער ערשטן קאפיטל האָבן מיר געפּרוווט פעסטשטעלן:

1. אין וואָס פאר א זינען די „מינסקער בלאָטעס״, דעריקער דער ערשטער טייל, דער „היסטאָרישער״, דער וויכטיקסטער אין דער גאנצער זאך, איז געווען אן אייגנארטיקער ענטפער אפן דיכטערס אוועקגיין פונעם „ברענענדיקן״ שטעטל; און 2) וויאזוי „ברויט״ און „לײַב און לעבן״ האָבן פון זייער זײַט געענטפערט אפ דערדאָזיקער היסטאָריש־קינסטלערישער עקסקורסיע. דארף איצט קומען די נײַע סינטעטישע סטאדיע, ווו די קלאסן־ענערגיע פון די פּיניעס וועט באקומען איר דירעקטן קינסטלערישע טיקן.

לויטן אינהאלט, לויט די טרײַב־קרעפטן—אינטערנאציאָנאל־קלאסעווע, איז די קונסט לויט אירע פאָרמען — נאציאָנאל.

„אין לײַב און לעבן״ איז די הויפּט־פיגור די לערערקע. א־ז וויכטיק, וואָס כאריק האָט זי, אָט דעם פאָרשטייער פונעם דריטן פראָנט, איינעם פון אונדזערע וויכטיקסטע מיטקעמפפערס און מיטבויערס, אזוי ריכטיק געשילדערט. די צענטראלע פיגור פון אונדזער גאנצן לעבן, פון אונדזער וואונדערלעכן וועלט־היסטאָרישן צײַט־אָפּשניט. איז אָבער דאָך דער ארבעטער־קלאס—די פּיניעס פון אלע פעלקער און לעשוינעס פון אונדזער גרויסן ראטנפארבאנד. און אָט דאָ דארף זײַן דער פאָקוס פון אלע קינסטלערישע אָנשטרענגונגען און דערגרייכונגען פון אונדזער פּראָלעטארישער קולטור און ליטעראטור. זאָל עס זײַן „די ערשטע שטעטלדיקע שוואלבן״, וואָס ארבעט שוין אין מאָסקווע באַם סעליפאקטער: זאָל עס זײַן „בערעלע ביק״, וואָס איז דאָרטן „א גאנצער יא־טעבע־דאם״; זאָלן עס זײַן די איבערגעבליבענע אין שטעטל פּיניעס, אטנפלעקן מוז מען זיי!

דער מאָטאָ צו „לײַב און לעבן״ זײַנען די שורעס:

„איך האָב געוואָלט אין שטיין און שטאָל
דיך אָנטון, שטעטעלע דו מײַנס״.

דארף מען עס פארשטיין, ווי א קינסטלערישע פּערספּעקטיוו... פאר דיכטער, וואָס זינגן „מיט לײַב און לעבן״—און אזוי גליקלעך גיריק אונדזער אָקטיאבער־ערד, זײַנען די הימלען:

לופטיק!

צעוויקלט!

קלאָר!

1929

## „אינ באהעפטונג“.

(וועגנ ווײַנערמאנס דיכטונג)

### 1. דאָס שטעטעלע, אלס א סאָציאַלער עלעמענט אינ ווײַנערמאנס שאפנ.

„שטעטל־שטעטעלע,
ווי א גרינער בערגל מאָכ,
ווי געלע הארבסטיקע אטאווע,
כ׳בינ פונ קינדווײַז דיר
א פרײַנט,
א פרײַנט,
א כאווער.
כ׳ווייס פונ קינדווײַז נאָכ דײַנ אומעט—
— איווע־ווײ אפ ברעג פונ אויסגעהאקטע האָנעס“.
(„מײַנ הארצ, מײַנ טרוים“)

געוויס איז אינ דערדאָזיקער הארציקער, אינטימער ווענדונג צומ „שטעטל־שטעטעלע“ זיכער פאראנ עפעס קינדערשס, עפעס אזוינס, וואָס שטאמט פונ די אומפארגעגלעכע, איינציקע קינדער־יאָרנ! אונדז דוכט אָבער, אז עס וואָלט געווענ א טאָעס צו האלטנ, אז עס גייט בלויז פונעמ קינדערשנ, פונעמ אינדיווידועל־ביאָגראפישנ, ניינ: ס׳איז א סאָציאַלע דערמאנונג, ס׳איז סאָציאַלער „אומעט“ אונ פונדאנעט דאָס באוווסטזײַנ פונ „זויבערסטער פארפליכטונג“; דער

„גרויסער בליק צעצינדט פעכ אינ שוועבל
פאר דײַנ אופשטראל אונ פארניכטונג“.

אגעוו, ריכטיקער וואָלט געווענ „איבערצוקערנ די יאָצרעס“. דער „אופשטראל“ קומט דאָכ אינעמ געגעבענעמ פאל נאָכ דער „פאר־ניכטונג“.

פונדאנעט: „די פרייד, וואָס שמייכלט אינ שארפסטנ אומרו“, וועב אונדזער דיכטער דערזעט (אונ ניט נאָר דערזעט: ער אליינ באקרוינט אק־טיוו דעמדאָזיקנ גרויסנ פראָצעס) „א ייִד, וואָס גייט אפ ערד אריבער,

א ייִד אפּ אייגן זאַלצ און ברויט"; ווי די „פּארכווישעכטע, פּאררייטע" זײַנען „מיט הארטן טראָט שוין צוגעשמידט צו ערד".

דער איבערוואנדערער־מאטעריאַל איז סאָציִאַל ניט איינהייטלעך: באגלײַך „מיט צוגעווײנטע הענט צו קליינגעוויכט און מאָס" האָבן מיר דאָ „שטעפּער, שערער, מאָלער, שוסטער, האַלצזעגער"*) אוכדוימע מעלאָכעס און פּארנאָסעס, וואָס דער כ' ווייַנערמאן האָט זיי אליין געהאט דורכגעמאכט אפּן וועג צום „פּעטן רויערד"... עס זײַנען אויך געווען אויסגעשפּראָכענע עקספּלואטאטארישע עלעמענטן. צווישן דידאָזיקע פּארשיידענע סאָציִאַלע קאטעגאָריעס איז, פּארשטייט זיך, קיין שאָלעם־באַיִס ניט געווען, ניט בלויז ביז דער איבערוואנדערונג, נאָר אויך אפּן נייעם אָרט. מע האָט געהאסט, מע האָט געקעמפּט. בא ווייַנערמאנען קומט אָבער אויס, אז ווי נאָר מע באזעצט זיך אפּן נייעם אָרט, אז ווי נאָר מע גייט אריבער צו ערד־ארבעט, אזוי ווערן די אלע סאָציִאַלע אונטערשיידן און קעגנזאצן אָפּגעווישט... אונדזער דיכטער שרייבט:

„כ'האָב אייך מער שוין זען ניט געקאָנט,
פּארכווישעכטע, פּאררייטע,
מיט צוגעווײנטע הענט צו קליינגעוויכט און מאָס.
ס'האָט אין מיר געשמארצט און ס'האָט אין מיר געווייטעקט.
און ווי געשווילעכץ האָט געשטיגן מיין פּאררדראָס"
...און פּארשווונדן איז מיין האס צו אייך,
ווי נעפּל־רויך אין טאָלן,
און ס'איז מיר אזוי ליב, און ס'איז מיר אזוי גרינג
אייך זאָגן ווייך און הארציק: שאָלעם! שאָלעם!
פּאר יעדן ברי פּון זון, פּאר יעדן נייג פון ווינט."
(„איר זייט מיר טייַערע", ז. 31).

פּילט מען, דערשפּירט מען אומבאשטרייַטבאר, אז דער דיכטער האָט ניט באנומען אין זיין גאנצער קאָמפּליצירטקייט דעם גרויסן היסטאָריש־וויכטיקן פּראָדוקטיוויזיר־פּראָצעס, דעם אייגנארטיקן „צוזאמענשלוס"־פּראָצעס, אין וועלכן די האָרעפּאשנע עלעמענטן אינעם קאמפּ קעגן די עקספּלואטאטארישע עלעמענטן פירן נאָך זיך די געוועזענע באָדנלאָזיקע אָרעמשאפט.

דאָס „שטעטעלע" אין ווייַנערמאנס שאפן דארף באטראכט ווערן ניט בלויז אלס א באשטימטער פּאָעטישער מאָטיוו (ענלעכע מאָטיוון קאָנען געמאָלט זיין אויכעט בא סאָציִאַל־אנדערע קינסטלער), נאָר אלס א סאָ־

*) פּון כ' ווייַנערמאנס אן אויטאָביִאָגראפיש נאָטיצ.

ציאַלער עלעמענט, אלס א פסיכאָ־אידעאָלאָגישער שטריך, ווי איינער א דיכטער האָט געזאָגט: „וויל מען וויכן דעם דיכטערס ליד, זאָל מען גיין אין זײַן לאנד... ס'הייסט צו זײַן סאָציאַלן שטאם.״

## 2. מאָטיוון.

אין ווײַנערמאנס דיכטונג האָבן מיר אן איבערפלעכט פון א גאנ־צער ריי מאָטיוון. מיר וועלן זיך אָבער אָפּשטעלן דעריקער אף יענע, וואָס זײַנען פארורזאכט דורך דער סאָציאַלער נאטור פון זײַן שאפן.

א) שווערי קײַטן.

„פרייד און ברויט, פון פעלד געגעסן,
קומט אָן זייער שווער״ („בא דער ארבעס״, ז. 36).

דאָס איז, פארשטייט זיך, ריכטיק, אָבער—פאראלגעמיינערט. עטוואָס לאָקאלער קלינגט:

„אונטער גלי
פון דערעמדיקן פלאקער
ניט אקסלבייג
קאָן אויסכאָוועגן די לאסט״ („אָפּפאל״, ז. 82)

אָדער:

„דער רויווינט אף רויפלייש פון וואָרצלען
ריזלט, און הריזעט, און פרעסט״ (ז. 89)

אָדער:

„איך שטיי אזינד א דולער אף מײַן פעלד
בא אויסגעפרירטע פליכעס״ (ז. 91)

אָדער:

„אָנהייב מײַ און רויטע פאָנען,
און קיין שפראָץ פון גראָז (ז. 93)

אָדער לעסאָפּ:

„אין ווייכע הענט
פארקרימט זיך ווייטעקדיק דער אקער,
פון הארטן גליווער
ברעקלט זיך דער פלאסט״ (ז. 82).

דאָס איז שוין ניט סטאם שווערי קײַט, נאָר טאָקע „צאר פון ערד״ „פײַן פון שטעטלשע ווייכלײַביקע געבורטן״, אָדער ריכטיקער פון איבער־געבורטן... ביכלאל: אלע ערשטע לידער פונעם ציקל „פאר א נײַער

צוים" זײַנען עס טאקע דורכגעדרונגען מיט אָרגאנישער פויערישער זאָרג.

נאָענט דערצו זײַנען אויכעט די צוויי גרעסערע זאכן אינעם ביכל: „מיט מײַן פאטלאטן" און די „באלאדע וועגן ברונעמ" (שטייגער־עפּי־זאָדן פונעם „גרויסן ערעוו"). אגעוו, קאָמפּאָזיציאָנעל געמומען איז די ער־שטע פּאָעמע (די איינציקע אינעם ביכל) שוואכ. דאָ איז מער דער־ציילט, ווי באַוויזן; דאָס פארמינערט אָבער ניט די שארפע קאָנקרעטקייט פונעם עפּיזאָד, וואָס ליגט אין גרונט פון דער גאנצער זאכ.

אלזאָ: דאָס וויכטיקסטע אין דער קינסטלערישער פארקערפּערונג פונעם מאָטיוו „שווערקייטן" איז דער אָנוווקס פון לאָקאלע עלעמענטן, ס'איז „פויעריש", אָבער אין וואָס פאר א זינען?

ב) מי.

ס'איז, דוכט זיכ, פארשטענדלעכ, פארוואָס דערדאָזיקער מאָטיוו איז איינער פון די צענטראלע, אויב ניט דער צענטראלער פאר דער סאָציאַלער כאראקטעריסטיק פון אזא שאפן, ווי ווײַנערמאנס. זאָגן, אז ער זאָל פארנעמען דעם אויבנאָן אין ווײַנערמאנס דיכטונג, קאָן מען דערוויַל ניט, אָביעקטיוו גענומען, האָט דאָס אוודע א געוויסן גרונט אונטער זיכ: די „פויעריזירונג", אויב מע קאָן זיכ אזוי אויסדריקן, פון דעם שיכט, וואָס ווײַנערמאן איז איר פּאָעטישער אויסדריקער, איז דאָכ נאָכ זייער א פרישער פראָצעס! וויכטיקער איז דאָס, וואָס דאָס ביסעלע וועגן מי, וואָס איז יאָ פאראן אינעם ביכל, זאָגט איידעס דערויף, אז דער אריבערגאנג איז אזויווי פאָרגעקומען, אז יעדנפאלס קומט ער פאָר, אז די מי איז שוין אן אָרגאנישער שטייגער־עלעמענט אינעם דיכטערס שיכט. א באַוויַז זײַנען אזעלכע לידער, ווי „בא דער ארבעט" (ז. 36), „שניט" (ז. 37), „שפאל נאָכ שפאל" (ז. 33). דאָס זײַ־נען, געזונטע, מונטערע ארבעט־לידער. גלייבן מיר אונדזער דיכטער, ווען ער זאָגט:

„כ' פרײַ זיכ איצט דערמיט
וואָס כ'האָב דער ערשטער דאָ
מיט אָקסן־קראפט
די וועגן אויסגעשניטן,
וואָס כ'האָב אפּ ראכוועסן
פון ווייץ און גערשטן
אויסגעכאָוועט מײַנע זינגעווערקע בלי־טעג". (ז. 21)

אָדער:

„כ׳האָב מיט בלוט און שווייס דיך אופגעריסן און באמיסטיקט,
און איצט וואקס איך דאָ א יאָדערדיקער, שניטער״. („דעם לאנד״ ז. 14).

יאָ, ניט בלויז אלס א מאָטיוו, נאָר אלס א באשטימטער פסיכאָ־אידעאָלאָגישער עלעמענט דארף באטראכט ווערן די „מי״ אין וויַנערמאנס שאפן. דאָס נײַע איז דאָ ניט אין דער עצעם מי: פאר וויַנערמאנס שיכט, לעהייפּעך צו די „צוגעווינטע צו קלײנגעוויכט״, צו די „כאַיִם־לייזערס״—איז די מי ניט קיין נײַס, דאָס נײַע איז דאָ אין דער פויערשער, אָדער ריכטיקער, לאנדווירטשאפטלעכער פארוואנדלונג.

ג) באהעפטונג.

בא אָרגאנישער פויערשער דיכטונג, וואָס הינטער איר שטייען דוירעס פויערטום, קאָן דער מאָטיוו פון „באהעפטונג״ אפילע אויספעלן. ווען מע איז יאָרנלאנג באהאָפטן, ווערט עס אן איינפאכע אינסטינקטיווע שפירונג, און מע קלערט ניט וועגן דעם—ס׳איז א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך. פאר אן איבערוואנדער־פויערטום אָבער, פאר א פויערטום, וואָס שאפט זיך דורך דער איבערוואנדערונג פון שטעטלשע עלעמענטן, איז עס א וויכטיקע פּראָבלעם, צי שטייט מען דערוויַל אפ איין פוס, צי מע איז אײַנגעוואָרצלט, „באהאָפטן״.

פון די אויספירן, צו וועלכע מיר זײַנען געקומען באם אנאליז פון די מאָטיוון „שווערקײַטן״ און „מי״, איז שוין קלאָר, מיט וואָס פאר א „באהעפטונג״ מיר האָבן צו טון אין וויַנערמאנס שאפן: מיט אן אָרגאנישער. ווען אונדזער דיכטער ראפּאָרטירט דעם 8־טן צוזאמענפאָר פונעם קאָמיוג:

„זון בא מיר אין לאנד,
אין היימלאנד מײַנעם זון
און בין ניט ווי א זוימען־שיט אפ העפקער.
ווער ס׳האָט זאפט אין שטאם,
און ווער א שטאם אין גרונט —
אין באהעפטונג״ (ז. 15).

באקומט עס דעם באדײַט פון א געזעלשאפטלעכן דאָקומענט: דער פּראָדוקטיוויזיר־פּראָצעס, דער אריבערגאנג צו ערד, די קאָנגנזײַטיקע באהעפטונג פון ארבעט־קראפט צום באָדן און פון ווילדער רויערד צו ארבעט־קראפט—איז א פאקט!

נאָר אפ א באזונדערן אויפן באשטעטיקן די „באהעפטונג״ די פויערש־שטייגערישע בילדלעך אינעם ביכל, אשטייגער: „דרײַ״ (34), „שײַטערס״

(40 א. א. ו. דאָס זײַנען שטיקער צווייענדיקע ביִאָגראַפּיע: אינדיווי־דועלע און סאָציִאַלע...

אזויארום, איז אונטערסאַכאַקלענדיק די אויספירן בענעניייע די מאָ־טיוון „שווערקײַטן״ „מי״ און „באַהעפטונג״, קומען מיר אָט צו וואָס פּאַר א פּאָרלויפיקן באַלאַנס: די פּאַרוואַנדלונג פון ווײַנערמאַנען אין א דיכטער פון ערד־אַרבעט איז אזויווי פּאָרגעקומען. דאָס שליסן פונעם גאַנצן ביכל מיט דער ליד „אין בענקשאַפט״ (דאַטירט: אָדעס 1928) איז, אפּאָנעם, ניט קיין צופעליקײַט:

„...מיין ניט, איך האָב דיך פאַראַטן,
איך בין אוועק, נאָר אוועק אפ א ווײַל,
אפ א ווײַלע דאָ זיך פאַרהאַלטן
ניט גלאַט אזוי, גלאַט אזוי, גלאַט —
אפ טעסען, אפ הובלעווען באַלקנס
דאַרף מען אויך זײַן געניט אין א האַק.
אין האַרצ מײַנס א וואַרעמער אופשטײַג
לײַטערט מײַן מויעך און בלוט
אפ קאָנען געוואַגטער און דרייסטער
זיך שטעלן צוריק צו מײַן פלוג״. (ז. 11)

ווײַנערמאַנען איז שווער צו באַנעמען „דעם אָנקום אפ שטאָטישן שטיין״...

ד) נאַטור.

ווי ס'איז באַוווּסט, איז דערדאָזיקער מאָטיוו איינער פון יענע דווי־ערנדיקע מאָטיוון, וואָס באַגלייטן די קונסט א לאַנגע צײַט אין די פּאַר־שיידנסטע פאָרמען. און ס'איז טאַקע שווער צו געפינען א דיכטער, וואָס בא אים זאָל דערדאָזיקער נאַטור־מאָטיוו אינגאַנצן אויספעלן. רוקט עס ארויס א ספּעציעלע פּראָבלעם בענעגייע צו ווײַנערמאַנס דיכטונג, דע־הײַנע: ניט דער נאַטור־מאָטיוו סטאַם גענומען, נאָר דאָס ספּעציפיש־פּויערשע אינעם אופנעמען דידאָזיקע נאַטור. איז וואָס־זשע פאַר א מאָ־מענטן פון דעם מין זײַנען עס פאַראַן אין ווײַנערמאַנס נאַטור־דיכטונג?

ערשטנס — די אָרגאַנישע פאַרבינדונג פונעם נאַטור־מאָטיוו מיטן מי־מאָטיוו; דער אופנעם פון דער נאַטור דורך דער מי:

א) „נעכט —
מיט רו, מיט רעגן און מיט ראָסע.

טעג—
מיט זונ, מיט זומער און מיט זעט.
ס׳האָט א פרייד אונדז אָנגעפילט און אָנגעגאָסנ,
און מיר צייטיקנ, ווי זאנגענ אפנ סטעפּ.
כ׳האָב ליב, ווענ ס׳סארפּעט אונדז די זונ, ווי געלע שייטערס,
און מיר
אלע בייגנ האלדז און נאקנ—
נא און ברי.
כ׳האָב ליב:
ווענ יונגווארג ווערט פארהארטעוועט און צייטיק,
און ס׳שמעקט פונ אונדז מיט פרילינג און מיט מי—
די זונ, „האלדז און נאקנ״, דער פרילינג—דורכ מי!״

ב) א טאָג מיט מי א רונדיקנ איכ טראָג
איבער שפּראָצנדיקע בייטנ און באשטאנענ״.

ג) „מוט און מי
פונ אלצ, וואָס בלוטיקט דאָ,
גענים איכ:
סע רייצט מיכ מילד דער ווילדגראָז,
אוי, מיינ ערד, מיינ רויע ערד,
מיינ ניט־דערבויטער יי׳שעוו
פאר מיינע אויגנ רייפסטו,
ווי א פולער מילגרוים״. (ז. 21)

דאָס ווילדגראָז רייצט, פונקט ווי דער „ניט־דערבויטער יי׳שעוו״: דאָס „ווילדגראָז״—פארניכטנ, דעמ יי׳שעוו—דערבויענ...

„און ס׳צינדט זיכ מיינ שטאָלצ אינ די אויגנ
און ס׳שארפט זיכ מיינ הארציקער נייגיר.
אינ נאכט־שאָ אזוינער
דערפיל איכ די זוימענ
פונ מיינע פארבוקערטע טרוימענ.
איז שווער מיר איצט ריידנ,
נאָר שווערער מיר שווייגנ״...
(אינ „טויזקנ שווייגנ״ ז. 24)

דערפילנ אינ „טויזקנ שווייגנ״, אינ נאכט־שאָ אזוינער, די זוימענ פונ די „פארבוקערטע טרוימענ״—איז אוואדע א מאדרייגע!

———

ענלעכע אויסצוגנ פונ ווייגערמאנס ביכל וואָלט מענ געקאָנט ברענגענ היפשלעכ. אונדז דוכט אָבער, אז אויכעט די אויבנגעבראכטע בא־

שטעטיקן אונדזער געדאנק וועגן דער אָרגאַנישער פאַרבינדונג צווישן דעם נאַטור-מאָטיוו מיט דער מי, און דאָס איז זיכער איינער פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם פּויערשן וועלט־אופנעם.

## 3. עטוואָס וועגן ווײַנערמאַנס בילדערישקייט.

צי איז פאַראַן עפּעס ספּעציפישעס פּויערשעס אין ווײַנערמאַנס פּאָעטיק? אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלעך אונדזערע וועלן מיר זען, אַז וועגן דורכויסיקער „פּויערישער" פּאָעטיק קאָן בענוגייע צו ווײַנער־מאַנען קיין רייד ניט זײַן, אָבער עלעמענטן זײַנען זיכער פאַראַנען.

**פאַרגלײַכן:**

„היי, צעפלאַמט זיך, מײַנע הענט, ווי זון־פאַרגאַנגען
אין רוימען,
צעלאָז זיך האַסטיקער, מײַן פרייד, ווי שפּעפּלעך
אין נידער"! (דעם לאַנד")
„טראָפּן שווייס, ווי פולע זוימען,
פאַלן אין פאַרזיי".
(„בא דער אַרבעט")

„... און מיטאַמאָל ווערט שטילער, שטילער,
פאַרטישקעוועט, ווי צוגעפּלעטשט מיט ווילעס..."
(„מיט מײַן פאַטלאַטן")

„איז וויל ער באַערן
דעם אומקום פון זעטיקע ווייצן
מיט אויסשיט פון שטערן."
(אין „טויזקן שווײַגן")

**זייער אַ געלונגענע אַסאָציאַציע! מעטאַפאָרעס...**

„דערפיל איך די זוימען
פון מײַנע פאַרבוקעטע טרוימען".
(דאָרטן)
„גלאַנציקער בלאָנקעט דער גינגאָלד פון אונדזערע רו־טעג"
(דאָרטן, ז. 27)

„שטיי איך שטיל,
ווי אַן עפּלבוים, פאַרקלערט,
און ווילדגראָז גרינט מיט טוי
אף מײַנע ליפּן." („פּרי", ז. 17)

צו דידאַקטיקע בײַשפּילן — מיר האָבן אויסגענוצט ביז איצט אַ טייל — דאַרף מען צוגעבן דעם ציקל אין „פרילינג־צעגוס", באַזונדערס די

ווייניקע דופטיקע, עכט יוגנטלעכע לידער: „יאטעכעס, ווי ניס"; „יעלן, יעלן, סאָסנעס" און „ווײַסער בערעסט"... מע דערפילט דאָ דעם „האפט, און זאפט, און מאָך", דעם „פעטן רויערד" פון ווײַנערמאנס „ערשטער בליי־קער באהעפטונג".

אימאזשיניזם: די מארקסיסטישע פּאָעטיק האָט שוין פעסטגע־שטעלט, אז דער אימאזשיניזם בא די פויערישע דיכטער שטאמט פון דער קאָנסערוואטיווקייט פונעם פויערישן לעבנשטייגער, יעדנפאלס פון די סטאטישע עלעמענטן זײַנע. ווײַנערמאן כאראקטעריזירט זיך:

„פון שטענדיק אָן מיך ציט
צו שטורעמדיקע שניי־טעג,
מײַן הארצ כאפט אופ מיט פרייד
די האסטיקייט פון שמראָמען."
(ז. 101)

ווידער זײַנען אין ביכל פאראן לידער יוגנט־קאָמיוגישע, קורצ: וועגן א דורכויסיקן אידעאָלאָגישן קאָנסערוואטיזם קאָן, פארשטייט זיך, קיין רייד ניט זײַן. אָבער די אימאזשיניסטישע עלעמענטן אין אזעלכע לידער, ווי „בענקשאפט", „אָפּפאל" א. אנד., מוזן דאָך שטאמען פון באשטימטע „פויערישע" שטימונגען... דינאמיק איז אין ווײַנערמאנס דיכטונג ווייניק.

## 4. וועגן פויערישער דיכטונג.

די אופגאבע פון אונדזערע קאפיטלעך איז געווען צו דערווײַזן די אָנוועזנהײַט פון באשטימטע „פויערישע" עלעמענטן אין ווײַנערמאנס דיכטערישן וועלט־אופנעם. אָבער עלעמענטן, האגאם אָרגאנישע, מיר שטרײַכן אונטער אָרגאנישע — זײַנען דאָך פאָרט ניט קיין גאנצס. און ווירקלעך: פאנאנדערקלײַבנדיק א ריי אנדערע מאָמענטן אין ווײַ־נערמאנס שאפן, וועלן מיר זיך דערין באשײַמפערלעך איבערצײַגן. ווײַ־נערמאן איז ניט קיין „פויערישער" דיכטער אין פולן זינען פון וואָרט. וואָס איז אָבער סאָפקאָלסאָפ פויערישע דיכטונג? אפאָנעמ, אז מיר וועלן ניט קאָנען זיך רירן פונעם אָרט, ביז מיר וועלן דידאָזיקע פראגע ניט לייזן, נאטירלעך, אפ אזויפיל, אפ וויפל דאָס איז נייטיק צוליב אונ־דזער איניען. מיר שרײַבן דאָך ניט קיין טראקטאט וועגן פויערישער דיכטונג סטאם.

ווי עס איז באוווסט, דוכט זיך, שוין פאר קינד און קייט, איז די באזונדערקייט פונעם פויערטום דערין, וואָס עס פארייניקט אין זיך מי מיט אייגנטום. פון דעם שטאנדפונקט האָבן מיר אין דעם פויערטום פאר־שיידענע שיכטן, איינשליסנדיק דערביי דעם באטראַק אינעם פראָלע־טארישן קלאס. מיט איין וואָרט, עס שטעלט פאָר מיט זיך אן „איינ־הייט פון ווידערשפרוכן".

צווייטנס, זיינען די פארהעלטענישן צווישן דידאָזיקע שיכטן אינעם פויערטום גופא ניט קיין סטאבילע, זיי געפינען זיך אין שטענדיקער באוועגונג און ענדערונג, אין העסקעם מיט די פאָליטישע, עקאָנאָמישע און טעכנישע ענדערונגען אין דער גאנצער געזעלשאפט. אגעוו: די טיפסטע, ראדיקאלסטע רעוואָליוציע אין דידאָזיקע פארהעלטענישן וויקלט זיך איצט פאנאנדער פאר אונדזערע אויגן.

ווען מע מוז האָבן אין אויג די מאָמענטן פון דיפערענציאַציע אי־נעם פויערטום, וואָלט געווען פאַשעט קאָמיש צו ריידן וועגן איינהייט־לעכער פויערישער ליטעראַטור, באזונדערס אכן איצטיקן עטאפ פון פארשארפטע קלאסן־באציִונגען, ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם לעבנס־גורל פון צענדליקער מיליאָנען!

אלזאָ, וועגן אן איינהייטלעכער פויערישער ליטעראטור קאָן קיין רייד ניט זיין: דער קאמף אינעווייניק אינעם פויערטום איז א קאמף צווישן צוויי קעגנזעצלעכע טענדענצן: צום קאפיטאליזם אָדער צום סאָציִאליזם. אָבער „די איינהייט פון ווידערשפרוכן" אין דער נאטור סיי פונעם מיטלפויער, סיי פונעם אָרעמפויער, מאכט פאר מעגלעך די אָנוועזנ־הייט פון „שוטפעסדיקע" פויערישע שטריכן (אינדיווידואַליזם, קאָנ־סערוואטיזם, „מי—סטאם", „מענטשלעכקייט"—סטאם) אין דער ליטעראַטור פון פארשיידענע פויערישע שיכטן.

זיי געהערן די פארשיידענע קלאסן. נאטירלעך, אפ א באזונדערן אויפן.

———

בענעגייע צום יידישן פויערטום איז דאָס אויבן־פעסטגעשטעלטע אָנ־געמאָסטן מיט א ריי וועזנטלעכע קאָרעקטיוון, וואָס שטאמען פון די ספעציפישע פאָרמיר־באדינגונגען פונעם יידישן פויערטום. ניט אריינ־געבנדיק זיך דאָ אין אויספירלעכע בקיורעס, וועלן מיר דערמאנען אָט וואָס פאר א קארדינאלע אייגנשאפטן: 1) די פרישקייט פון יידישן פויערטום אין אלגעמיין גענומען (אויסער די עלטערע קאָלאָניעס); עס פאָרמירט זיך דאָך ערשט; 2) די אָנפירנדיקע ראָליע פון דער פראָלע־

טאַרישער מעלוכע באַ דער דאָזיקער פֿאָרמירונג; 3) די דורכויס שטעטלשע און שטאָטישע עלעמענטן, פֿון וועלכע עס פֿאָרמירט זיך: די ספּעציפֿיש־פּויערשע אינערציע פֿעלט דאָ.

אָבער אויך דאָ האָבן מיר די „צווייטע זײַט פֿון דער מאַטבייע״— א היפּשע אינדיווידואַליסטישע יערושע קימאַט באַ אַלע עלעמענטן פֿון דער איבערוואַנדערונג: באַם באַלמעלאָכע, באַם קרעמער, באַ דער יוגנט. און דאָס מוז זיך לאָזן פֿילן אַפֿ א באַשטימטן אויפֿן באַ דער „באַהעפֿטונג״ צום נײַעם באָדן און צו די נײַע לעבן־פֿאָרמען. די אינ־דיווידואַליסטישע וועלטאָנשויונג באַם פּויער שטאַמט פֿון זײַן קליינ־אייגנטימערישן דאָרפֿישן לעבנשטייגער. דער אינדיווידואַליזם באַם יידישן איבערוואַנדערער קומט מיט אים צוזאַמען פֿון דער „אַלטער היים״. איין מין אינדיווידואַליזם הייבט אָן מאָדיפֿיצירט ווערן אין א צווייטן, אַפֿ וויפֿל דער אינדיווידואַליזם איז נאָך ניט באַקעמפֿט פֿונעם סאָציאַליזם. זייער אַן אינטערעסאַנטן וואַריאַנט פֿון דעם דאָזיקן גילגל האָבן מיר אין כ׳ ווײַנערמאַנס שאַפֿן, א וואַריאַנט— און ניט קיין פֿולע אָפּשפּיגלונג מיט אַלע פּישטשעווקעס. ווײַנערמאַן איז דאָך א פּויער א „קאָמונאַר״, אָט טאַקע ניט סטאַם א פּויער, און סטאַם א קאָמונאַר, נאָר א „קאָמונאַר א פּויער״, וואָס האָט זיך נאָך ניט אײַנגאַנצן באַפֿרײַט פֿון דער קליינ־אייגנטימערישער פּסיכאָלאָגיע.

## 5. וועגן די האָפּשטיינישע עלעמענטן באַ ווײַנערמאַנען.

ווײַנערמאַן איז באַווירקט פֿון פּעפּערן, ערטערווײַז פֿון פֿינינבערגן און כאַריקן, נאָר באַזונדערס פֿון האָפּשטיינען. אַז דידאָזיקע באַוויר־קונג, וועלכע דערגייט ערטערווײַז ביז געפֿענקעניש, איז זיכער א פֿאַקט א נעגאַטיווער, און אַז דער יונגער קרעפּטיקער דיכטער מוז זיך באַפֿרײַען פֿון האָפּשטיינס ווירקונג,—איז אוואדע א נויטווענדיקײַט מאַכ־מעס פֿיל טײַמים.

אונדז דוכט אָבער, אַז עס וואָלט געווען א בעפּיירעשער טאָעס צו דרינגען פֿון אַלדעם, אַז מיר האָבן צו טון מיט איינפֿאַכער נאָכמאַכע־רײַ: האָט א יונגער דיכטער זיך פֿאַרליבט אין האָפּשטיינען „איבער די אויערן״. ניין, די עלעמענטן פֿון „הויכן געמיט״, דער אָריבערגאַנג פֿו־נעם קאָנקרעט־בילדערישן צום קלאַל; די פֿאַרטיפֿונג און סינטעזירונג פֿון געפֿיל; דער אינטעלעקטועלער צוגאַנג און פּערספּעקטיוו, וואָס אַנט־

פלעקט זיך מיטאמאָל, „דער ברויז פון שטייַפע אָדערן, וואָס דערהייבן דעם געפיל״ פון „צוויט״ ביז „רומ־געזאנג״, די פאטעטיק פון:

„טיפן פעטן גרונט
ביז בענקענדיקע הייכן!״

מיט איין וואָרט, די עלעמענטן פון „הויכן געמיט״, וואָס דרינגען דורך ווייַנערמאנס דיכטונג, זייַנען ניט קיין אָנפאנגערישער פראָקאט בא האָפשטיינען, נאָר אן אָרגאניש אייגנס באמ יונגן דיכטער! און ניט האָפשטיינען דארפ מען זוכן בא ווייַנערמאנען, נאָר ווייַנערמאנען אין די „האָפשטייניש״ ערטער בא זיך.

פאנאנדערקלייַבנדיק די מאָטיוון: „מי״, „נאטור״, „באהעפטונג״ א. ד. גל. אין כ׳ ווייַנערמאנס דיכטונג, האָבן מיר זיך איבערצייַגט אין זייער אָרגאנישקייַט. טראכט מען זיך גוט אריַין אין דער לאָגיק פון איטלעכן פון דידאָזיקע מאָטיוון באזונדער און אין דער אינערלעכער פארבינדונג, וואָס איז פאראן צווישן זיי, אזוי וואקסט אויס פאר אונדזערע אויגן א באשטימטע דיכטערישע וועלטאָנשויונג, אָדער בעסער געזאָגט—„וועלט־שפירונג״, דערבייַ מיט א ריי אויסגעשפראָכענע האָפשטייניש עלעמענטן. דער ד י א פ א ז א ָ נ אירער, דער פארנעמ איז—„וויי און מוט״...

ערשטנס, מיקויעכ „וויי״. פונוואנען גייט ער? פון די „שטעטלשע וויכלייַביקע געבורטן״, פון די „קרעמפן פון געבוירן״, אָדער ריכטיקער, פון איבערגעבוירן... און פונדאנעט—די עטיק פון „זויבערישער פארפליכטונג״ בענעגייע צו די „שטומע צאפלדיקע ווייען״. האָפשטיין האָט אָבער ניט אויסגעהאלטן די שטרענגקייַט פון אורטייל. די „פעלדזן פון דער צייַט״ האָבן אָפגעווענדעט זייַן שאפונג־שטראָם אין א זייַט, אין דער צייַט, ווען זייַן יונגער טאלמיד האָט גענומען „קלעטערן״ העכער. . איז עס שוין א כילעק פון סאָציאלע וואָרצלען און סאָציאלע פערספעקטיוון: בא האָפשטיינען—נאציאָנאלע אינטעליגענץ, אלס דער אידעאָלאָג פונעמ פעסטן קליינבירגערטום. בא ווייַנערמאנען—אויכעט אינטעליגענץ (אין א געוויסער מאָס), אלס דער אידעאָלאָג פון א פראָצעס פון פארוואנדלען איינ מין האָרעפאשניקעס (שטעטלשע) אין א צווייטן (פויערישע), באשטימט עס א סאָציאלע דיסטאנץ. אָבער די אלמעכטיקע דיאלעקטיק האָט אויך אהער זיך אריַינגעמישט: די קרויוועשאפט, אָדער ריכטיקער, „שכיינעשאפט״ באמ אויסגאנג־עטאפ האָט זיך גענומען אנטפלעקן אין א נייַעמ וואריאנט אפן צווייטן עטאפ—אפ די

בערסאָנער פעלדער. דער אינדיווידואַליזם, פון וועלכן ווײַנערמאַן האָט ניט געקאָנט זיך באַפרײַען, בייס ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, טראָגנדיק אין זיך די פסיכאָ־אידעאָלאָגיע פון זײַן שיכט, האָט באַקומען נײַע אימפּולסן:

...„קעגן אופשטראַל פון באגינ,
קעגן אָנשוועבן פון נאַכט
די הענט מײַנע כ׳צעפיר;
די אויגן אומרויִק איך פאַרמאַך
און שפיר און טראַכט:
ווי שווער דער לעבן־מוז איז דאָ,
ווי שווער דער מוז פון לעבן איז,
ווען יעדער טראַקט איז העק און מיסט,
און יעדער מענטש איז דאָ א פליג — א ריז"...

קלעטערנדיק איבער די „פעלדזן פון מײַן צײַט", האָט ווײַנערמאַן גענומען גויווער זײַן האָפּשטיינען; באַהעפטנדיק זיך פויעריש צום „פעטן רויערד", האָט ווײַנערמאַן זיך דערנעענטערט צו אים פון אַן אַנדער זײַט. איז פונדאַנען די קאַליזיע פון „אינהאַלט און פאָרם" אין זײַנע האָפּשטיינישע פערזן. ווען ווײַנערמאַן שרײַבט, ווענדנדיק זיך אַזוי האַר־ציק צום שטעטל:

„כ׳ווייס פון קינדרווײַז נאָך דײַן אומעט
איוועט־ווייי אפּ ברעג פון אויסגעהאַקטע האָנעס"—

איז עס בילדעריש, איז עס אייגנס. אָבער ווען ער זעצט פאָר, ווענדנדיק זיך צום זעלביקן שטעטעלע:

„כ׳האָב פון קינדרווײַז אײַנגעזאַפּט אין זיך
דאָס אייביק האַסטיקע,
דאָס אייביק מונטערע
פון דײַנע מוטנע שטראָמען"—

זעט ער אויס קאָמיש. דער קאָנטראַסט צווישן דער אינטעלעקטועלער פאַטעטיק פון „הויכן סטיל": „אייביק האַסטיקע, אייביק מונטערע" א. ד. גל. מיט דער אומעטיקײַט פון „שטעטל־שטעטעלע־... איז עס עפּיגאָנערײַ, דערבײַ מיט א צווייענדיקער געפאַר: אי פאַר דער ליטעראַטור, אי פאַרן יונגן דיכטער — אָנשטאָט ווײַטער צו אַנטוויקלען אַף אַן אַנדער קלאַסן־באַזע האָפּשטיינס גרויסן, דויערנדיקן בײַטראָג אין דער איצטיקער דיכטונג: „דעם הויכן געמיט"...

דערינ איז דער „סיידער האדוירעס״, דער סיידער האקלאסנ אינ דער ליטעראטור־עוואָליוציע — ברענגט ווײַנערמאנ קאָרבאָנעס.

ניט קאפּיטולירנ פאר האָפּשטיינענ דארפ ווײַנער־מאנ אונ אומקערנ זיכ צום פרימיטיוו פונ זײַנע שטייגערישע לידער: דאָס וואָלט געהייסנ גיינ לויט דער ליניע פונ קלענסטנ ווידער־שטאנד פאר א דיכטער, וואָס פארמאָגט זיכערע אָרגאנישע אינטעלעקטועל־סינטעטישע עלעמענטנ — נאָר גוויוועד זײַנ דארפ אימ ווײַנערמאנ, ס׳הייסט אסימילירנ אינ אייגענער אָריגינעלער שאפונג.

דאָס וועט אָבער זײַנ מעגלעכ נאָר בא דער פולער באהעפטונג צו דער פראָלעטארישער וועלטאָנשויונג. דער „קאָמונאר״ אינ ווײַנערמא־נעס דארפ אונ וועט גוויוועד זײַנ דעמ „פויער״.

---

# שעווטשענקאָ־וווּנדער.

אין דער געשיכטע פון דער וועלט־דיכטונג איז טאראס שעווטשענ־קאָ א זעלטענע, א וווּנדערלעכע דערשיינונג. א געוועזענער לייב־קנעכט, א דערנידעריקטסטער צווישן די דערנידעריקטסטע, און — אזא הייך פון ליריק! ווו און ווען האָט נאָך פאסירט אזוינס?!

געוויס: ווי אכזאָריעסדיק, פארניכטנדיק די לייבאייגנטימערס און די פריצים פלעגן ניט דריקן און זויגן דעם פויער, ווי אומראכמאָנעס־דיק זיי פלעגן ניט אָפּרויבן בא אים איטלעכן לעבן־פארגעניגן, דאָך אינגאנצן אָפּווישן בא אים די מענטשלעכע געשטאלט זיינען זיי ניט גע־ווען אימשטאנד. דער שטומער פראָטעסט פלעגט זיך זאמלען דורי־רעסווייז; די מאסן פלעגן אָנהייבן בונטעווען; אָנזאָגערס, פירערס, דיכטער פלעגן אופרייסן דאָס פארשאָלטענע שטילשווייגן. יאָ, די לאנ־גע פיינלעכע געשיכטע ווייסט פיל אזוינע ביישפילן. אָבער א לייב־קנעכט, א נידעריקסטער צווישן נידעריקסטע, זאָל זיך עס אופהייבן אף אזא דיכטערישער הייך.

ווו און ווען איז דאָס געהערט געוואָרן?!

זאָגן, אז דערדאָזיקער קולטור־וווּנדער איז דורכגעגאנגען אומ־באמערקט, קאָן מען, פארשטייט זיך, ניט: וועגן שעווטשענקען איז שוין פאראן א באדייטנדיקע ליטעראטור, און ניט בלויז אין אוקראַיניש, און א באשטימטע ארבעט איז טאקע אפּגעטאָן געוואָרן. אָבער נאציִ־אָנאליזם, קליינבירגערלעכער שאָוויניזם איז דאָ מער, ווי וויסנשאפט.

די מארקסיסטישע ליטעראטור־פאָרשונג מאכט דאָ ערשט די ערשטע טריט: דער מארקסיזם האָט נאָך געגוג וואָס צו טון אפּן דאָזיקן פעלד. אויסצולייזן שעווטשענקען פונעם נאציִאָנאליסטישן „גאָלעס" בא די אָנצאָליקע שאָוויניסטישע „פאָרשערס" איז איינע פון די אקטועלסטע פראָבלעמעס פאר דער רעוואָלוציִאָנערער ליטעראטור־וויסנשאפט.

דיכטונג איז קוידעמקאָל ליריק — הארמאָנישער, ריטמיזירטער געדאנקענ־ אונ געפילנ־אויסדרוק. בא דער אזויגערופענער אָביעקטיווער ליריק, באזונדערס אינ איר עפישער פאָרמ, איז דידאָזיקע דיכטערישע וועלט אפילע פארהוילנ, פארבאָרגנ אונטערנ אָביעקטיוונ, איבערגעדיכטעטנ שטאָפ. אלציינס אָבער איז דעמ דיכטערס טעמפעראמענט אויכ דאָ קענטיק. דאָס אויג, די קאָמפאָזיציע האָבנ דאָ, נאטירלעכ, צו שפילנ א גוואלדיקע ראָליע. ווירקונגפול, אידייִש־איבערצייַגעוודיק וועט אָבער זייַנ בלויז יענע דיכטונג, וואָס וועט זייַנ אינ דער געהעריקער מאָס אָנגעזעטיקט מיטנ דיכטערס עמאָציע.

גייט מענ צו פונעמ דאָזיקנ שטאנדפונקט צומ „קאָבזאר", ווערט גלייַכ קענטיק, אז מע האָט צו טונ מיט א וווּנדערלעכנ אויסדרוק פונ א גוואלדיקער לירישער קראפט! געפילנ פונ מיליאָנענ, פונ צענדליקער מיליאָנענ (אונ ניט נאָר פונ זייַנ געפייַניקט פאָלק!), וואָס זייַנענ געווענ אינ שרעקלעכנ דוירעסדיקנ קלעמ; רירנדיקסטע ליבע צו פרוי אונ קינד, צו מענטש אונ וועלט; טיפסטער דערשיטערנדיקער צאר אונ גרויזאמער צאָרנ, אונ נאָכ, אונ נאָכ — האָבנ זיכ עס מיט אזא גוואלדיקנ אימפעט דורכגעריסנ דורכ די הערלעכע בלעטער פונעמ איינציקנ אינ זייַנ פראט „בוכ"! 90 יאָר איז שוינ פאַריבער, אונ עס וועלנ נאָכ דורכגייִנ פיל יאָרנ, ביז דער וווּנדערלעכער לירישער קוואל וועט נעמענ אָפשוואכנ זייַנ זעלטענע אופווירקונג־קראפט.

צי האָט די שעווטשענקאָ־קענטעניש שוינ באוויזנ כאָטש אינ דער מינדסטער מאָס אופצודעקנ די הינטערפלאסטנ פונ אָט דעמ לירישנ ווולקאנ? צי האָט די מאָדערנע דיכטונג אונ ניט בלויז די אוקראאינישע (שעווטשענקאָ געהערט דאָכ דערגאנצער מענטשהייַט)! אויסגענוצט — אינעמ געהעריקנ זינענ, נאטירלעכ — קאָבזארס שעפערישע מעטאָדנ? מיר באהויפטנ, אז ניינ! איז עס שוינ אליינ (דער שאפונג־ארסענאל), אויסער די אנדערע ניט ווייניקער וואָגיקע אומשטאנדנ, א גענוגנדיקער באווייַז דערפאר, אז עס איז נאָכ פריצייַטיק אָפצוגעבנ דעמ קאָבזאר דער געשיכטע.

א געוויסער „ארגומענט" פאר דער „געשיכטלעכקייַט" פונעמ „קאָבזאר" איז — אגעוו, די פאָרמענ־פרימיטיווקייַט" זייַנע, די פאָלקסטימלעכקייַט" זייַנע. איז ערשטנס, נאָכ א גרויסע פראגע, צי אלע פאָרמענ אונ מיטלענ פונעמ פאָלקשאפנ — די רייד איז נאטירלעכ פונ די קונסטמעסיקע — זייַנענ שוינ אויסגענוצט געוואָרנ דורכ

דער מאָדערנער דיכטונג. אונדז דוכט, אז עס איז נאָך דאָ וואָס צו שעפּן אינעם טיפן און לויטערן ברונעם פונעם פאָלקשאפן.

צי האָט די ליטעראטור־קענטעניש געפּרווט פעסטשטעלן, אין וואָס פאר א מאָס די מאָדערנע דיכטונג נוצט אויס דאָס פאָלקשאפן, און דערי־קער — וויאזוי מע קאָן עס טון?

און צווייטנס: פונוואנעט איז געדרונגען די פאָרמען־פרימיטיווקייט פונעם „קאָבזאר"? פון זיין פאָלקסטימלעכקייט?

ס'איז אָבער גענוג אויבנאויפיק דורכצובלעטערן דאָס בוך, כדי זיך גלייך צו איבערצייגן אין דעם איינפאכן אמראצעס פון דערדאָ־זיקער „פרימיטיוויסטישער" אָפּשאצונג. אזוי ווי ניט דערין איז דער שווערפּונקט פון אונדזער ארטיקל, קאָנען מיר זיך דאָ גענוי ניט אָפּ־שטעלן דערויף. מיר וועלן ברענגען בלויז איין ביישפּיל.

ווי ס'איז באוווּסט, איז איינס פון די איצט פארשפּרייטסטע גראמ־מיטלען דער אזויגערופענער אסאָנאנס. די מיילע זיינע איז דערין, וואָס ער איז בייגעוודיקער פארן באגרענעצטן גראם. ס'איז געווען אפילע א צייט, ווען די פוטוריסטן האָבן זיך געהאלטן פאר די דערפינדערס און מאָנאָפּאָליסטן פונעם אסאָנאנס. סאָפּקאָלסאָפּ אָבער איז עס א מיס־פארשטייעניש, וואָס שטאמט אָדער פון אומוויסן, אָדער פון אומריינעם געוויסן; דער אסאָנאנס, אליטעראציע אוכדוימע מיטלען זיינען שוין דאָך לאנג באקאנט דער פאָלקסליד. דער דיכטער פונעם „קאָבזאר" האָט עס אלץ איינגעזאפּט אין זיך (אין דעם פּראט האָבן מיר ווירקלעך צו טון מיטן העכסטן סינטעז פון דער דוירעסדי־קער קאָבזאר־קונסט) און דערפירט ביז דער העכסטער פולקום־קייט. ס'מאכט אפילע דעם איינדרוק, אז דער אסאָנאנס איז געווען איינס פון די גרונט־מיטלען בא שעווטשענקען. אזעלכע שורעס, ווי:

„Удар громом по над домом,
по над домом, де мрем ми"

אוכדוימע, וואָס בא אייניקע „מייסטערס" וואָלט ער געשטאמט פון „וואָרט־מעלאָכע" און „וואָרט־באארבעטונג", זיינען אין „קאָבזאר", א וואָ־כעדיקער גאנג. נאָך מער כידעש: אפילע דער „זאפּאָוויט", וואָס איז גע־שריבן פאר מיליאָנען, איז פול מיט אסאָנאנסן".

עמעס, שעווטשענקעס גרויסע פּאָעמעס, באזונדערס די היסטאָרישע און טיילווייז די שטייגערישע, (די ביידע זשאנרען זיינען דאָסראָוו איבערגעפלאָכטן בא אים), זיינען קאָמפּאָזיציאָנעל שוואך: די גע־

שטאלטן־וועלט איז דאָ איבערגעפלאָכטן מיט א מענגע לירישע אָנוויגן. אָבער די קלענערע געדיכטן זײַנען זעלטן הארמאָניש, שפּאָרעוודיק און זייער אָפט גאנץ קאָמפּליצירט פאָרמעל. די לעגענדע וועגן דער פאָרם־פּרימיטיוויטעט פונעם „קאָבזאר" דארף מען איינ־מאָל איבער אלעמאָל ליקווידירן. דערפון, וואָס שעווטשענקאָ האָט נאָך ניט געוווּסט דעם קונץ, ווי מע פאררוואנדלט א געוויינלעכע שורע אין א לייטער, איז נאָך גארניט געדרונגען, עפשער פונקט דער הייפעך... קורץ: סײַ ליריש, סײַ פאָרמעל איז שעווטשענקעס דיכטונג נאָך ניט קיין ארכיוו־ווערק.

נאָר גאָר א באזונדערן אינטערעס און באדײַט האָט שעווטשענקעס שאפן פאר אונדזער הײַנטיקער דיכטונג אָט פון וואָס פאר א שטאנדפּונקט:

די מײַסע איז, וואָס דער שווערפּונקט פון דערדאָזיקער דיכ־טונג שטעקט, לויט אונדזער מיינונג, אין דער סאָציאלער ליריק. די אופגאבעס, וואָס שטייען פאר אונדזער ליטעראטור, וועלכע קאָן עק־זיסטירן בלויז אלס אן אָרגאנישער טייל פונעם גאנצן סאָציאליסטישן רעקאָנסטרוקציע־פּראָצעס, זײַנען קאָ־לאָסאל. דער לעבן־שטאָף .שטײַגט מי־יעדייע ווי אריבער די סוביעקטיווע דערפארונג פון איטלעכן דיכטער. אפ קינסטלעריש אויס־דריקן און איבערקײַען אינדיווידואליסטישע שטימונגען און מאָטיוון קאָן זיך הײַנטיקע דיכטונג ניט האלטן, זי מוז זײַן סאָציאל אין ברייטן זין פון וואָרט. די גרינגשאצונג און ביטל־באציִונג צו סאָציאלער דיכ־טונג בא באשטימטע עלעמענטן — איז דאָך, סאָפּקאָלסאָפּ, אויכעט א באשטימטער סאָציאלער צוגאנג...

סאָציאלע ליריק אָבער, וואָס אייניקע דוכט זיך, אז ס'איז אָפּט דער וועג פון קלענסטן ווידערשטאנד, איז דאפקע זייער א קאָמפּליצירטער איניען. דער אָביעקטיווער שטאָף און די אידעאָלאָגישע באלײַכטונג דראָען אָפט, בא זאָרגלאָזיקן צוגאנג, אופ־צועסן די בילדערישע פארקערפּערונג... און דאָס איז אָנ־געמאָסטן אפילע פאר יענע דיכטער, בא וועלכע די קונסט־מעגלעכקײַטן זײַנען פונקט אזוי אָרגאניש, ווי זייער רעוואָליוציאָנערע פסיכאָ־אי־דעאָלאָגיע. בא יענע קינסטלער, בא וועלכע די רעוואָליוציאָנערע אי־דעאָלאָגיע איז אין בעסטן פאל נאָך ניט פארפעסטיקט, באקומט זיך א דיסהארמאָניע פון אן אנדער שניט: די אידעאָלאָגיש ניט אויסגעהאלטענע, יעדנפאלס די נייטראלע ערטער

זײַנען קינסטלעריש פּולבּלוטיק, די אידעאָלאָגיש פּאַ־סיקע — סכעמאַטיש...

יאָ: דער מין סאָציִאַלע לירִיק, וואָס מיר — דער קעמפנדיקער און בויענדיקער אַרבעטער־קלאַס — באַדאַרפן האָבן, איז אַ שטאַרק, שטאַרק קאָמפּליצירטער זשאַנר. און גראָד פון אָט דעם שטאַנדפּונקט איז זייער אינטערעסאַנט און פיל באַלערעוודיק דער אָפּשטאַם פון דעם „קאָבזאַרס" עכטער סאָציִאַלער לירִיק.

## דער סאָד פון שעווטשענקאָס אָרגאַנישער סאָציִאַלער לירִיק.

שעווטשענקאָס סאָציִאַלער ייִכעס איז דער אויסגעפּייַניקטער, גע־דריקטער לײַבּייגענער פּויער. ס'איז אין דער גאַנצער פילהונדערט־יאָריקער קונסט־געשיכטע זעלטן צו טרעפן אַזאַ דיכ־טער, וואָס זײַן פּערזענלעכער גורל זאָל זײַן אַזוי צו־נויפגעפּאַלן מיטן גורל פון זײַן שיכט. נעמט די גרונטצייכנס פון שעווטשענקאָס פּײַנפולער לעבנסגעשיכטע.

די היים אַן אָרעמע, אַ הונגערנדיקע, אַ דערשלאָגענע. פּאָטער און מוטער גייען אויס פון די קויכעס אַף פּאַנשטשינע, קעדיי ווי ס'ליט איז דורכצוקאָרמענען זיך און די 5 קינדערשע מײַלער. ווען דעם קליי־נעם טאַראַסיקס מוטער שטאַרבט, ברענגט אַרײַן דער פּאָטער אין שטוב אַ שטיפמוטער מיט נײַע דרײַ קינדער; שטאַרבט אין אַ פּאָר יאָר אַרום דער פּאָטער, נעמט די שטיפמוטער דערגיין דעם קליינעם „אַקשן" די יאָרן, טוענדיק אים צום טויט. גייט אוועק טאַראַס פּאַשען פּרעמד פי. און ווען צו ווינטער־צו לאָזט זיך אויס דידאַזיקע באַשעפטיקונג, הייבט ער אָן וואַנדערן איבער דערפער צו זוכן אַרבעט. די שיקערע, מע־נוּוולדיקע דיאַקעס, איקאָנעשמירערס, בּאַ וועלכע ער האַלט זיך אויף, באַגייען זיך מיט אים אַכזאָריעסדיק. איינמאָל איז עס אַזוי דערגאַנגען צום האַרצן, אַז דאָס ייִנגל האָט געוואַגט אויסצושמײַסן דעם שלאָפנדיקן רעצייעך!

ווען ער פאַלט אַרײַן צו ענגעלגאַרדן אין הויף, איז זײַן לאַגע קלוימערשט „בעסער" — ער איז אַ „קאָזעקל" און באַדינט דעם פּאָרעץ. אָבער ווען דערדאָזיקער „איידלמאַן" פּאַקט אים איינמאָל באַם מאָלן (טאַראַס האָט פון קליינוויײַז געפילט אַ נייגונג צו מאָלערײַ), באַפּילט ער אים אויסצושמײַסן אין שטאַל... אָט פונקט אַזויווי מע פּלעגט עס טון אין דעם דאָרף קירילאָווקע, ווו טאַראַס איז געבוירן געוואָרן.

אין פעטערבורג אנטפלעקט זיך בא טאראסן מיט א גרויסן אימפעט א היפשער מאַלערישער טאַלאַנט. דער רוסישער דיכטער זשוקאָווסקי איז אנטציקט; דער אקאדעמיקער בריולאָוו איז זיך מישטאדל, מע זאָל דאָס אויסערגעוויינלעכע באגאבטע פויערישע באָכערל ארײַנעמען אין אקאדעמיע. דערצו אָבער דארף ער זײַן א פרײַער און ניט קיין לײַב־ייגענער. נאָר דער נידערטרעכטיקער פּאָרעץ, וואָס האָט געדארפט ווי א לאָך אין קאָפּ האָבן דאָס אויסקויפ־געלט, פּאָדערט פונדעסטוועגן ניט מער און ניט ווייניקער ווי 2500 ר.! טאראס איז דערצאָרנט ביזן העכסטן גראד, ער איז אפילע גרייט אומצוברענגען זײַן מערדער, וואָס וויל דערשטיקן אין אים „גאָטס מאטאָנע”. בלויז א צופאל האָט געראַטעוועט די לאגע.

און אז טאראס איז שוין בארימט געוואָרן דורכן „קאָבזאר” (1840), האָט זיך אָנגעהויבן א סעדרע פארפאָלגונגען, ביז מע פאקט אים ניט אין דער געהיימער קיריל־מעפאָדי-כעוורע (1845) און מע פארשיקט אים צו אלדע שווארצע יאָר אין די אָרענבורגער סטעפּעס. די פּענ און פּענדזל נעמט מען בא אים אָפּ: געברענטע לײדן!

מיר האָבן, נאטירלעך, געבראכט בלויז די גרונט־פאקטן, אָבער זיי ווײַזן שוין אין דער גענוגנדיקער מאָס, מיט וואָס פאר א מין ביאָגראַפיע מיר האָבן עס צו טון. זיי ווײַזן, אז דער לעבנס־גורל פון דעם גרויסן דיכטער איז געווען דער העמשעך פון דער פּײַנפולער לעבנס־געשיכטע פון זײַן סאָציאַלן שיכט — פון די אָרעמע, הונגעריקע, אויסגעמוטשעטע, דערנידעריקטע, געשענדעטע לײַבייגענעם פויערטום. דיכטנדיק וועגן זיך, האָט שעווטשענקאָ איינצײַטיק געדיכטעט אויך וועגן זײַן שיכט, און פארקערט: דיכטנדיק וועגן זײַן שיכט, האָט ער געדיכטעט אויך וועגן זיך. דאָס פּערזענלעכע איז געווען געזעלשאפטלעך, דאָס געזעלשאפטלעכע — פּערזענלעך. די סוביעקטיווע לירִיק איז געווען א סאָציאַלע; די סאָציאַלע — א סוביעקטיווע. די אידעאָלאָגיע איז אָרגאניש ארויסגעוואקסן פון דער לירִיק; די לירִיק האָט ניט געקאָנט ניט לויכטן אידעאָלאָגיש. שעווטשענקעס שיכט האָט צו פארדאנקען דעם געניאַלן מעכאבער פון „קאָבזאר”, וואָס ער האָט אויסגעדריקט (און אזוי אדעקוואט, אזוי פּינקטלעך, מיט

אלע פּישטשעוקעס און זאבאָבאָנעס) איר לעבנ־גוירל, „צאר און צאָרנ"; שעווטשענקאָ האָט צו פארדאנקענ זײַנ־שיכט פאר זײַנע זאפּטנ. אינ דער געשיכטע פונ די אונטערגעדריקטע קלאסנ איז טאראס דערווײַל אנ אײנצלנע דערשײַנונג!

———

א באזונדערע באשטעטיקונג פאר דער אָרגאנישקײַט פונ שעווטשענקעס סאָציאַלער לירִיק גיט אונדז זײַנ שאפנ פאר די לעצטע צענ פאר־שיקונג־יאָרנ. ווי עס איז באוווּסט, האָט אימ דערדאָזיקער געגנעמ ניט אײַנגעבראָכנ, נאָר נאָכ מער פארהארטעוועט: זײַנ רעוואָליוציאָנערע אידעאָלאָגיע ווערט נאָכ פעסטער אונ געלײַטערטער. ער שרײַבט לידער קעגנ קײסער, קעגנ פריצימ, קעגנ גאָט, אינ וועלכע דער צאָרנ דערגײט ביז צומ העכסטנ גראד. מע קאָנ זײ רוִיק ניט לײענענ: ס'בריט זײער דעמ קאָפּ... ס'דוכט זיכ, אז זײ זײַנענ בלויז פּאָליטישער אינהאלט, פּובליציסטיק, פּאמפלעט. דאָס דוכט זיכ אָבער בלויז. אינ־דערעמעסנ האָבנ מיר צו טונ מיט זעלטענע רעוואָליוציאָנערע געזאנגענ. דאָס האָט זיכ דער העכסטער צאָרנ אלײנ צעזונגענ, דאָס זינגט אזוי דאָס מוירדימ־בלוט! יאָ: שעווטשענקעס לידער פונעמ לעצטנ פּעריאָד, ווו די „פּאָליטישע" מאָטיוונ וועגנ אריבער די „סוביעקטיווע", זײַנענ אפּ דערזעלביקער קינסטלערישער הײכ, וואָס די פּאָריקע אונ מיט וואָס איז עס צו דערקלערנ?

ווידער טאקע מיטנ אויבנאָנגעוויזענעמ אומשטאנד: שעווטשענקעס ביאָגראפיע — דאָס איז די ביאָגראפיע פונ זײַנ שיכט.

אונדזער הײַנטיקע דיכטונג (די דיכטונג פונעמ גרעסטנ „שטורעמ אונ דראנג"־פּעריאָד אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט!) האָט וואָס צו נעמענ באמ וווּנדערלעכנ „קאָבזאר"־זינגער!

1929

# אינהאלט

ЦІНА 5 КРБ.

Палітурка 1 крб.

С. ЖУКОВСЬКИИ

# СПРОБИ




УКРДЕРЖНАЦМЕНВИДАВ